# אינהאַלט

זײַט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראטור און קונסט

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

4

אַפּרעל

1965

# דרײַ דערציילונגען וועגן לענינען

אנאטאָלי ווערביצקי

## א בערן-פּעל



ער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אויסגעצייכנט: מע האָט אָנגעקלונגען פון גאָרקי און געגעבן צו וויסן, אז ארום האלבן טאָג וועט קומען וולאדימיר איליטש. דאָס איז געווען אזא פריידיקע נײַס, אזא אומגעריכטע יעדיִע, אז אלע מיטארבעטער פון ראטפּאָלקאָם[1] האָבן שוין פון גאנצפרי קיין רו ניט געהאט. יעדער ווײַלע איז עמעצער אָן אנדערער צוגעלאָפן צום פענצטער און ארויסגעקוקט אין הויף פונעם קרעמל. ענדלעך וועט מען ווידער הערן איליטשס הויכע און קלינגעוודיקע שטים, זײַן פריילעך געלעכטער, זײַנע שנעלע, לײַכטע טריט.

ס'איז געווען א פּראָסטיקער פרימאָרגן, אזא מעכײַעדיקער און זוניקער, אז עס האָט זיך געדאכט, די נאטור אליין איז צופרידן, וואָס וולאדימיר איליטש איז געזונט געוואָרן.

די לעצטע דרײַ טעג האָט איבער מאָסקווע געהוליעט א זאווערוכע, אָנגעטראָגן הורבעס שניי אין די גאסן און געסלעך. באנאכט איז דער ווינט שטיל געבליבן, דער שניי האָט אופגע־הערט צו שיטן, און אינדערפרי האָבן די גאסן און פּלעצער יאָמטעוודיק שעמערירט אונטער די שטראַלן פון דער זון.

צוועלף אזייגער מיט עטלעכע מינוט האָט זיך אין קאָרידאָר פון ראטפּאָלקאָם באוויזן וולאדי־מיר איליטש אין דער באגלייטונג פון נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא און עטלעכע נאָענטע כאַווי־רים. ס'האָט פון זיי געשמעקט מיט פראָסט. זיי זײַנען געווען אופגערוימט און פריילעך. לענין האָט געדריקט די הענט די אנטקעגנקומענדיקע און קורץ געפרעגט:

— וואָס הערט זיך בא אײַך? ווי פילט איר זיך?

ער איז ארײַנגעגאנגען אין זײַן קאבינעט, זיך אָפּגעשטעלט, מיט האנאָע זיך ארומגעקוקט. אין זײַנע קארע עטוואָס צוגעזשמורעטע אויגן האָט געלויכטן פרייד: ווי אָנגענעם עס איז ווידער צו זען די פּאָליצעס ביכער, דעם גוט באקאנטן שרײַבטיש מיטן שטיי־לאָמפּ!

פּלוצעם האָט זיך לענין אָנגעכמורעט, די אויגן זײַנען ווי אויסגעלאָשן געוואָרן. ער האָט דערזען אף דער פּאָדלאָגע, לעבן זײַן פּאָטערשטול, א שניי־ווײַסע בערן־פּעל. די טויטע מאָרדע האָט בייז און כיטרע געשטשירעט אנטקעגן אים די שפּיציקע ציין.

— וואָס איז דאָס פאר א מיִעסע בריִע? צו וואָס איז דאָ די פּעל, קאָן איך ניט פארשטיין.

— פון היימלעכקײַט וועגן, וולאדימיר איליטש, — האָט געענטפערט עמעצער פון די באַ־גלייטער.

איליטש, אָט ווי ער איז געשטאנען — אין מאנטל, מיט דעם היטל אין דער האנט, — איז ער צוגעגאנגען צו דעם כאווער, וועלכער האָט אים דערקלערט, ווי קומט אהער די פּעל, און האָט מיט פאָרוווּרף אים ארײַנגעקוקט אין די אויגן:

— אומזיסט, אומזיסט, ליבער פרײַנט, האָט איר זיך מאטריִעך געווען. נו, זאָגט אליין, צו וואָס באדארף איך אָט דעם לוקסוס? שוין זשע גלייבט איר טאקע, אז איך וועל זיך פילן בעסער מיט דעם דאָזיקן פּרעכטיקן פּעלץ?

— איר פארשטייט, וולאדימיר איליטש...

— איך וויל אפילע ניט הערן! אין לאנד איז הונגער, כורבן, ניטאָ קיין הייצווארג פאר די שפּיטאָלן, אונדזערע מענטשן מוטשען זיך אף די פראָנטן, און איר לייגט מיר פאָר זיך קוויקן מיט טעפּיכער און בערן־פּעלן! נעמט עס, זײַט אזוי גוט, צו, דאָס דאָזיקע...

[1] ראט פון פאָלקס־קאָמיסארן.

— גוט, וולאַדימיר איליטש...

— נו, רעכט. אָפּגערעדט. און נאָך... אפֿן וועג אַהער האָב איך אַרײַנגעקוקט אין עטלעכע צימערן און כ׳האָב דערזען אַ זאַך, וואָס פֿאַרשאַפֿט מיר אַ סאַך האַרצווייטיק. אַף די ווענט הענגען מײַנע פּאָרטרעטן... ווער האָט זיך דערטראַכט דערצו? ווער דאַרף עס און צוליב וואָס?

— די מיטאַרבעטער אַליין, לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו, האָבן עס געטאָן, וולאַדימיר איליטש. זיי ווילן אײַך זען לעבן מאַרקסן און ענגעלסן...

לענין האָט עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום אַקסל, פֿאַרזשמורעט דאָס רעכטע אויג און כיטרע אַ שמייכל געטאָן:

— און איר וואָלט אַ פֿרעג געטאָן בײַ די מיטאַרבעטער, צי האָב איך רעכט, צי האָב איך פֿאַרדינט דעם קאָוועד צו זײַן לעבן מאַרקסן און ענגעלסן? פֿאַר וועלכע מײַסים־טויווים?

דער מיטאַרבעטער פֿון ראַטפּאַלקאָם האָט פֿאַרשעמט אַ שמייכל געטאָן, שטילערהייט אַ זיפֿץ געטאָן און, קוים צו הערן, געזאָגט:

— גוט, וולאַדימיר איליטש, די פּאָרטרעטן וועלן אַראָפּגענומען ווערן...

— כ׳בעט אײַך זייער, און טאַקע הײַנט.

שפּעטער, ווען הינטער די פֿענצטער איז שוין געהאַנגען דער טיפֿער בלוי פֿונעם ווינטער־דיקן אָוונט און אין די קאָרידאָרן פֿונעם ראַטפּאַלקאָם איז געוואָרן שאַ־שטיל, איז צו לענינען אין קאַבינעט אַרײַנגעקומען זײַן אַלטער גוטער פֿרײַנט קרזשיזשאַנאָווסקי. וולאַדימיר איליטש, וועלכער איז געזעסן אָנגעבויגן איבערן בלאָקנאָט און האָט עפּעס שנעל געשריבן, האָט אופֿגע־הויבן דעם קאָפּ און האַרציק אַ שמייכל געטאָן:

— אַ גוטן־אָוונט, גלעב, אַ גוטן־אָוונט.

— אַ גוטן־אָוונט, וולאַדימיר איליטש, איך בין פּאָשעט גליקלעך, וואָס איך טרעף אײַך בײַ דער אַרבעט. איר זעט אויס אויסגעצייכנט, ערן־וואָרט, מאַמעש אויסגעצייכנט.

— און איך פֿיל זיך גוט. איצט דאַרף מען נאָר וואָס מער קויכעס. ס׳איז דאָך פֿאַראַן אַ יאָם מיט אַרבעט. — און ער האָט שטיל צוגעגעבן: — איך האָב געשווירן די דאָקטוירים, אַז איך וועל זען זיך ניט איבעראַרבעטן און אָפּרוען יעדע צוויי שאָ, נאָר גלײַך דעם ערשטן טאָג ניט גע־האַלטן וואָרט: שוין פֿיר שאָ, ווי איך זיץ באַם טיש. איר וועט מיך ניט פֿאַרמאָסערן?

— דאָס מאָל ניט. נאָר אויב איר וועט אויך ווײַטער ניט פֿאָלגן די דאָקטוירים, איז האָט קיין פֿאַריבל ניט, כ׳וועל אומבאַדינגט דערציילן.

גלעב קרזשיזשאַנאָווסקי, דער דעמלטיקער פֿאָרזיצער פֿונעם מעלוכע־פּלאַן, האָט זיך צו־געזעצט נעענטער צו לענינען. און עס איז אוועק אַ גרויסער און ערנסטער געשפּרעך וועגן דער נײַער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, וועגן עלעקטריפֿיקאַציע, וועגן די ניצכוינעס און די דורכפֿאַלן אַף די פֿראָנטן; וועגן וואָס האָבן זיי דען ניט געשמועסט אין די שטילע אָוונט־שאָען!

פּלוצעם האָט גלעב מאַקסימיליאַנאָוויטש איבערגעריסן דעם געשפּרעך אין סאַמע מיטן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, און האָט אויסגערופֿן:

— עמעצער האָט אײַך הײַנט אָפּגעטאָן אַף טערקיש, וולאַדימיר איליטש!

— וואָסי דען?

— מע האָט אַראָפּגעריסן פֿון די ווענט אַלע אײַערע פּאָרטרעטן. אפֿילע בײַ מיר אין קאַבי־נעט. געווען אַ פּאָרטרעט און אינמיטנדרינען ניט געוואָרן. איך פֿרעג: ווהין איז נעלעם געוואָרן לענין? ענטפֿערט מען מיר: פֿאַראַן אַ באַפֿעל אַראָפּנעמען! ס׳איז אײַערער אַ באַפֿעל, וולאַדימיר איליטש?

איליטש האָט ניט געענטפֿערט. ער האָט נאָר אָנגעלענט דעם קאָפּ אינעם ווענטל פֿון פּאָטעל און אויסגעזעשאָסן אַ געלעכטער. קרזשיזשאַנאָווסקי האָט געלאַכט אײַנינעם מיט אים. מיטאַמאָל איז וולאַדימיר איליטשס פּאָנעם געוואָרן ערנסט, און אין די אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ בייז פֿײַערל. ער האָט שטיל, אָבער פֿעסט געזאָגט:

— איך האָב באַמערקט, אַז מע הייבט מיך אין די הימלען. דאָס איז פֿאַרדריסלעך און שעד־לעך אויך. איך בעט אײַך זייער, גלעב, אום גאָטעס ווילן, מאַכט אַ סאָף צו דער דאָזיקער גאַנ־צער געשיכטע. טוט עס מיט סייכל. מיר אַליין איז ניט באַקוועם צו פֿאַרווערן אַזעלכע דערשײַ־נונגען. מיט די פּאָרטרעטן איז נאָך אַהין־אַהער, כ׳האָב זיך אַרײַנגעמישט, ווי איר זעט. אָבער מיט דעם דאָזיקן לעפּישן און שעדלעכן קולט וועל איך זיך אַליין קיין אייצע ניט געבן. מישט זיך אומבאַדינגט אַרײַן.

— גוט, וולאַדימיר איליטש.

זיי האָבן אַ קוק געטאָן איינער אפֿן אַנדערן, און אין זייערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, ווי בײַ מענטשן, וואָס פֿאַרשטייען זיך אויסגעצייכנט.

אין א שאָ ארום איז וולאַדימיר איליטש צוזאַמען מיט קרזשיזשאַנאָווסקין אוועק אהיים. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונא האָט זיי גלייַך פארבעטן צום טיש.

— א גלעזל הייסע טיי וועל איך אויסטרינקען מיט פארגעניגן, — האָט געזאָגט איליטש, — און איר, גלעב מאַקסימיליאַנאָוויטש? א ביסל פאַרפרוירן געוואָרן, האַ?

— א שיינעם דאַנק, אוודאי וועל איך טרינקען. בא אייַך אין קאַבינעט ברענט ניט די היץ, מע קאָן דאָרט טאַקע דערפרוירן ווערן.

באַם טיש האָט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונא געזאָגט:

— ווייסט, וואָלאָדיע, עס האָט ווידעראַמאָל געקלונגען דער סקולפּטאָר, יענער, פון דער אַקאַדעמיע. שטאַרק געבעטן דיך אייַנריידן, זאָלסט אים פּאָזירן. איז עפּשער ווּעסטו זיך פונדעסטוועגן לאָזן אייַנריידן?

לענין און קרזשיזשאַנאָווסקי האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך צעלאַכט.

— כ'בעט דיך, נאַדיע, פּרוּוו אים איבערצייַגן, אַז מע דאַרף מיך ניט שניצן און קריצן. איך בין ניט קיין פעלדמאַרשאַל און ניט קיין העלד. זאָל ער בעסער מאַכן א סקולפּטור פון דעם בעסטן שטאָלגיסער אָף גוזשאָנס זאַוואָד. מאַקסים גאָרקי איז איצט אין מאָסקווע. אָט ווּעמען מע וואָלט געדאַרפט קלעפּן.

געענדיקט טרינקען טיי, האָט זיך וולאַדימיר איליטש אופגעהויבן, זיך אנטשולדיקט און איז אוועק אין זייַן קליינינקן קאַבינעטל. „א שאָ אָן אַרבעט טאָן" — האָט עס בא אים געהייסן, און אָפּזיצן פלעגט ער באַוו שרייַבטיש ניט זעלטן ביז קאַיאָר.

# דער גורל פון אונדזער טעאַטער



ין אָט דעם פּראַסטיקן און ווינטיקן אָוונט זייַנען די מאָסקווער גאַסן געווען ווי אויסגעקערט. די זעלטענע פאַרבייַגייער האָבן געמוזט דורכלייגן זיך א וועג אין הויכע סקריפּעדיקע הורבעס שניי. קאַלט, שטאַרק קאַלט איז געווען אין די פעוורעל־טעג פון 1919! די גאַסן זייַנען געווען שוואַך באַלויכטן, די קלייטן זייַנען געווען פאַרמאַכט, די הונגעריקע מענטשן האָבן געייַלט אהיים אין די ניט־געהייצטע, דורכגעפראָרענע דירעס.

און דער גרויסער טעאַטער איז געווען אָפן, יעדן אָוונט איז דאָ געגאַנגען א ספּעקטאַקל! כידושים, און גאָר... אין לאַנד הערשט קעלט און הונגער, דער בירגערקריג איז אין פולן ברען, א לעפל הייסן זופּ און א פענעצל גרוי, ווי שטיין, ברויט איז א יאָמטעוו — און דער גרויסער טעאַטער איז אָפן, אקוראַט ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען. אין פראַכטפולן פּאַרטער זיצט אָן אוילעם אין שינעלן און וואַטיקעס, רייַכערט, קייַט סוכאַרעס און קוקט פאַרגאַפט אָף דער בינע, ווו עס טאַנצן אָף די שפּיץ פינגער באַלערינעס, לייַכטע ווי א כאַלעם, הערט, ווי עס זינגען באַסן, טענאָרן און גלעקלדיקע סאָפּראַנעס.

דעם אָוונט איז געגאַנגען דער באַלעט „די שלאָפנדיקע פּרינצעסן". דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט. איבערן פּאַרטער איז געשוועבט א בלויער־גרויער וואָלקן, עפּשער איז עס געווען דער רויך פון סאָלדאַטסקע מאַכאָרקע, און עפּשער דער וואַרעמער מענטשלעכער אָטעם אין דער קאַלטער לופט פון קימאַט ניט געהייצטן זאַל. די הונדערט מוזיקאַנטן פון אָרקעסטער זייַנען געזעסן אין מאַנטלען, די בילעטיאָרן האָבן געאַרבעט אין הענטשקעס. דער ספּעקטאַקל איז אָבער געגאַנגען, און דער אוילעם האָט פון גאַנצן האַרצן געפּאַטשט בראַוואָ.

אין אַנטראַקט צווישן דעם ערשטן און צווייטן אַקט איז צום טעלעפאָן, וועלכער איז געהאַנגען אין קאָרידאָר, הינטער די קוליסן, צוגעגאַנגען א באַלערינע אין גרים און אין דער טראַדיציאָנעלער „פּאַטשקע"[1]. זי האָט שווער געאָטעמט און איז, קענטיק, געווען שטאַרק באַאומרויִקט.

— זיבן און צוואַנציק — פּופּצן, ביטע... דאָס איז די דירע פון נעזשדאַנאָווען? איך בעט צורופן אַנטאָנינאַ וואַסיליעווּנאַ. דאָס זייַט איר, אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ? א גוטן־אָוונט, טייַערע. דאָס רעדט יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ. קומט וואָס גיכער אין טעאַטער, איך בעט אייַך זייער. ס'איז וויכטיק. אויסערגעוויינלעך וויכטיק. און שאַליאַפּינען נעמט מיט. כ'וואָלט אַליין אָנגעקלונגען צו פיאָדאָר איוואַנאָוויטשן, נאָר כ'האָב מוירע, כ'וועל ניט באַוויַזן.

צום סאָף פון ספּעקטאַקל זייַנען הינטער די קוליסן געקומען נעזשדאַנאָוואַ און שאַליאַפּין. זיי האָבן זיך גלייַך אוועקגעלאָזט אין צימער פון דער באַוווסטער באַלערינע.

[1] דער פרויען־קאָסטיום אין קלאַסישן באַלעט.

— וואָס איז געשען, יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ? — האָט מיט אַ גנייוווישן שמייכל אין די אויגן אַ פרעג געטאָן שאַליאַפּין. — מע האָט אײַך, קענטיק, צו וויסן געגעבן, אַז באַנדיטן קלײַבן זיך אופרײַסן דעם גרויסן טעאַטער?

— שפּאַסט ניט, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, — האָט געענטפערט די באַלערינע און מיט דער האַנט באַוויזן די געסט, זיי זאָלן זיך זעצן. — דער איניען איז פּיל ערנסטער, ווי איר מיינט. מיט צוויי שאָ צוריק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונדזער טעאַטער האַלט מען באַם פאַרמאַכן.

— וואָס? — איז נעזשדאַנאָווא בלאַס געוואָרן. — וואָס הייסט פאַרמאַכן? פאַרוואָס?

— כ'ווייס ניט, כ'וויס ניט... — יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ האָט אַ זיפץ געטאָן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אַף שאַליאַפּינס שיין און ענערגיש פּאָנעם האָט זיך ווי אַ וואָלקן אויסגעלייגט. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף דער צערודערטער נעזשדאַנאָווא און אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— וואָס איז דער כידעש? וועמ דאַרף איצט דעם גרויסן טעאַטער מיט זײַן קלאַסישן רעפּערטואַר?

— וואָס רעדט איר, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש! — האָט קימאַט אויסגעשריגן נעזשדאַנאָווא. — איר מעגט זיך שעמען. דער טעאַטער איז יעדן אָוונט געפּאַקט. הייסט עס, מע האָט אים ליב, מע דאַרף אים. ניין, דאָס איז שווידערלעך!

— וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? — האָט אויסגעפּליסטערט די באַלערינע און האָט אומרויִק אַ קוק געטאָן אַף נעזשדאַנאָווען.

— ערן־וואָרט, איך ווייס ניט, יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ...

— און איך ווייס גראָד יאָ, — האָט געזאָגט שאַליאַפּין און מיטן גאַנצן קערפּער זיך אָנגעלענט אַפן ווענטל פון פאָטעל, — הערט נאָר. ביידע זײַט איר באַקאַנט מיט לענינען, ניט איין מאָל געשמועסט מיט אים. ווענדט זיך צו אים, בעט, ער זאָל אײַך העלפן.

— דאָס איז אַ פּלאַן. קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ. מירן אָנשרײַבן צו לענינען, יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ. מאַסקים?

— ניין. שרײַבן וועלן מיר ניט. מיר וועלן אַליין זיך לאָזן אין קרעמל צו וולאַדימיר איליטשן. און טאַקע גלײַך!

אין מעשעך פון דרײַ טעג האָבן צוויי באַוווּסטע רוסישע אַקטריסעס געפּרוּווט צוקומען צו לענינען, נאָר וולאַדימיר איליטש איז געווען אַזוי פאַרנומען, אַז אופּנעמען זיי כאָטש אַף פינף מינוט האָט ער ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט. נעזשדאַנאָווא האָט שוין קימאַט פאַרלאָרן די האָפענונג אַף אַ פּערזענלעכן שמועס מיט לענינען, נאָר יעלענאַ פּאַוולאָוונאַ, אַן אומדערמידלעכע אָפּטימיסטקע, האָט געטײַנעט אירס:

— איך וועל זיך דערשלאָגן, מיר וועלן זיך דערשלאָגן, אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ. פאַרלירט ניט די האָפענונג, איך בעט אײַך זייער.

איינמאָל אין אָוונט, — נעזשדאַנאָווא האָט זיך נאַרוואָס אומגעקערט פון טעאַטער, — לאָזט זיך הערן אַ קלונג פון טעלעפאָן:

— אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ? מיט אײַך וועט באַלד ריידן דער כאַווער לענין.

נעזשדאַנאָווא איז געבליבן שטיין מיט אַן איבערגעהאַקטן אָטעם. דערנאָך האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ שטול, דאָס טרײַבל באַ איר אין האַנט האָט געציטערט.

— איך הער אײַך, — האָט זי שטיל געזאָגט און איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, — איך הער אײַך...

עס זײַנען אוועק סאַכאַקל עטלעכע רעגעס, נאָר פאַר נעזשדאַנאָוווען האָבן זיי זיך געצויגן ווי אַן אייביקײַט. ענדלעך האָט זי דערהערט לענינס הויכע, מונטערע, קימאַט פריילעכע שטים:

— אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ? אַ גוטן־אָוונט. איך בעט מיר אַנטשולדיקן, נאָר פריִער האָב איך בעשום־אויפן ניט געקאָנט: צען מינוט צוריק האָט זיך געענדיקט אַ באַראַטונג.

— ביטע זייער, וולאַדימיר איליטש...

— נו, רעכט. היינט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איר האָט געפּרוּווט צוקומען צו מיר. און, ווײַזט אויס, וועגן אַ וויכטיקן איניען...

— מע וויל אונדז פאַרמאַכן, וולאַדימיר איליטש, — האָט נעזשדאַנאָווא ניט אויסגעהאַלטן און איבערגעריסן לענינען: — דעם גרויסן טעאַטער וויל מען פאַרמאַכן! שווידערלעך.

— מאַסקים, טײַערע אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ, דאָס איז ווירקלעך שווידערלעך. די פראַגע איז נאָך אָבער ענדגילטיק ניט געלייזט. איינִיקע טײַנען: מיר וועלן זיך אַ יאָר באַגיין אָן אָן אָפּערע־טעאַטער. ס'איז ניט די צײַט פאַר צויבערנדיקער מוזיק; אַנדערע ווידער זאָגן: מע טאָר ניט פאַרמאַכן די דאָזיקע עלטסטע נעסט פון דער רוסישער אָפּערע־קולטור. הײַנט גיי זײַ אַ בעריע און קלײַב זיך פאַנאַנדער, ווער ס'איז גערעכט.

— אָבער איר אַליין, וולאַדימיר איליטש, איר אַליין, וואָס טראַכט איר? שוין זשע האַלט איר אונטער די ערשטע? — נעזשדאַנאָווא האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער און אַליין זיך פֿאַרווונדערט, פֿונוואַנען קומט צו איר אַזאַ אָזעס.

לענין האָט זיך הילכיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט. זייַן געלעכטער איז אַריבער אין אַ שטילן הוסט. ווייַזט אויס, די גוטע שטימונג האָט אים ניט פֿאַרלאָזט אַפֿילע אין יענע שווערע און אומרויִקע טעג.

— דערווייַל האַלט איך נאָך קיינעם ניט אונטער, ניט די ערשטע, ניט די צווייטע. אי די, אי יענע זייַנען פֿון זייער שטאַנדפּונקט גערעכט. נאָר אַלפֿי־סאָד וועל איך אייַך, אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ, זאָגן: אוי, ווילט זיך ניט אופֿהענגען אַ שלאָס אַפֿן גרויסן טעאַטער. דער דאָזיקער געדאַנק לאָזט מיך מאַמעש ניט צורו.

— דאַנקען גאָט! — האָט זיך אַרויסגעריסן בא נעזשדאַנאָווען. — ווי גוט, וואָס איר זייַט פֿאַר אונדז!

— פֿאַרשטייט זיך, איך בין ניט קעגן אייַך. איר מיינט, איך האָב ניט ליב ראַסיניס און טשייקאָווסקיס מוזיק? וואָס טוט מען אָבער, אַז רוסלאַנד קרעכצט אונטער דער לאַסט פֿון בירגערקריג, הונגער, קעלט און פֿלעק־טיפֿוס...

נעזשדאַנאָווא איז אַף אַ רעגע געבליבן אַ פֿאַרציטערטע: הייסט עס, אַ סאָף צו אַלץ. ראַטעווען דעם גרויסן טעאַטער וועט זיך ניט אייַנגעבן. נאָר אָט האָט ווידער אַ הילך געטאָן לענינס מונטערע שטים:

— פֿאַלט ניט אַראָפּ בא זיך, אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ. עפּשער וועט זיך נאָך אייַנגעבן עפּעס טאָן פֿאַרן טעאַטער.

— אַ דאַנק, וולאַדימיר איליטש...

ס'איז אַוועק די נאַכט, און אינדערפֿרי האָבן צו די זייַטיקע אַרייַנגאַנגען פֿונעם גרויסן טעאַטער אָנגעהויבן, ווי שטענדיק, צופֿאָרן שליטנס מיט זינגער, טענצער און מוזיקאַנטן. זיי האָבן זיך געייַלט אַף דער רעפּעטיציע. און ווייַט ניט אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דעם טאָג ווערט געלייזט דער גורל פֿון טעאַטער.

פֿונקט צען אזייגער אינדערפֿרי האָט לענין אָנגעקלונגען אין בילדונגס־קאָמיסאַריאַט צום פֿאָלקס־קאָמיסאַר לונאַטשאַרסקי, נאָר יענער איז געווען קראַנק. האָט אים וולאַדימיר איליטש אָנגעקלונגען אַהיים:

— ווי פֿילט איר זיך, אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש? וואָס איז מיט אייַך?

— ניט צו דער צייַט קראַנק געוואָרן, וולאַדימיר איליטש, גאָר ניט צו דער צייַט.

— אייַלט זיך ניט אַרויסגיין אין דרויסן. ס'איז הייַנט ניט מער, ניט ווייניקער, ווי פֿיר און צוואַנציק גראַד פֿראָסט... אָט וואָס, אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש, וואָס וועלן מיר טאָן מיטן גרויסן טעאַטער? שוין זשע וועט מען אים מוזן פֿאַרמאַכן?

— אוי, ווי ס'ווילט זיך ניט, וולאַדימיר איליטש! נאָר ווו נעמט מען הייצוואַרג און עלעקטרע? ס'איז דאָך אַזאַ ריז.

— יאָ, יאָ, איך פֿאַרשטיי אייַך. ס'איז ניט לייַכט.

— שוין דער צווייטער כוידעש, ווי מיר קאָנען ניט אָנעמען קיין באַשלוס. דער מאָסקווער סאָוועט מאַכט גוואַלדן: די שפּיטאָלן זייַנען אָן האָלץ, די בעדער הייצן מיר איין מאָל אַ וואָך, און איר קוויקט זיך מיט טענץ! איז טאַקע ניטאָ וואָס צו דערווידערן. פֿאַרמאַכן איז לייַכט, אָבער עס ווילט זיך ניט צונעמען באַם פֿאָלק אַזאַ טעמפּל פֿון קולטור.

— מאַסקים. עס ווילט זיך ניט. עס ווילט זיך זייער ניט. פֿאַרמאַכן מיר דעם טעאַטער, וועט עס מאַכן אַ שוידערלעכן אייַנדרוק דאָ אין מאָסקווע. און די סאָנים וועלן האָבן אַ ווילדע האַנאָע. וואָס זשע טוט מען?

— איך האָב געגעבן אָן אופֿטראָג גאַלקינען, אַ קאָלעגיע־מיטגליד פֿונעם פֿאָלקאָמאַט, ער זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט דער דאָזיקער פֿראַגע. איך ווייס ניט, וואָס ער וועט דאָרט דערפֿינען, וואָס פֿאַרלייגן. מע וואָלט געדאַרפֿט זיך דורכשמועסן מיט אים.

— אַ דאַנק. כ'וועל זיך דורכשמועסן. זייַט געזונט, אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש.

אין עטלעכע שאָ אַרום איז צו לענינען אין קאַבינעט אַרייַנגעגאַנגען אַ הויכער, שטאַלטנער מאַנצבל — דאָס איז געווען גאַלקין. אין האַנט בא אים האָט זיך געבאָמבלט אַ שווערער, היפּש אָפּגערייבענער פּאָרטפֿעל. ער האָט, קענטיק, זיך געגרייט צו האַלטן אַ גאַנצע רעדע פֿאַר לענינען.

— נו, כאַווער גאַלקין, דערציילט, נאָר בעקיצער. מיר האָבן סאַכאַקל צען מינוט. וואָס וועלן מיר טאָן מיטן גרויסן טעאַטער?

— די סיטואַציע איז אַן אויסערגעוויינלעכע, וולאַדימיר איליטש. קימאַט אַן אויסוועגלאָזע. אָט איז אַ טאַבעלע, ווו עס ווערט אָנגעוויזן, וויפֿל ער שלינגט אייַן הייצונג, עלעקטרע און געלט.

— אַנאַליזירן די דאָזיקע טאַבעלעס וועל איך ניט. איך פֿאַרשטיי אַזוי אויך, אַז אויסהאַלטן דעם גרויסן טעאַטער איז ניט פֿון די לײַכטע זאַכן. מע קאָן עפּשער פּאַרט געפֿינען אַן אויסוועג פֿון דער לאַגע?

גאַלקין האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אַף ניין.

— מע קאָן ניט, וולאַדימיר איליטש. אַבסאָליוט אויסגעשלאָסן. דעם גרויסן טעאַטער וועט מען מוזן צײַטווײַליק פֿאַרמאַכן. און, מיר דאַכט, ס'איז אַ קנאַפּע טראַגעדיע.

— וואָס הייסט עס?

— וועמעס אינטערעסן באַדינט דער גרויסער טעאַטער? אַף וועמעס געשמאַקן איז ער אויסגערעכנט? וועלכע זאַכן שטעלט ער? טוט אַ קוק, וולאַדימיר איליטש, — „קאַרמען", „יעווגעני אָניעגין", „טראַוויאַטאַ"... וואָס פֿאַרא נוצן קאָנען זיי ברענגען דער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע? און אַזאַ טעאַטער שלינגט איין אַ גאַנצן באַרג מיט דעפֿיציטן הייצוואַרג. בעסער שוין אַף דעם כעזשבן עטלעכע בעדער עפֿענען. זיי וועלן כאָטש ברענגען נוצן.

לענין האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן און, ווי זײַן שטייגער איז, עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום אַקסל.

— קומט אויס, אַז די טעאַטערס עקזיסטירן נאָר פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע וועגן? טעאַטערס דאַרף מען האָבן ניט בלויז פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע, נאָר אויך, אַז מענטשן זאָלן קאָנען אָפּרוען נאָך אַ טאָג אַרבעט. מע טאָר ניט קעגנשטעלן דעם טעאַטער די באָד, דער באָד — דעם טעאַטער. דאָס פֿאָלק דאַרף אי דאָס, אי יענץ.

— איך בין מאַסקים מיט אײַך, וולאַדימיר איליטש...

— נו, אויב אַזוי, איז אויסגעצייכנט. היינט ביינאַכט אין אָוונט וועט פֿאָרקומען אַ זיצונג פֿון ראַטעפֿאָלקאָם. די ערשטע פֿראַגע איז — דער גרויסער טעאַטער. איר זאָלט אומבאַדינגט זײַן.

אַף דער זיצונג פֿון ראַטעפֿאָלקאָם זײַנען בײַגעווען זעכצן מענטשן. לענין האָט קורץ דערציילט וועגן דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן, און פֿאַרענדיקט:

— איך האַלט, אַז דעם גרויסן טעאַטער דאַרף מען ניט פֿאַרמאַכן. לאָמיר שטימען. ווער איז פֿאַר דעם, אַז דער גרויסער טעאַטער זאָל פֿונקציאָנירן?

און לענין האָט דער ערשטער אויפֿגעהויבן די האַנט. עס האָבן זיך אויפֿגעהויבן נאָך צוועלף הענט. די איבעריקע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען. דער גורל פֿון גרויסן טעאַטער איז געווען געלייזט.

אום האַלבע נאַכט האָט נעזשדאַנאָווע דערהערט — לאַנג און אַקשאָנעסדיק קלינגט דער טעלעפֿאָן. מע האָט געקלונגען פֿון קרעמל.

— יאָ, דאָס בין איך, נעזשדאַנאָווע. ווער? כאָווער לענין וועט ריידן? איך הער...

אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ האָט פֿאַרטײַעט דעם אָטעם און פֿאַרמאַכט די אויגן. לענין! אין טרײַבל האָט זי דערהערט די באַקאַנטע הויכע און מונטערע שטים פֿון דעם מענטשן, וואָס מיט זײַן נאָמען איז איצט פֿול געווען די גאַנצע פּלאַנעטע.

— איך בעט אַנטשולדיקן, אַנטאָנינאַ וואַסיליעוונאַ, פֿאַר אַזאַ שפּעטן קלונג. איר שטויסט זיך אָן, וואָס פֿאַר אַ נײַס איך וויל אײַך אָנזאָגן? איך פֿיל, איר שטויסט זיך אָן. דעם גרויסן טעאַטער וועט מען ניט פֿאַרמאַכן. באַגריסט אין מײַן נאָמען די גאַנצע אַרמיי אַרטיסטן, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון טעאַטער. אַ גוטע נאַכט!

# די לעוואָנע-סאָנאַטע



ין מאָסקווע האָט געסמאַליעט דער פֿראָסט. ביימער האָבן געפּלאַצט פֿון קעלט. די הײַזער זײַנען געשטאַנען ביז די קני אין שניי. אַרום ניין אַזייגער אין אָוונט פֿלעגן די שוואַך באַלויכטענע גאַסן ווערן אויסגעליידיקט.

אין אַזאַ אָוונט האָט צו וולאַדימיר איליטשן אָנגעקלונגען מאַקסים גאָרקי און קורץ, אָן פֿאָרעדעס, געפֿרעגט:

— אָט וואָס, וולאַדימיר איליטש, איר זײַט שטאַרק פֿאַרנומען?

— ווי שטענדיק. וואָס איז דען, אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש?

— איך האָב אַ פֿאָרשלאָג. רײַסט זיך אַרויס אַף אַ שאָ און כאַפּט זיך אַראָפּ צו אונדז. מיר האָבן דאָ הײַנט אַ גאַסט — אַ גאָלדענעם פּיאַניסט.

און גאָרקי האָט אָנגערופן די פאַמיליע פון א באַרימטן מוזיקער.

— אָהאָ! — האָט אויסגערופן לעניז. — וויִאַזוי האָט זיך עס אײַך איַינגעגעבן?

— אַלטע גוטעפרײַנט. נאָך אין נעאַפּאָל זיך באַקאַנט.

— גוט... הייסט עס, צו אײַך?

— יאָ, יאָ. קומט צו פאָרן. אָף מוזיק, ווייס איך, זײַט איר א גרויסער באַלן.

— וואָס עמעס איז עמעס, אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש...

— נו אָט, אַזייגער צען וועט איר קאָנען קומען? נעמט אומבאַדינגט מיט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ.

בא גאָרקיס זון, מאַקסים פעשקאָוון, וועלכער האָט געוווינט אין א געסל לעבן טשיסטיִע פרודיי[1], האָט זיך דעם אָוונט פאַרזאַמלט א היפּשער אוילעם — א מענטשן צוועלף. עס זײַנען געקומען שרײַבער, אַקטיאָרן, גאָרקיס קרויווים. די געסט האָט גאַסטפרײַנטלעך באַגעגנט יעקאַטערינאַ פּאַוולאָוונאַ פעשקאָווא, פאַרבעטן צום טיש, פאָרגעלייגט טיי און היימישע סעכערלעך.

אין צענטער איז געווען דער פּיִאַניסט איסײַ דאָבראָווייך, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פון פראַנקרײַך, ווו ער האָט מיט דערפאָלג גאַסטראָלירט. דאָס איז געווען א יונגער הויכער ברונעט מיט א בלאַס, מיד פּאָנעם און מיט טונקעלע, לעבעדיקע אויגן. זייער אויסדרוק האָט זיך געביטן מאַמעש מאָמענטאַל: אָט האָבן זיי געקוקט גוטמוטיק און פריילעך, אין א רעגע אַרום — איראָניש און אַפילע א ביסל רוגזעדיק. אָנגעטאָן איז ער געווען אין א שוואַרצן סמאָקינג און אין אַן אָנגעקראַכמאַלעטן אויבערהעמד. אין דעם לאַץ — א צונטער־רויטע בלום. יעדער ווײַלע האָבן זײַנע נערוועזע ווײַסע פינגער זיך צוגערירט צו דער בלום, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצײַגן, אַז זי איז דאָ, ניט פאַרפאַלן געוואָרן.

אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש איז געווען גוט געשטימט. ער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער מיט גרויסע טריט און זיך פריילעך געכאָכמעט. דער גרויער, עטוואָס צעקנייטשטער אָנצוג און דאָס אויבערהעמד מיטן האַרטן אומבאַקוועמען קעלנערל האָבן אים צוגעגעבן א מין יוגנטלעכע אומגעשיקטקײַט.

פונקט צען אַזייגער זײַנען אַרײַנגעקומען לעניז, קרופּסקאַיאַ און לענינס שוועסטער מאַריִאַ איליניטשנאַ. דער אוילעם, וואָס איז געווען אין זאַל, האָט זיך אָף א רעגע פאַרלאָרן. גאָרקי האָט אָנגעכאַפּט לענינען בא דער האַנט, אים צוגעפירט צום פּיִאַניסט און באַקאַנט.

ער האָט כיטרע א וווּנק געטאָן מיטן אויג און געזאָגט:

— אַגעוו, וולאַדימיר איליטש, שטאַמט ער פון אײַערע קאַנטן, פון דער וואָלגע. באַוווּסט, ווי נאַפּאָלעאָן! טוסט א קוק אָף אים, טראַכסטו, ער מוז זײַן א פּראָפעסאָר פון באַקטעריִאָלאָגיע און ניט קיין טרײַער קנעכט פון יעווטערפּע. אַזוי, דאַכט זיך, הייסט די מוזע פון מוזיק?

— גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן, איך געדענק ניט, — האָט לעניז געענטפערט און זיך צעלאַכט.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אין א פאָטעל, און גלײַך האָבן אים אַרומגערינגלט קימאַט אַלע געסט. מע האָט אים פאַרשאָטן מיט פראַגן. עס איז קענטיק געווען, אַז לענינען איז דאָס צו לאַסט. אַרײַנגעמישט האָט זיך גאָרקי:

— אָף פּאָליטישע טעמעס פּאַרוועך איך צו ריידן! פּאַר ניט אויספילן — שטראָף! און איר, וולאַדימיר איליטש, ענטפערט זיי ניט, און שווין.

— איר זײַט באַלעבאָס, אַז איר הייסט, פּאָלג איך, — האָט לעניז געענטפערט.

דער פּיִאַניסט האָט פון דער זײַט, קיינער זאָל ניט באַמערקן, אופמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו לענינען. ער האָט צום ערשטן מאָל געזען דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס זײַן נאָמען האָט מען איצט געוווּסט, ווו די וועלט האָט אַן עק.

צוויי טריט פון אים איז געזעסן א באַשיידענער, ניט קיין הויכער מאַנצבל אין א שוואַרצן, היפּש אָפּגעטראָגענעם גאַרניטער, אין פּראָסטע שיך, אין א ווײַס אויבערהעמד מיט אַן אַלטמאָדישן פּיקיי־קעלנערל און א ביז גאָר וואָכעדיק קראַוואַטל. א גרויסער, הויכער שטערן, א פּליך, קאַרע גוטע אויגן מיט א כיטרע פײַערל און א געל בערדל. אָט האָט ער זיך אײַנגעזאָנצן א צי געטאָן פאָרויס, צוהערנדיק זיך צו דעם, וואָס עמעץ האָט אים געזאָגט, אָט — זיך אָנגעלענט אינעם ווענטל פון פאָטעל און פריילעך געלאַכט.

אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש איז צוגעגאַנגען צום פּיִאַניסט און עפּעס א שעפּטשע געטאָן יענעם אין אויער. דאָבראָווין איז צוגעגאַנגען צום ראָיאַל, אָפּגעקנעפּלט דעם סמאָקינג און זיך אוועקגעזעצט. אין זאַל איז געוואָרן שטיל. און ס'האָבן זיך א גאָס געטאָן קלאַנגען פון מוזיק.

[1] „ריינע סאַזשלקעס“ — א בולוואַר אין מאָסקווע.

צום אַלעם ערשטן האָט דער פּיִאַניסט געשפּילט שומאַנס עטלעכע ווייניק באַקאַנטע זאַכן, דערנאָך — שאָפּענס וווּנדערבאַרע בעמאָל־סאָנאַטע, אַלע אירע פיר טיילן — אַלעגראָ, סקערצאָ, דעם טרויער־מאַרש און דעם פינאַל.

יאָ, געוויס, ער האָט געשפּילט גוט, אַפילו, אַזוי צו זאָגן, עלעגאַנט, אָבער קאַלטלעך, אָן שטורמישן טעמפּעראַמענט, אָן ברען און היסלײַוועס.

עפּשער איז דער פּיִאַניסט געווען מיד, עפּשער שלעכט געשטימט, עפּשער האָט ער געהאַלטן, אַז פּאָר גאָרקיס געסט איז ניט קעדײַ צו פּאַטערן געזונט און שפּעטערישן ברויז. ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, נאָר אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט מוזיק, האָט געמוזט דערפילן, אַז דער באַוווּסטער מוזיקער האָט געשפּילט אָן שוווּנג, אָן באַגײַסטערונג.

אָט ווערן אַנשוויגן די לעצטע אַקאָרדן, דער פּיִאַניסט לאָזט אַראָפּ די הענט און שפּאַרט זיך אָן, אַ פּאַרמאַטערטער, אין דעם ווענטל פון שטול.

אַלע אַפּלאָדירן, וולאַדימיר איליטש אויך. נאָר ס'איז צו זען, אַז די מוזיק האָט אים ניט גענומען באַם האַרצן. אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש האָט פּעסט געדריקט דעם פּיִאַניסטס האַנט, געזאָגט עטלעכע ווערטער, ווײַזט אויס, פּאַטעטישע און פרײַלעכע גלײַכצײַטיק. עפּעס אָן אַלטע דאַמע, אין אַ פוטערנעם פּאַלאַנטין, האָט זיך אַפילו געוואָרפן דעם מוזיקער אַפן האַלדז.

צו וולאַדימיר איליטשן איז צוגעגאַנגען גאָרקי און האָט פײַערלעך, ווי ער וואָלט שוין אַפריִער געווען זיכער אינעם ענטפער, געפרעגט:

— נו, וולאַדימיר איליטש, וואָס וועט איר זאָגן? פּראַכטפול, האַ?

לענין האָט געענטפערט ניט באַלד. ער האָט אַ רײַב געטאָן מיט דער דלאָניע דעם שטערן, אַ זיפץ געטאָן און מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם שמייכל שטיל געזאָגט:

— דעם עמעס געזאָגט, בין איך ניט ניספּאָעל. איך שווער אײַך, איך האָב דערוואַרט פיל מער. נאָר... עפּשער האָב איך אַ טאָעס.

אין זאַל איז געוואָרן טויט־שטיל. אַלעמענס אויגן זײַנען איצט געווען געווענדט צו לענינען. עס איז געווען מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך, ווי קומט צו דעם דאָזיקן מעלוכע־מאַן, דעם פירער פון דער רעוואָליוציע, אַזאַ באַציִונג צו קלאַסישער מוזיק, און, צוריק גערעדט, ווי נעמט מען זיך עס קריטיקירן אַזאַ וועלט־באַרימטן מוזיקער?

— ליבער גאָט, שוין זשע איז אײַך ניט געפעלן געוואָרן, וולאַדימיר איליטש? — האָט גע־פרעגט יעקאַטערינאַ פּאַוולאָוונאַ. — איר לאַכט מיסטאַמע?

— ניין, איך לאַך ניט. ערן־וואָרט, איך לאַך ניט. איך האָב שטאַרק ליב אָט די וווּנדערבאַרע סאָנאַטע שאָפּענס, באַזונדערס איר סקערצאָ און דעם מאַרש. אָבער... מיר דוכט, מע האָט זי גע־דאַרפט שפּילן אָן דער דאָזיקער אויסערלעכער בראַוווּר, נאָר מיט מער טעמפּעראַמענט, מער היץ, איך וואָלט זאָגן — לײַדנשאַפטלעכער. האָט קיין פאַריבל ניט, דאָס איז דאָך מײַן פּריוואַטע מיינונג, די מיינונג פון אַ דילעטאַנט. נישטאָ זיך וואָס דערוף אַרומקוקן, פּוסטע רייד!

דער פּיִאַניסט האָט זיך אויפגעשטעלט, איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו וולאַדימיר איליטשן און האָט שטיל געזאָגט:

— ניין, דאָס זײַנען ניט קיין פּוסטע רייד. אַנטשולדיקט, ווי האָט איר געזאָגט — אָן דער דאָזיקער אויסערלעכער בראַוווּר?

— יאָ, אַזוי דוכט זיך מיר. אָט די סאָנאַטע האָב איך געהערט צענדליקער מאָל, אַפילו אַזעלכע מײַסטערס, ווי בוזאָני און ראַכמאַנינאָוו. געשפּילט האָבן זיי, נאַטירלעך, פאַרשיידן, אָבער מיט קאָלאָסאַלער באַגײַסטערונג, מיט קימאַט אומבאַגרײַפלעכער ווירטואָזקײַט. ווען מיר איז אויסגעקומען צו הערן בוזאָני, דאָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין פּאַריזש, האָט עס מיך אַזוי אויפגערעגט, אַז, איר מעגט מיר גלייבן, איך בין די נאַכט שלעכט געשלאָפן...

דער פּיִאַניסט האָט ניט געוואַרט, ביז וולאַדימיר איליטש האָט געענדיקט ריידן. אָן אַ וואָרט צו זאָגן, האָט ער אַראָפּגענומען דעם סמאָקינג, אים אַ וואָרף געטאָן אַף אַ שטול, מיט אַ שאַרפער באַוועגונג אַ ריס געטאָן דעם קאָלנער פון דעם אויבערהעמד. ער איז מיטאַמאָל בלייך געוואָרן. די גרויסע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום ראָיאַל, אויפגעהויבן ביידע הענט איבער די קלאַווישן און טיף אַרײַנגעצויגן דעם אָטעם.

דער צימער איז פול געוואָרן מיט די פײַערלעכע, קישעפדיקע קלאַנגען פונעם טרויער־מאַרש. דער ראָיאַל האָט געקרעכצט און ביטער געוויינט אונטער די שטאַרקע און לײַדנשאַפט־לעכע פינגער. די קלאַנגען זײַנען אָט שטילער געוואָרן, אָט אָנגעוואַקסן מיט אַן אומגעהייערער קראַפט.

עס קלינגט דער לעצטער אַקאָרד. די לופט איז נאָך פול מיט מוזיק. און די צוהערער האָבן זיך שוין צוגעגרייט צום אַפּלאָדירן, אָבער דער פּיִאַניסט לאָזט ניט איבערכאַפּן דעם אָטעם ניט זיך, ניט זיי. זײַנע הענט פאַלן ווידער אַף די קלאַווישן, און אין צימער ווערט מיטאַמאָל ענג.

די דערשיטערנדיקע קלאַנגען פון בעטהאָווענס „לעוואַנע־סאָנאַטע" וועלן, דאכט זיך, באלד צע־שפּאָרן די ווענט. דעם פּיִאַניסטס פלינקע, שטאַרקע פינגער פליִען איבער די קלאַווישן. ער פאַר־מאַכט די אויגן, אָטעמט שווער. אָט גיט ער אַ וואָרף דעם קערפּער אַף אַהינטער, אָט בייגט ער זיך אָן פאָרויס, קימאַט צו דער קלאַוויִאַטור.

וולאַדימיר איליטש איז געזעסן אַ פאַרקישעפטער פון דעם שטורעם קלאַנגען. אין די אויגן האָט אַ בלישטשע געטאָן אַ טרער.

ווען דער פּיִאַניסט האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיך אויפגעהויבן, האָט דער אוילעם אָנ־געהויבן אַפּלאָדירן. וולאַדימיר איליטש איז צוגעגאַנגען צו אים און פעסט געדריקט די באַסע, נאָך צוקנדיקע האַנט.

— אויסגעצייכנט, אויסגעצייכנט, — האָט ער שטיל געזאָגט, — פּאַשעט פּראַכטפול. אַ דאַנק, אַ האַרציקן דאַנק, יונגערמאַן...

אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש האָט לייכט אַ טאָרע געטאָן לענינען באַם אַקסל און שטיל, אָבער שטאַרק צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— און איר זאָגט בוזאַני! מיר זיינען אויך ניט קיין מעלופן־קינדער, וולאַדימיר איליטש, האַ?

פון דענסטמאָל אָן האָט זיך לענין צוגעבונדן צום פּיִאַניסט, פלעגט אים איינלאַדן צו זיך צוגאַסט און האָט אַלעמען געייצעט הערן אים שפּילן.

ווען דער פּיִאַניסט איז ערנסט קראַנק געוואָרן, האָט וולאַדימיר איליטש געזען, מע זאָל אים אָפּן כעזשבן פון דער מעלוכע שיקן זיך היילן קיין אויסלאַנד, און האָט זיך אַלעמאָל נאָכגעפרעגט, וואָס מאַכט ער.

און יענער אָוונט באַ די פּעשקאָווס איז באַ אַלעמען אַף אייביק געבליבן אין זיקאָרן.

---

דאַוויד בראַמבערג

# דאָס ברייִשעסדיקע וואָרט

הונגער און קעלט. און דער קלענסטער בין איך באַ מיין מאַמען.
איך זיץ באַ דעם טיש און ציטעריק כ׳פיר מיט דער פען.
פון יאָרן פון יענע אוועק אַ יאָר פערציק מיסטאָמע...
לענין, געדענק איך, מיין ברייִשעסדיק וואָרט איז געווען.

אצינדער מיין זון — איך דערצייל אים פון צייטן פון שווערע —
מיך הערט אַ פאַרגאַפטער
און זאָגט צו מיר וואַגיק און קלאָר:
דו גלייב מיר, מיין טאַטע,
ס׳וועט דורך אַ יאָר פערציק צי מערער,
און לענין וועט זיין באַ מיין זון אויך דאָס ברייִשעסדיק וואָרט.



# ער האָט געקענט לענינען

„...עס האָט זיך געמאָלדן דער פֿריִערדיקער זעצער, וואָס פֿלעגט פֿריִער אין זשענעווע פֿאַר דער רעוואָליוציע אויסזעצן די באָלשעוויסטישע צײַטונג „וופּעריאָד“ — כ׳ וולאַדימיראָוו...“ — אַזוי האָט געשריבן נ. ק. קרופּסקאַיאַ אין איר בוך „זיכרוינעס וועגן לענינען“, דערציילנדיק וועגן דער צוגרייטונג צום אַרויסגעבן אין זשענעווע אין 1908 דעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער רסדאַפּ „פּראָלעטאַרי“.

אין מעשך פֿון אַ ריי יאָרן פֿלעג איך זיך אָפֿט באַגעגענען מיט יוסף וולאַדימיראָוון, דעם זעלטן באַשיידענעם, גוטמוטיקן מענטשן, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ גרויס קאַמפּספֿול און אינ־האַלטסרײַך לעבן פֿון אַ קאָמוניסט, געהאַט די זכיה אַ לענגערע צײַט צו אַרבעטן דירעקט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון וו. אי. לענינען.

יאָסיף מאָיִסייעוויטש וולאַדימיראָוו (1883—1964) איז געבוירן געוואָרן אין אַ פֿאַמיליע פֿון אַ ייִדישן באַלמעלאָכע און איז נאָך אין די יונגע יאָרן אָפּגעגעבן געוואָרן אַלס לערן־ייִנגל אין איינער פֿון די פּאָלטאַווער דרוקערײַען. שפּעטער, אַרבעטנדיק שוין אַלס זעצער, האָט ער זיך באַקענט מיט רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער, וועלכע האָבן אים אַרײַנגעצויגן אין אַ סאָציִאַל־דעמאָ־קראַטיש קרײַזל. נאָכן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רסדאַפּ איז דער יונגער זעצער צוגעשטאַנען צום באָלשעוויסטישן טייל פֿון דער פּאָלטאַווער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע.

אין 1904, נאָך דעם, ווי די מענשעוויקעס האָבן פֿאַרכאַפּט די רעדאַקציע פֿון דער „איסקראַ“, האָבן וו. אי. לענין און זײַנע אָנהענגער באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ נײַעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי, די צײַטונג „וופּעריאָד“. גרייטנדיק די טעכנישע באַזע פֿאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע, האָט די זשענעווער גרופּע לענינצעס זיך געווענדט צו זייערע כאַווײרים אין רוסלענדישן אונטער־ערד מיט אַ ביטע צוזוכן אַ געניטן זעצער. די פּאָלטאַווער באָלשעוויקעס האָבן געשיקט אין דער שווייץ וולאַדימיראָוון.

ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש סעמאַשקאָ, אַן אָנגעזעענער פֿאָרשטייער פֿון דער אַלטער באָל־שעוויסטישער גוואַרדיע, וואָס האָט אין יענע יאָרן געוווינט אין זשענעווע, האָט אין איינעם זײַנעם אַ בריוו, שוין אין דער סאָוועטישער צײַט, געשריבן: „ער (י. וולאַדימיראָוו) איז דאַן געשטאַנען באַם סאַמע קעסל פֿון דער רעוואָליוציאָנערער קיך, דורך זײַנע הענט איז דורך אַ באַדײַטנדיקער טייל פֿון דעם אויסלענדישן פֿאַרלאַג, און ער קאָן אַ סאַך דערציילן, אויב ער האָט ניט פֿאַרגעסן, וועגן אונדזער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג און וועגן איר פֿירער — וולאַדימיר איליטש“.

יאָסיף מאָיִסייעוויטש האָט געאַרבעט אין די באָלשעוויסטישע דרוקערײַען, פֿריִער אין זשע־נעווע, דערנאָך אין פּאַריז אַ לענגערע צײַט. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט ער זיך אומגעקערט פֿון עמיגראַציע און זיך באַזעצט אין כאַרקאָוו. דאָ האָט ער די ערשטע יאָרן גע־אַרבעט אינעם פּאָליגראַפֿישן אָפּטייל פֿון העכסטן ראַט פֿון פֿאָלקסווירטשאַפֿט, דערנאָך אַלס די־רעקטאָר פֿון אַ ריי דרוקערײַען און לעסאָף אין די פּראָפֿאַריינען. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע פֿאָטערלענדישע מילכאָמע, איז דער 57־יאָריקער קאָמוניסט פֿרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין דער אַרמיי.

נאַטירלעך, אַז די יאָרן פֿון רעוואָליוציאָנערן קאַמף אונטער דער דירעקטער אָנפֿירונג פֿון וולאַדימיר איליטש לענינען, די אומפֿאַרגעסלעכע צײַט פֿון טאָגטעגלעך קומען אין באַריר מיטן געניִאַלן פֿירער פֿון דער רעוואָליוציע, האָבן זיך אָפּן גאַנצן לעבן אײַנגעקריצט אין וולאַדימיראָווס האַרצן און אין זײַן זיקאָרן. געפֿינענדיק זיך שוין אויף פּענסיע, נאָך אַזאַ לאַנגיאָריקער אומדער־מידלעכער פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער און ווירטשאַפֿטלעכער טעטיקייט, פֿלעגט דער גרײַז־גרויער אַלטער קאָמוניסט אָפֿט אַרויסטרעטן אויף אַרבעטער־פֿאַרזאַמלונגען, פֿאַר יוגנט און פּיִאָנערן מיט זיכרוינעס וועגן יענע שוין לאַנג פֿאַרגאַנגענע, נאָר מערקווירדיקע ערשטע יאָרן פֿון דער אַנטשטייונג פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

איניקע פֿראַגמענטן פֿון וולאַדימיראָווס זיכרוינעס האָב איך פֿאַרשריבן און געגעבן זיי איבערקוקן יאָסיף מאָיִסייעוויטשן. מיר שײַנט, אַז זיי קאָנען דינען אַלס באַשיידענער בײַטראָג אין דער גראַנדיעזער לעניניאַנע.

די דאָזיקע פֿראַגמענטן לייג איך פֿאָר די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“.

י. שאַפּיראָ, זשורנאַליסט (כאַרקאָוו).

יויסעף וולאַדימיראָוו

# ווי אַזוי מיר האָבן געדרוקט דעם ערשטן נומער „וופּעריאָד“

מיר איז אויסגעפאַלן דער זעלטענער גורל אויסצוזעצן דעם ערשטן און די וויַיטערדיקע נומערן פון דער באָלשעוויסטישער ציַיטונג „וופּעריאָד“. ווי באַוווּסט, האָבן זיך דאָרט געדרוקט לענינס אַ סאַך אַרטיקלען, און באַזונדערע נומערן זיַינען דורכויס צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך אים.

אַרויסגעבן אין יענע יאָרן אַזאַ ציַיטונג איז געווען אומגעהייער שווער. אונדזער דרוקעריַי אין זשענעווע האָט לויט איר אויסשטאַטונג זיך זייער ווייניק אונטערגעשיידט פון די אונטערערדישע באָלשעוויסטישע דרוקעריַיען אין רוסלאַנד. שריפט איז געווען ביז גאָר ווייניק, און אַפילע דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, איז געווען אָפּגעבליאַקעוועט, אויסגעריבן. ס'פלעגט אויסקומען אָנווענדן פיל מי און דערפינדערישקיַיט אויף אויסצוזעצן אַ נומער פון דער ציַיטונג. ענדלעך איז מען מיטן זאַץ פאַרטיק, און דאָ אַנטשטייט אַ נייַע האַרבע פראַגע: וווּ זאָל מען דרוקן?

וויַיטער, אַ צאָרע מיט פּאַפּיר. קעדיי ס'זאָל זיַין באַקוועמער איבערפּעקלען קיין רוסלאַנד די אומלעגאַלע ליטעראַטור, פלעגט מען דרוקן דעם טעקסט אויף ביז גאָר דין, אַזויגערופן ענגליש פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. אָבער אַזאַ פּאַפּיר האָבן מיר ניט געהאַט. לויט לענינס אויפטראָג האָבן מיר מיט וולאַדימיר דמיטריעוויטש באָנטש־ברויעוויטשן זיך געלאָזט איבער זשענעווע זוכן פּאַפּיר. וויַיזט זיך אַרויס, אַז בלויז אין איין דרוקעריַי איז געווען אַזאַ פּאַפּיר. אָבער געהערט האָט זי דער „איסקראַ“, וועלכע עס האָבן צו יענער ציַיט פאַרכאַפּט די מענשעוויקעס. נאָך לאַנגע אַמפּערנישן און אונטערהאַנדלונגען האָט דער באַלעבאָס פון דער דרוקעריַי דאָך מאַסקים געווען אָפּצודרוקן דעם ערשטן נומער „וופּעריאָד“, אויסניצנדיק בעסאָד דאָס „איסקראַ“־פּאַפּיר.

אָוונט־צו דעם 4 יאַנוואַר 1905 איז די נייַע לענינישע ציַיטונג דערשינען.

ס'איז שווער צו באַשריַיבן אונדזער אַלעמענס פרייד, און אין דער ערשטער ריי די גרויסע פרייד פון אונדזער טיַיערן איליטש. זיַין פּנים האָט ממש געשטראַלט, ווען ער האָט גענומען אין די הענט דעם ערשטן נומער פון זיַין ציַיטונג, וואָס האָט נאָך געשמעקט מיט פרישער פאַרב.

איך דאַרף אונטערשטריַיכן, אַז ניט קוקנדיק? — 

איך דאַרף אונטערשטריַיכן, אַז זיַיענדיק די גאַנצע ציַיט פאַרנומען מיט קאָלאָסאַלער פּאַרטייִש־אָרגאַניזאַטאָרישער, ליטעראַרישער און רעדאַקטאָרישער אַרבעט, פלעגט וולאַדימיר איליטש אָפּגעבן אויך אַ סאַך ציַיט און אויפמערקזאַמקיַיט די טעכנישע פראַגן. עס האָט זיך מיר פאַרגעדענקט אַזאַ צופאַל.

איינמאָל האָב איך זיך געהאַט באַקלאָגט פאַר נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ קרופּסקאַיאַ, אַז עס פעלט מיר אויס שריפט. וועגן דעם דאָזיקן שמועס האָט זיך צופעליק דערוווּסט וולאַדימיר איליטש. דאַן האָט ער, ניט וואָרענענדיק קיינעם, זיך אוועקגעלאָזט קיין לאָזאַן. אין אַ טאָג אַרום האָט ער זיך באַוויזן אין אונדזער דרוקעריַי, שלעפּנדיק אַ גרויסן, שווערן טשעמאָדאַן. דערנאָך

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לענין האָט געבראַכט אַ פּאָר פּוד רוסישן שריפט, וואָס ער האָט אײַנגעהאַנדלט בײַ אַ געוויסן לאָזאַנער פּאָליגראַפיסט פּאָבס. דער שריפט איז געווען שוין, עמעס, אַן אַלטער, נאָר אַזאַ, אין וועלכן מיר האָבן זיך באַזונדערס געניייטיקט: דריבנער, שמאָלער פּעטיט. דאָס האָט אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייט ניט נאָר אויסצוזעצן פיר זײַטן פון אונדזער צײַטונג „וופּעריאָד“, נאָר דערצו נאָך אַ 32־זײַטיקע בראָשור.

— נו, — האָט צו אונדז זיך געווענדט דער שײַנענדיקער איליטש, — איצט וועלן מיר קאָנען דרוקן ליטעראַטור, פון וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד וועט זיך דערוויסן וועגן דער לאַגע אין דער פּאַרטיי...

אָדער אַזאַ פאַקט. ערעוו זײַן אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד אין 1905 יאָר האָט וולאַדימיר איליטש פאָרגעלייגט צו באַוואָרענען אין אַ זיכער אָרט דעם שריפט און די אַנדערע פּאָליגראַפישע אויסשטאַטונג און מאַטעריאַלן, ווי אויך דאָס געבליבענע פּאַפּיר. לויט לענינס אָנווײַזונג האָבן מיר די גאַנצע „טעכניק“ אײַנגעפּאַקט און אַראָפּגעטראָגן אין קעלער פון קוקלינס באָלשעוויסטישער ביבליאָטעק, מיט וועלכער עס האָט דאַן פאַרוואַלטעט וויאַטשעסלאַוו אַלעקסייעוויטש קאַרפּינסקי.

אָנהייב יאַנוואַר 1908 איז וו. אי. לענין ווידער אָנגעקומען קיין זשענעווע. קוידעמקאָל האָט ער זיך פאַרנומען מיט באַנײַען די פּאַרטייִש־אָרגאַניזאַטאָרישע און פאַרלעגערישע טעטיקייט פונעם אויסלענדישן באָלשעוויסטישן צענטער. דאָס איז דאַן געווען אַ לעבנסוויכטיקע נויטווענדיקייט פאַר דער פּאַרטיי.

אויפן צווייטן טאָג נאָכן אָנקומען האָט איליטש מיך גערופן צו זיך און אויסגעפרעגט וועגן צושטאַנד פון אונדזער פּאָליגראַפישן האָב־און־גוטס. איך האָב אים דערוף געענטפערט, אַז דער גאַנצער שריפט, אײַנגעפּאַקט אין גראַנקעס, ליגט נאָך אַלץ אין ביבליאָטעק־קעלער, דאַרט געפינט זיך אויך דער איבעריקער מאַטעריאַל און דאָס פּאַפּיר. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דערבײַ האָט לענין פּינקטלעך אָנגערופן די צאָל בויגנס פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, וואָס איז געבליבן אין 1905 יאָר. אַ באַזונדערס גרויסע פרייד האָט אַרויסגערופן בײַ איליטשן די ידיעה וועגן דעם, אַז מיר האָבן פאַרהיט אויך די דרוק־מאַשין „טיפּאָגראַף“, וועלכע איז אײַנגעשאַפן געוואָרן אַ קורצע צײַט פאַר זײַן אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד.

# אין פּאַריזש

ווינטער־צײַט 1908 האָט די גאַנצע זשענעווער באָלשעוויסטישע גרופּע זיך איבערגעקליבן קיין פּאַריזש. אַהין האָט מען אויך אַריבערגעפירט די אויסשטאַטונג פון אונדזער קליינער דרוקערײַ. פאַר איר האָט מען אַרענדירט אַ לאָקאַל אויף דער גאַס רי אַנטואַן, נומ. 8. דאָס איז געווען אַ פּאָשעטער קראָם־לאָקאַל, אַ ניט באַקוועמער, ניט צוגעפּאַסטער, אַפילו אָן שויבן אין די וויטרינעס. דאָך האָבן מיר גלײַך אײַנגעשטעלט דאָס ביסל געבראַכטע אויסשטאַטונג און טייקעף צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. פּונקט ווי אין זשענעווע, האָבן מיר אין די קאַסעס פאַרמאָגט בלויז איין שריפט. אין אונדזער דרוקערײַ פלעגן מיר אויסזעצן די טעקסטן, אָבער דרוקן האָט מען געמוזט אין אַן אַנדער אָרט.

שפּעטער האָבן מיר אָפּגעזוכט אַ בעסער, מער צוגעפּאַסט הויז אויף אַוועניו ד׳אָרלעאַן, נומ. 110. דער לאָקאַל איז געווען אַ צווייִשטאָקיקער. אויפן ערשטן שטאָק האָט זיך געפונען די דרוקערײַ און די עקספּעדיציע. די צוויי צימערלעך פונעם צווייטן שטאָק האָבן געדינט אַלס אַרבעט־אָרט פאַר דער רעדאַקציע. צײַטנווײַז פלעגט זיך דאָ צונויפקומען די אויסלענדישע ביוראָ פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רסדאַפּ(ב). אָבער די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען זײַנען ווײַט ניט געפעלן געווען ניט דעם הויז־אייגנטימער, ניט דער קאָנסיערזשקע (הויז־וועכטערן), וועלכע האָבן זיך געסטאַרעט פּאָטער צו ווערן פון אַזעלכע קוואַרטיראַנטן. ניט גאָר אין אָרדענונג איז געווען אויך מיט דער דירע, וווּ עס האָט זיך באַזעצט לענין מיט זײַן פאַמיליע.

די דאָזיקע דירע איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַן אַלקער און אַ קליינער קיך. דאָס טונקעלע קיכל, וווּ עס האָט אַפילו באַטאָג געברענט אַ גאַז־לאָמפּ, האָט געדינט אויך אַלס עסצימער. צוויי ווײַסע טישן, עטלעכע טאַבורעטן, אַ פּאָטעל „פון אַדעמס צײַטן“, אַן אַלטע קושעטקע און דרײַ פּראָסטינקע אײַזערנע בעטלעך — אָט דאָס איז געווען ס׳גאַנצע „מעבל“.

איינמאָל אין אָוונט, בא דער טיי, האָט איליטש דערציילט וועגן דעם, אז דער הויז־אייגנטי־מער איז שטארק ניט צופרידן פון אזעלכע אָרעמע שכיינים און אויך פון דעם, וואָס שטענדיק „שלעפּן זיך אהער" א סאך רוסישע עמיגראַנטן, וועלכע פאַרטאָפּטשען די טרעפּ און דעם אריי־גאנג. דער באַלעבאָס האָט אפילע באפוילן דער קאָנסיערזשקע ניט אריינלאָזן קיין באזוכער אין דער דירע.

אנומלטן האָב איך באגעגנט דעם הויז־אייגנטימער, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיך קלאָגן אף די „מאָדנע קווארטיראַנטן", די אוליאַנאָווס, וואָס פארמאָגן ניט אפילע קיין אָנשטענדיק מעבל. אזא מעבל האָט מען דאָך געמוזט האָבן, קעדיי עס זאָל קאָנען דינען אלס גאראנטיע: אין פאַל פון ניט אָפּצאָלן דירע־געלט, קאָן מען עס אָפּשרייבן לויטן געריכט־אורטייל, פארקויפן פון אאוקציאָן.

אויסגעהערט די דאָזיקע טייַנעס, האָב איך געענטפערט דעם פארשוין, אז אזא גאראנטיע איז איבעריק, ווייל אוליאַנאָוו איז א רייַכער אייגנטימער, ער האָט א קאָנטע אינעם גרעסטן פראַנצויזישן באַנק „ליאָנער קרעדיט" (אלע פארטייישע געלט־מיטלען האָט מען געהאלטן אינעם דאָזיקן באנק אף לענינס נאָמען).

דער באַלעבאָס האָט זיך דאַפקע ניט געפוילט און זיך דערקונדיקט אינעם „ליאָנער קרע־דיט", צי וולאַדימיר איליטש איז ווירקלעך זייַן שטענדיקער קליענט.

פון דאַן אָן האָט ער ניט נאָר צורו געלאָזט לענינען, נאָר יעדעס מאָל, באגעגנענדיק זיך מיט אים, פלעגט ער אראָפּנעמען דעם הוט און כניפעסדיק זיך גריסן: „באָנזשור, מסיע אוליאַנאָף".



כאַים מאַלטינסקי

# מיט ברויט און ווײַן

## צי דען זשע?

ביז ביין ברענט דער פאַרדראָס —
א שוואַרצע גרויסע קראָ
פאַרשטעלט די זון און שרײַט:
— איך דראָ, איך דראָ, איך דראָ...

און ס'דאכט, ס'איז גאַרניט שווער
איר אָפּהאַקן די פליגל.
דאָס אייפּל שלאָפן זיס
זאָל אין גערוימען וויגל,

זײַן מוטער זאָל אַף אים
מיט טיפער סימכע קוקן.

. . . . . . . . . . .

צי דען זשע וועט א קראָ
די שיינע ערד פאַרצוקן?..



בא מיר שוין דעמלט איז
דאָס לעבן שיין און זיס
און אַלץ ארום איז ליב מיר
און איז טײַער,
ווען ס'שפּאַלט זיך ניט די ערד
אונטער די פיס
און ס'שיט זיך פונעם הימל ניט
קיין פײַער.

## וואָלט איך פרעגן

וואָלט איך איינעם
פון די קאָסמאָנאווטן באגעגנט,
וואָלט איך שטילינקערהייט
צו אים צוגיין און פרעגן:
— זאָג מיר, זון מײַן געוואגטער,
מײַן הארציקער, ווילער, —
דאָרטן הויך אין די הימלען,
בא דעם ליכטיקן מוילעד,
וווּ די שווערקײַט פון קערפּער
אנטרינט אומגעריכט
און מע וויגט זיך אין רוים,
ווי א פלאַם פון א ליכט,
זאָג, מײַן זון, —
ווען עס ליגט אַפן הארצן א שטיין,
צי ער וואָלט דאָרט פון הארצן אראָפּ
אָדער ניין?

## אין א זאַווײ

א ווינט, א פראָסט,
א שניי־זאַווײ
פאַרשיט־פאַרבלאָזט
מײַן ווינד און וויי.

פון אויג פאַרשווינדט
דער ווײַסער טראַקט.
מיך האָט דער ווינט
אין פעלד געפּאַקט.

דער טאָג פאַרגייט —
א גרוי געוועב.
עס ווייט, עס דרייט,
די פיס איך שלעפּ.

קיין מינדסטער שפּור,
אַלץ אויסגעבלייכט,
ביז סאַמע ברוסט
די הורבע גרייכט.

איך פויזע, קריך,
צעגראָב דעם שניי,
כ'פאַרכלינע זיך
און גיי און גיי.

די נאָדל־קעלט
די פינגער שטעכט.
איך גיי און שעלט
אין א געפּעכט

פון פראָסט מיט בלוט,
פון מוט מיט שרעק.
אין ווייכן פוך
איך זוך דעם וועג.

און אַט פון שליאַך
דעם קאַלטן שטיין
כ׳טאַפּ אָן און לאַך
פאַר פרייד און וויין,

און לויף און פיל
דעם האַרטן גרונט.
כ׳דערהער — עס בילט
אין דאָרף א הונט.

א פּענצטער מיר
א שמייכל טוט.
כ׳בין שיר, כ׳בין שיר...
נאָר אַלץ איז גוט.

און ווייַטער זיין
אַזוי ווער, כ׳האָף,
מיט ברויט און וויַין —
א גוטער סאָף.

# אַפן פּלאַץ „ווערא כאָרוזשע"

ניט א מוז זיך טרעפן אַף נעמיגע
באַ די אַלטע, באַ די רויטע ציגל.

ווו זשע טרעפן וועלן מיר זיך, ווו זשע? —
אַפן שיינעם פּלאַץ „ווערא כאַרוזשע",

ווו לענגויס די טראָטוארן ברייטע —
ראַבינעס מיט פאַטשערקעס מיט רויטע.

יונגע ראַבינעס, זיי וועלן דיר געפעלן.
ס׳ציִען זיך די הענט צו די קאַרעלן.

כ׳וועל מיט זיי דעם האַלדז דייַנעם באַצירן.
ביז שטאָק־נאַכט דאַרט וועלן מיר שפּאַצירן.

אין דער פינצטער אויסקושן איך וועל
אַף דייַן האַלדז איטעווידע קאַרעל.



כ׳שטיי באַ דעם וויַיסן ווינטער־פעלד.
כ׳קוק אַף זיַין קלאָרער פוכקער פּערענע...
איך לייקן ניט: בעעמעס, מיר געפעלט,
וואָס כ׳ליג ניט אונטער איר,
ווי א פאַרוועלקטער בלאַט,
נאָר האווע נאָך אַדהייַעם, ווי א שפּערעלע.
געוועזן אין שלאַכט בין איך אָן ערלעכער סאָלדאַט,
געזשומעט האָבן קוילן אַרום מיר,
ווי בינען.
איז קאָן איך מיר א קאַפּעלע פאַרגינען
באַם וויַיסן ווינטער־פעלד צו שטיין
און טראַכטן וועגן מענטשלעכן געביין.

# א טאָפּלדיקע קינדער־שפּיל

דאָס פינפיאָריק ייִנגעלע
וויל וווּנדער מיר באַוויַיזן.
א שלייַדער גיט אין טייַך דעם שטיין,
עס זאָלן ווייַט זיך, וויַיט צעגיין
די כוואַליעלעך אין קרייַזן.
כ׳בין עלטער מיט א האַלב יאָרהונדערט.
איך שלייַדער ווערטער אין מייַן העפט
און וויל,
די וועלט זאָל זיַין געפּלעפט
פון וווּנדער...

■ ■ ■

ווען איך שטרעק אויס מײַן מידע האַנט
צום גלעקל פֿון מײַן וווינונג
און הער, ווי ס'לױפֿט מײַן קלײנער זון
די טיר מיר עפֿענען, —
נעמט מאָדנע זיס מיך נאָגן
אונטערן לעפֿעלע.
איך וואַרט מיט אומרו און דערשטוינונג...

ווער מיט זײַן היים געווען איז לאַנג צעשײדט,
דער ווייסט פֿאַרשטיין מײַן ציטעריקע פֿרייד.

■ ■ ■

אין הויפּטשטאָט, אַף לענין־גאַס, סאַמע אין צענטער,
פֿאַרמאָג איך צוויי אַלטיטשקע גוטע באַקענטע —
צוויי לײַבלעכע שוועסטער, גאָלדע און זעלדע.
עס טרעפֿט, אין אַ זונטיק צו זיי זיך איך מעלדע.

די שוועל פֿונעם צימער איך טרעט נאָר אַריבער,
זיי נעמען מיך אופֿעט מיט היימישקײַט ליבער,
מיט טיי און וואַרעניע, מיט אייגענעם פֿלאָדן,
און איך קום, פֿאַרשטייט זיך, מיט לידער געלאָדן.

די אויגן מיט גוטסקײַט מיט מוטערשער שײַנען
בײַ גאָלדען און זעלדען — די קריטיקער מײַנע.

■ ■ ■

די גאָלדענע פֿישעלעך — אַלע צעלאָפֿן,
און גיי שיט זיי אָן אַף די עקעלעך זאַלץ.
נאָר איך, אַף צולאָכעס, איך זיץ מיר נאָך אַלץ
ביז פֿינצטער באַם טײַכל און גענעץ פֿאַרשלאָפֿן.
דאָס לעצטע שוין ווערעמל כ'האַלט אַף דער דלאָניע,
עס אָנטאָן אַף אײַזערנעם האַטשיק איך וויל.
איך טו עס צו לאַנגזאַם, דערעסן די שפּיל,
ניט כאַפּן איך וועל עס, דאָס פֿישל, אַפּאָנעם.
דערבײַ שטייט, אַ פּולער מיט וואַסער, מײַן עמער,
זיך הוידעט אין עמער לעוואַניקע שײַן.
מיר דוכט, עמעץ רוימט מיר אין אויער אַרײַן:
— דו ביסט ניט קיין געבער, ניט זײַ אויך קיין נעמער,
די גאָלדענע פֿישעלעך — אַלע צעלאָפֿן,
און גיי שיט זיי אָן אַף די עקעלעך זאַלץ...

נאָר איך, אַף צולאָכעס, איך זיץ מיר נאָך אַלץ
ביז פֿינצטער באַם טײַכל און גענעץ פֿאַרשלאָפֿן.

# אין זיקאָרן...

מײַן ווײַטע רײַזע איז ביז גאָר אַ וויכטיקע —
צום צאַפּלדיקן שמייכל דײַנעם ליכטיקן,
צום דערפֿל ניקאָלײַעווסק באַם אַמור...
צען טויזנט קילאָמעטער אַף אַ פֿור

די ביינער מײַנע וויגן בין איך גרייט,
קעדיי אַף מיר א קוק טאָן זאָלסט מיט פרייד.
ווי דאן אין אָוונט זאָלסטו מיך באגעגענען,
באגינען זיך מיט מיר אפסנײַ געזעגענען.



אַף דײַן מידן פּראָפּיל פאלט מײַן בליק,
ווערט מײַן הארץ פון ווײ צונויפגעדריקט.
אין די קנייטשן, וואָס באַם ווינקל מויל
זיך פארטײַען, זע איך, פּײַן און גרויל
און באהאלטן, ווי אין א געצעלט —
אלע גרעסטע אוולעס פון דער וועלט.

# אָדליגע

אן אָדליגע. אוי, ווי מעסוקן גליטשיק איז
צו גיין באטאָג איבער געגלאָזטע טראָטוארן.
פון סטרעכע ווינקט א זוניק־פינקלענדיקע שפּיז:
„נעם מיך אין האנט, ביסטו באוואָרנט פון געפארן"...

איך שאר זיך פּאָרזיכטיק. איך צייל קימאט די טריט,
און ראפּטאָם איך דערזע (איך קוק פארגאפט מיט קינע):
א יונגינק מיידל אײַלט, און מאמעש, אז זי פליט
אין פּײַנע לײַכטע שיכלעך געלבלעך־גרינע.

עס דאכט: ניט איבער אײַז — איבער א זומער־פעלד
זי גייט פארבײַ דעם דופטיק־בליִענדיקן קאָרן.
עס דאכט: ס'האָט דורכגעשוועבט פאר מיר מײַן יונגע וועלט —
די ערשטע אכצן פרילינגדיקע יאָרן.

איך גיב א קער דעם קאָפּ. דאָס מיידל שוין פארשווינדט.
די לײַכטע שיכלעך האָבן נאָך אין שניי געגרינט...



דער אָפּהילך פון דײַן מילדן שטילן קאָל
צעטומלט מיך, און איך פארליר זיך טייקעף,
און ענלעך ווער איך מיטאמאָל
אַף א טראמווײַ, וואָס גייט אראָפּעט פון די רייקעס...
און ס'ציטערן די שויבן פון מײַן זעל.



## שמועל גאָרדאָן

# פרילינג

ראָמאַן

### I



ין דעם גרויסן, געדיכט פארוואקסענעם הויף פון וועניאמין זאכאריעווי־טשעס דאטשע איז אַרײַנגעקומען אָ וואָכעדיק געקליידט באָכערל און מיט גיכע, אָנגעשטרענגטע טריט זיך געלאָזט גיין צו דעם צווישטאָקיקן הילצערנעם הויז מיט דער גלעזערנער טעראסע, פונוואנען ס'האָבן זיך געטראָגן טומלדיקע שטימען. מיטאמאָל האָט זיך אים אויסגעגעבן, אז די שטימען זײַנען אים עפּעס זייער קענטלעך, אף אזויפיל קענטלעך, אז ער איז גרייט געווען גלייבן: צווישן די אָנגעפאָרענע געסט וועט ער דאָ אויך טרעפן די, וואָס האָבן אים הײַנט געשיקט אהער אין שליכעס — די געוועזענע שילער פונעם צענטן „וו״, — און די גאנצע דרייסטקײַט און אנטשלאָסנקײַט, מיט וועלכער ער איז ארײַן אהער אין הויף, האָט אים קימאט ווי פארלאָזט. זײַנע טריט זײַנען געוואָרן שטילער, פאָרזיכטיקער, די אקסלען — אײַנגע־פאלן. אפן לענגלעך־מאטעווען געזיכט מיט די עטוואָס שטארצנדיקע קינבאקן האָט זיך ווידער באוויזן די זעלבע יִינגלשע פארלוירנקײַט און שעמעוודיקײַט, מיט וועלכער ער איז מיט אייניקע רעגעס פריִער געשטאנען אין דער אָפענער קאליטקע פונעם הויך ארומגעצאמטן הויף. פון פאר־לוירנקײַט האָט ער אפילע ניט באמערקט, ווי ער איז אראָפּ פון דער זאמדיקער סטעזשקע און ארײַן אין שאָטן פון די ביימער, וואָס האָבן מיט אלע זייערע צווײַגן זיך געהאט שוין פארקליבן אין דער טונקעלער בלויקײַט פונעם גיך צופאלנדיקן אָוונט.

פונדאנען, פון צווישן די האלב־נאקעטע ביימער, האט ער לאנג געקוקט אף די העל־באלויכטענע פענצטער, וואס זיינען געווען פארהאנגען מיט דורכזיכטיקע גארדינען. דערווייל האט ער פון יענער זייט פענצטער ניט דערזען קיין איין באקאנט געזיכט, און דאך איז ער געבליבן ווארטן, אליין ניט ווויסנדיק, אף וואס, אייגנטלעך, ערווארט. ער האט איצט געהאט דאס געפיל פון א שילער, וועלכן מע האט אינמיטן לימעד ארויסגעשטעלט פון קלאס און ער ווייסט ניט פארוואס. דאס דאזיקע געפיל איז געווען אף אזויפיל מאמאשעסדיק, אז ער האט זיך שיר ניט פארווונדערט, ווען אנשטאט אן אנגעפאקטן פארטפעל מיט לערנביכער האט ער דערזען בא זיך אין דער האנט די איינלאדונג, וועלכע די סיווערס האבן אים מיט עטלעכע טעג צוריק ארייננגעשיקט דורך דער פאטשט.

פונקט אזעלכע איינלאדונגען, געשריבענע פון דער האנט, מיט געטאקטע און געצאצקעטע אויסיעס, האבן באקומען קימאט אלע פונעם צענטן „ווע”, און כאטש אין די דאזיקע איינלאדונגען איז מיט קיין ווארט ניט געווען דערמאנט, אז אלעק איז אנגעקומען אין אינסטיטוט, האט יעדער איינער פון זיי פארשטאנען, אז ניט בלויז דערפאר, וואס אלעקן ווערט היינט אכצן יאר, האבן די סיווערס אים פארבעטן צו זיך. מע איז געווען קימאט ווי זיכער: ווען אלעק זאל געווען אנקומען אין אן אנדער אינסטיטוט, ניט אין געאלאגישן, ווו זיין פאטער, דער פאלקאווניק וועניאמין זאכאריעוויטש סיווער, האט פארוואלטעט מיט דער מיליטערישער קאטעדרע, וואלט וועגן דעם געוויס געווען דערמאנט אין דער איינלאדונג, וועלכע דאס באכערל האט פארהיט בלויז צוליב דעם גענוי אנגעוויזענעם אדרעס פון דער דאטשע. איצט, ווען דאס גלאנציקע פאפירל מיט די געטאקטע און געצאצקעטע גאלדענע אויסיעס איז אים שוין געווען לאכלוטן ניט נייטיק, האט ער עס ארויסגעלאזט פון דער האנט און דערביי זיך אפילע ניט אומגעקוקט, ווי דאס אונטיקע ווינטל האט עס אונטערגעכאפט און ארומגעשלעפט איבערן הויף, ווי אן אפגעוועלקטן בלאט.

פארשטייט זיך, אז ניט דאס, וואס ער האט ארויסגעלאזט פון דער האנט דאס פאפירל, איז געווען די סיבע, וואס האט אים אפגעהאלטן, ער זאל ארופגיין אף דער טעראסע און מעלדן אלעקן דעם באשלוס, וועלכן ס'האבן היינט אנגענומען זיינע געוועזענע כאווירים פון קלאס: קיינמאל אים ניט דערלאנגען די האנט! ער איז נאך פאשעט ניט געווען גרייט צו אט דער שליכעס. פארט דאך אפגעזעסן מיט אלעקן עטלעכע יאר אף איין פארטע. איצט איז אים קלאר, אז די גאנצע דרייסטקייט און אנטשלאסנקייט, מיט וועלכער ער האט זיך געלאזט צו דער טעראסע, איז געווען ניט מער ווי א מין פרווו פון וועלן זיך אליין אין עפעס איבערצייגן, עפעס דערווייזן. דאס האט ער אבער באנומען ערשט איצט, ווען ער טאר אפילע קיין געדאנק ניט דערלאזן וועגן אומקערן זיך צוריק.

דער נעכטיקער צופאל אין טראלייבוס זאל געווען טרעפן ניט מיט אלעקן, נאר מיט עמעצן אנדערש פון זייער קלאס, וואלט ער, מעגלעך, ניט גענומען אף זיך אזא שליכעס. וויבאלד אבער עס איז געגאנגען א רייד וועגן אלעקן, וועגן דעם סאמע נאענטסטן כאווער זיינעם, איז ער באשטאנען, אז אויב שוין עמעצן שיקן צו אלעקן, איז זאל מען שיקן נאר אים: „איר געדענקט דאך טאראס בולבא? דער, וואס איז געווען אלעקס נאענטער כאווער, דער דארף אים מעלדן דעם אורטייל!”

ער זאל דאס אפילע ניט געווען זאגן, וואלט אויך קיינעם ניט געקומען אפן זינען, אז אין דער לעצטער מינוט וועט ער זיך פלוצעם פארלירן. אים אליין וואלט אזוינס ניט געקומען אפן זינען. טאקע דערפאר איז אים איצט אזוי שווער צוטראכטן עפעס, וואס זאל אים קאנען פארענטפערן פאר זיינע כאווירים. זאגן, אז די שטימען אף דער טעראסע האבן אים ארויסגעזען קענטלעך, צי עפשער גאר דערציילן אזוי ווי ס'איז... ס'טרעפט דען ניט אזוינס? און עפשער, עפשער זיך פארופן... ניין, ניט אויספילן א שליכעס, וואס האסט אף זיך גענומען, — אזוינס קאן מען ניט בארעכטיקן. און קוים האט ער עס פארשטאנען, האט ער ווידער גענומען אופשטעלן אין זיקארן די איינצלהייטן פון דער נעכטיקער געשעעניש.

ווען ער האט געעפנט די טיר פון דער טעראסע, איז ער שוין קנאפ געווען ענלעך אף יענעם באכערל, וואס איז דא נארוואס געשטאנען אין הויף. ער האט עס דערפילט לויט די פארוווונדערטע בליקן, מיט וועלכע די פארזאמלטע באם טיש האבן אים באגעגנט.

דאס ערשטע, וואס האט זיך אים געווארפן אין די אויגן: בא דעם יאמטעוודיק געדעקטן טיש פעלט דער, צוליב וועמען ס'האבן זיך פארזאמלט אזויפיל געסט. הייסט עס, ווייסט ער שוין, אלעק, פארוואס קיינער פון קלאס איז ניט געקומען אף זיין געבורטסטאג. דאס האט אלעקן, אפאנעם, אזוי דערשלאגן, אז ער קאן זיך ניט ווייזן פאר די געסט. און עפשער האט אלעק אים דערזען דורכן פענצטער און איז באצייטנס אוועק פון טיש. אויב אזוי, וועט ער אלעקן צווינגען ארויסגיין אהער און אין דער אנוועזנהייט פון די געסט אים מעלדן דעם באשלוס פון צענטן „ווע”!

— דאָ וווינט אַלעקסאַנדער סיוועך? — האָט דאָס אַרײַנגעקומענע באָכערל בעקיוון הויך און דײַטלעך געפֿרעגט, כאָטש די פֿראַגע איז געווען איבעריק, ווי ס'איז איבעריק פֿאַרן ריכטער יעדעס מאָל איבערפֿרעגן דעם באַשולדיקטן זײַן נאָמען און פֿאַמיליע.

— באַר־קאַ! — די שטים, וואָס האָט זיך דערטראָגן פֿון דעם אַנדערן שטאָק, איז ניט געווען ענלעך אַף קיין שטים פֿון אַ מענטשן, וואָס פֿילט זיך אין עפּעס שולדיק. זי האָט, דאַכט זיך, איצט געקלונגען הילכיקער און זיכערער, ווי שטענדיק. — פֿאַרוואָס עפּעס אַזוי שפּעט? און ווו זײַנען די איבעריקע? ס'איז דאָך שוין נאָך זיבן! — און איידער דאָס אַרײַנגעקומענע באָכערל האָט נאָך באַוויזן אָנצוּען אַף זײַן פּאָנעם די שטרענגקײַט, וואָס פֿאָדערט זיך באַם אויסלייענען אַן אורטייל, האָט אַלעק אים שוין אָנגעכאַפּט פֿאַר דער האַנט און גענומען פֿאָרשטעלן פֿאַר די געסט:

— קאָמסאָרג פֿון אונדזער קלאַס, מײַן סאַמע נאָענטסטער כאַווער באָריס לאַגונאָוו.

— אויך אַ סטודענט?

באָריס לאַגונאָוו, אָדער ווי מע האָט אים גערופֿן אין שול, באָרקאַ, האָט ניט געהאַט דעם מינדסטן פֿאַרלאַנג פֿאַרפֿירן מיט עמעצן דאָ איצט אַ זײַטיקן געשפּרעך. ער איז אַהער געקומען פֿון שטאָט בלויז צוליב איינס: מעלדן אַלעקן דעם באַשלוס, און שוין. ווועט אַלעק אַרויסגיין מיט אים אין דרויסן, וועט ער אים דעם באַשלוס מעלדן אונטער פֿיר אויגן. אויב ניט, וועט ער עס טאָן אין אַלעמענס אָנוועזנהײַט. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז ער וועט ניט ענטפֿערן אַלעקס פֿאָטער אַף זײַן פֿראַגע. ער וויל אָבער פֿריִער וויסן, וואָס באַטײַט דער „אויך", וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט אַזוי באַטאָנט. ס'איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט אים מיט דעם וועלן זאָגן: „מיט וואָס, אייגנטלעך, שיידט איר זיך אונטער פֿון מײַנעם? פֿון שול און אויך גלײַך אין אינסטיטוט...". און עפּשער האָט ער גאָר מיט דעם זיך געוואָלט פֿאַרענטפֿערן פֿאַר די געסט, זיי זאָלן ניט מיינען, אַז זײַן אַלעק איז אַן אויסנאַם, אַז אַלעק איז אָנגעקומען אין אינסטיטוט, ווײַל ער, דער פּאָלקאָווניק סיוועך, האָט זיך דערין אַרײַנגעמישט. אָט דער „אויך אַ סטודענט?" האָט אײַנצײַטיק געקאָנט באַטײַטן: „ס'איז ניט עמעס, אַז פֿאַר יעדן עקזאַמען פֿלעגט ער געבן צו וויסן זײַנע קאָלעגן — די עקזאַמענאַטאָרס, אַז דער אַביטוריענט אַלעקסאַנדער סיוועך איז זײַנער אַ זון". באָריס איז אָבער, פּונקט ווי אַ סאַך אַנדערע פּונעם צענטן „ווע", געווען זיכער, אַז באַ אַזאַ גרויסן קאָנקורס וואָלט אַלעק אָן דעם פֿאָטערס הילף אין אינסטיטוט ניט אָנגעקומען, און דערפֿאַר האָט באָריס געענטפֿערט, אויך באַטאָנענדיק יעדער וואָרט:

— ניין, כאַווער פּאָלקאָווניק, ניט קיין סטודענט, נאָר אַן אַרבעטער.

— אַזוי גאָר. הם־הם. אַ „נאַראָדניק", הייסט עס. — און דערבײַ מאָדנע אַ קוק געטאָן אַף באָריס' וואָכעדיקן אָנטאָן.

מעגלעך, אַז אייניקע באַם טיש האָבן ווירקלעך אײַנגעזען אין דעם וואָכעדיקן אָנטאָן, אין וועלכן ער איז געקומען צו אַלעקן אַף דער סימכע, אַ מין נײַעם אויפֿן פֿון וועלן זיך אויסטיילן פֿון די אַרומיקע, ווי עס טיילן זיך דאָ אויס אייניקע באָכערים מיט זייערע לאַנג ניט געשאָרענע טשופּרינעס, מיט די העל־פֿאַרביקע אָנצוגן און בונטע שניפּסן. דער אונטערשייד צווישן זיי און אים, באָריסן, באַשטייט, הייסט עס, אין דעם, וואָס יענע רופֿט מען „סטיליאַגעס" און פֿאַר אים האָט אַלעקס פֿאָטער צוגעקליבן אַ צונאָמען „נאַראָדניק".

דער געלעכטער, וואָס דער צונאָמען האָט באַ אייניקע אַרויסגערופֿן, האָט געדראָט פֿאַרוואַנדלען דעם געשפּרעך מיט אַלעקן אין אַ שפּאַס, און דאָס האָט באָריסן געצוווּנגען אַכטונג געבן, ער זאָל אַף קיין רעגע ניט אָנווערן די אַנטשלאָסנקײַט, מיט וועלכער ער איז אַהער אַרײַן.

— אַנטשולדיקט, כאַווער פּאָלקאָווניק, — האָט ער צוריקגעהאַלטן געזאָגט, — כ'האָב אײַך ניט פֿאַרשטאַנען.

— אַלעק, דערקלער דעם כאַווער דײַנעם, וואָס איז אַזוינס אַ נאַראָדניק.

— אַנטשולדיקט, כאַווער פּאָלקאָווניק, — האָט באָריס איבערגעכאַזערט, ניט דערקענענדיק די אייגענע שטים, — כ'וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט עס מיר דערקלערן. — און ווי אַ באַווײַז, אַז ער וועט ניט אָפּטרעטן, האָט ער זיך צוגעזעצט אַפֿן פֿרײַען בענקל, וואָס אַלעקס שוועסטער, מאַר־גאַריטע, האָט אים געהאַט אונטערגעטראָגן.

פֿון דעם, ווי די געסט אַרום טיש, וועלכע זײַנען הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען פֿון מיליטערלײַט און וויסנשאַפֿטלעכע טוער, האָבן אָפּגערוקט פֿון זיך די פּולע באָקאַלן און פֿוזשערן, אַוועקגעלייגט אין אַ זײַט גאָפּל־מעסער און זיך פֿילדײַטיק איבערגעווונקען, איז געווען קענטיק, אַז זיי קוקן אַף דעם באָכערל אַנדערש, ווי אַף די איבעריקע יונגעלײַט דאָ באַם טיש. אין דעם בליק פֿון זײַנע העלע אויגן, אין דעם קוים באַמערקבאַרן שמייכל, וואָס האָט זיך אַ פּאָר מאָל צוגערירט צו זײַנע שטײַף פֿאַרפּרעסטע ליפּן, האָט זיך געפֿילט אַ קראַפֿט, וואָס האַלט אין רײַף ווערן. מיט זײַן רויִקײַט און צוריקגעהאַלטנקײַט האָט ער באַזונדערס אויסגענומען באַ די מיליטערלײַט. זיי איז געווען ביז גאָר טשיקאַווע צו וויסן, וויִאַזוי וועט זיך פֿאַרענדיקן אָט דער אומגעריכטער

געשפּרעך צווישן דעם באַאָרטן סיוּוער מיטן אכצן־ניינצניאָריקן באָכערל. מע איז דערמיט געווען אַזוי פאַרכאַפּט, אַז מע האָט קימאַט אינגאַנצן פאַרגעסן אינעם באַלסימכע, וואָס איז געשטאַנען באַם פענצטער און געקוקט, ווי די ביימער אין אַנטקעגנדיקן סעדל פאַרשווינדן אינעם אָוונטיקן כווישעך. בלויז די מוטער זיינע, די הויכע און פאַר דער צייט געעלטערטע בראָניסלאַווע סאָולאָוונע, האָט באַמערקט, אַז מיט באָריס׳ אַריינקומען איז איר שלאַנקער, וווּקסיקער אַלעקל ווי קלענער געוואָרן. לויט דער לייכטער באַוועגונג, מיט וועלכער באָריס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיין אַקסל אַלעקס אַרופגעלייגטע האַנט, האָט זי זיך אָנגעשטויסן, אַז צווישן דעם דאָזיקן באָכערל און איר יינגל איז עפּעס פאָרגעקומען. און דאָס, ווייזט אויס, איז געווען די סיבע, וואָס אַלעק איז היינט דעם גאַנצן אָוונט געווען אַזוי צעשטערט, קימאַט ניט אָפּגעטראָטן פון פענצטער, ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט אַף עמעצן אַרויסגעקוקט.

אָט דער „עמעצער“, אַף וועמען אַלעק האָט אַזוי אַרויסגעקוקט, איז געווען ניט גאָר באָריס לאַגונאָוו. ווי אומגעלומפּערט ס׳איז ניט געווען צו קלערן, אַז די פּאָטשט האָט ניט באַוויזן צוּשטעלן די איינלאַדונגען, האָט אַלעק דאָך ביז מיט עטלעכע מינוט צוריק געהאַט דערלאָזט אויך אַזאַ געדאַנק. איצט איז אָבער נאַריש און קינדעריש אַזוי צו קלערן. הייסט עס, מע איז בעקיוון ניט געקומען. בעקיוון! קלאָר! נאָך דעם, ווי באָריס האָט אַזוי שטאָלץ געענטפערט דעם פאָטער זיינעם: „ניט קיין סטודענט, נאָר אַן אַרבעטער“, איז דאָך קלאָר, אַז די סיבע, וואָס קיינער פון צענטן „ווע“ איז ניט געקומען, איז, פאַרשטייט זיך, קינע. נאָר קינע. מע איז אים מעקאַנע, וואָס אַן אַ מעדאַל און אָן פּראָדוצירַ־סטאַזש איז אים געלונגען אַריין אין אינסטיטוט. פאַרוואָס האָבן זיי אָבער פריער געשוויגן? ער האָט דאָך עס פון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן. מע האָט עס געוווּסט נאָך מיט אַ כוידעש צוריק. פאַרוואָס האָט אים דעמלט קיינער גאָרנישט ניט געזאָגט. פאַרקערט, זיי האָבן אים אַפילע באַגריסט. וואָס זשע איז פּלוצעם געשען? פאַרוואָס פירט זיך באָריס אוף אַזוי מאָדנע: געקומען און אים אַפילע ניט באַגריסט. ווי קליינלעך דאָס איז.

באָריסן איז ניט אָנגעגאַנגען, וועגן וואָס האָט עס זיך דאָרט באַם פענצטער אַזוי פאַרטראַכט זיין געוועזענער כאַווער אַלעק סיוּוער. אים איז איצט אָנגעגאַנגען, וואָס וועט אים ענטפערן וועניאַמין זאַכאַריעוויטש סיוּוער.

נאָר וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך ניט געאיילט, און קיינער באַם טיש האָט ניט אויסגעטייטשט זיין שווייגן, ווי אַ מיטל אויסשפּילן צייט, קעדיי געפינען דעם פּאַסיקן ענטפער. זיין שווייגן האָט זיך גיכער גענומען פון דעם, וואָס ער האָט נאָך דערווייל ניט געקאָנט באַנעמען, מיט וואָס האָט אַ־דאָס באָכערל אַזוי צוגעצויגן צו זיך אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, אַלעמענס און אויך זיינע. דאַכט זיך, אַז ניט דאָס ערשטע מאָל זעט ער אים באַ זיך אין שטוב. ער האָט אָבער קיינמאָל זיך צו אים אַזוי ניט צוגעקוקט און אַזוי ניט באַטראַכט, ווי איצט.

# II

דאָס זעלבע, אייגנטלעך, האָט אויך געקאָנט זאָגן באָריס לאַגונאָוו. ער האָט אויך קיינמאָל זיך אַזוי ניט צוגעקוקט צו אָט דעם פולבלעכן עטלעך־און־פופציקיאָריקן מענטשן אינעם העל־גרינעם קיטעל מיט די בלאַנקענדיקע מעשענע קנעפּ און באַגילדעטע פּאָגאָנעס. אים איז פּאָשעט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן אַזוי נאָענט. פאַר די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט זיך געכאַווערט מיט אַלעקן, איז ער געווען באַ די סיוּוערס אין שטוב געציילטע עטלעכע מאָל און מערסטנטייל אַלץ אין אַזעלכע שאָען, ווען די הויכע טונקל־ברוינע טיר פון וועניאַמין זאַכאַריעוויטשעס קאַבינעט איז געווען צוגעמאַכט. בראָניסלאַווע סאָולאָוונע האָט אַכטונג געגעבן, מע זאָל דאָ וואָס ווייניקער אַרומגיין, וואָס ווייניקער ריידן. אין אַזוינע שאָען האָט באָריס זיך דאָרט געפילט איבעריק, ווי די זון, וואָס האָט זיך דאָ קוים דורכגעשלאָגן דורך די שווערע שטאָרן.

שוין נאָכן דריטן צי פערטן באַזוך האָט זיך באַ באָריסן געשאַפן אַן איינדרוק, אַז מע איז דאָ ניט איבעריקס צופרידן פון זיין אַריינקומען. מעגלעך, אַז מע האָט שוין ניט איין מאָל אויסגערעדט אַלעקן, לעמיי ער כאַווערט זיך מיט אים, און מיסטאָם דערבײַ אים דערמאָנט, ער זאָל ניט פאַרגעסן, אַז זיין פאָטער, וועניאַמין זאַכאַריעוויטש, איז ניט אַזוי זיך אַ פּאָלקאָווניק, ווי פיל אַנדערע, נאָר אַזאַ, וואָס געהערט צו די, וואָס ווינען אין ליוקס־הייזער, האָבן אייגענע דאַטשעס, אייגענע מאַשינעס און וועמען ס׳איז דערלויבט זיצן אין גרויסן טעאַטער ניט ווייטער פון דער דריטער, פערטער ריי.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, געווען קינדעריש פון זיין זייט אַזוי צו טראַכטן, אָבער ס׳איז פּאָרט געווען אַ צייט, ווען אים, באָריסן, האָט זיך געדוכט, אַז אַזוינע מענטשן, ווי אַלעקס פאָטער, שיידן זיך אונטער אַפילע אויסערלעך פון אַלע אַנדערע מענטשן. ווען ער זאָל צו יענער צייט געווען

באַגעגענען עמעצן פון זיי, וואָלט ער מיסטאָמע פריִער פון אַלץ געכאַפּט אַ קוק, וויפל פינגער פאַרמאָגט אַזאַ איינער אויף דער האַנט. אויך פינף?

ווען ער האָט אָבער באַ די סיוועריס אין שטוב אַנומלטן געהערט פון מאַרגאַריטען, וואָס פאַר אַן אויסדערוויילטע לאַגע איר פאָטער פאַרנעמט, האָט עס שוין אויף אים ניט געמאַכט דעם רושם, וואָס מיט עטלעכע יאָר פריִער, ווייל צו יענער צייט האָט ער שוין ניט איין מאָל געזען, און גאָר נאָענט, אייניקע פון די, וועלכע ער האָט פריִער געקאָנט זען בלויז נאָר אויף די בילדער אָדער אויף אַ דעמאָנסטראַציע. ער האָט צו יענער צייט שוין אַפילו באַוויזן זיין אין אַזוינע ערטער, וועלכע האָבן אים פריִער אויסגעזען מעסוקן ווייט, ערגעץ גאָר אויף אַן אַנדער ערד, כאָטש די דאָזיקע ערטער האָבן זיך געפונען פון זיין שטוב אָוועלכע צען—פופצן מינוט פאָרן.

און דאָך האָט באָריס ניט אופגעהערט זיך איצט צוקוקן צו וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן, און וואָס לענגער ער האָט אים באַטראַכט, אַלץ מער האָט ער אין אים געפונען ענלעכס צו די אַר־בעטער פון זיין גוס־צעך. באָריס האָט עס אים אַפילו שיר ניט געזאָגט, נאָר וועניאַמין זאַכאַריע־וויטש האָט זיך מיטאַמאָל אופגעהויבן פון בענקל און, אַריינקוקנדיק באָריסן גלייך אין די אויגן, האַרב געפרעגט:

— וואָס האָט אייך געצווונגען גיין אָפּן זאַוואָד? נאָר דעם עמעס, בלויז דעם עמעס.

— ס׳הייסט, פאַרוואָס בין איך ניט געגאַנגען אין אינסטיטוט?

— דאָס ווייס איך אָן אייך. איר האָט זיך פּאָשעט דערשראָקן. סטרוסילי. צו אַ גרויסער קאָנקורס.

— פּאַפּאַ, — האָט זיך שטיל אָנגערופן אַלעק, — באָריס האָט פאַרענדיקט די שול מיט אַ זילבערנער מעדאַל.

— מעדאַליסטן דאַרפן איצט אויך האַלטן עקזאַמען.

— דאָך מיין איך, — באָריס האָט אַכטונג געגעבן, די שטים זיינע זאָל אים ניט אונטער־פירן, — אַז איך וואָלט אָפּגעגעבן די עקזאַמענעס מיסטאָמע ניט ערגער פון...

— פון אַלעקן? — האָט סיוועריס אים איבערגעשלאָגן. — מעגלעך, גאַנץ מעגלעך. הייסט עס, די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס אַלעק איז ניט קיין פּאַכדן.

— איר זייט זיכער אין דעם, כאַווער פּאָלקאָווניק?

— אין וואָס?!

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש זאָל ניט געווען זיין אַזוי פאַרנומען מיט זיך, מיט וועלן דערוויזן אַזוינס, אין וואָס ער אַליין האָט שוין קנאַפּ געגלייבט, וואָלט ער זיכער באַמערקט, ווי שטרענג באָריס האָט אַ קוק געטאָן צום פענצטער, באַ וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַלעק, און ווי פאַרלוירן אַלעק האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. צי ווייל באָריסן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלעק וועט באַלד אַליין נעמען דערציילן, וואָס איז געשען נעכטן, צי ווייל ער האָט אויף זיך דערפילט בראָניסלאַווע סאָלאָוונעס דערשראָקענעם בליק, וואָס האָט זיך ווי געבעטן: „פאַרשטערט אונדז ניט די סימ־כע“, — אַלנפאַלס, וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן האָט ער אויף דער פראַגע געענטפערט לאַכלוטן ניט דאָס, וואָס ער האָט זיך געקליבן:

— אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, כאַווער פּאָלקאָווניק, פּאָדערט זיך באַם אָנקומען אין אינס־טיטוט ניט נאָר דרייסטקייט, נאָר אויך די געהעריקע צאָל באַלן.

סיוועריס האָט זיך לענגער איינגעקוקט אין באָריס׳ עטוואָס פאַרזשמורעטע אויגן, אין וועלכע, ווי ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, עס שוועבט אום אַ פאַרבאָרגענער שמייכל, און דייטלעך, באַטאָ־נענדיק יעדן זילב, געפרעגט:

— איר ווילט, אַפּנים, זאָגן, אַז עמעצער האָט פּראָטעזשירט אַלעקן, יאָ?

באָריס האָט זיך אופגעהויבן, געבנדיק דערמיט צו וויסן, אַז ער האָט ניט דעם מינדסטן כיישעק ווייטער פירן דעם ניט אָנגענעמען געשפּרעך, אַז ער האָט ביכלאַל קיין כיישעק ניט זיך דאָ מער פאַרהאַלטן. וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז אָבער ניט אָפּגעטראָטן:

— נו?

— עפּשער וואָלט געווען גענוג? — האָט זיך אַריינגעמישט די שטילע און אָנגעשראָקענע בראָניסלאַווע סאָלאָוונע. — געפונען אַ צייט...

— איין רעגע נאָר. כ׳וועל בעטן די געסט מיר אַנטשולדיקן.

— ביטע, ביטע, — האָבן איינציייטיק זיך אָנגערופן סיי די, וועלכע זיינען געווען נייגעריק וויסן, מיט וואָס וועט זיך סאָפּקאָלסאָף ענדיקן אָט דער ניט געוויינלעכער שמועס, און סיי יענע, וועמען דער דאָזיקער געשפּרעך איז אינגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען.

— נו, איז וואָס? — האָט סיוועריס איבערגעפרעגט באָריסן, נאָך דעם, ווי ער האָט אים קי־מאַט מיט גוואַלד צוריק אוועקגעזעצט אויף דעם שטול.

— מיר דוכט, כאַווער פּאָלקאָווניק, אַז כ׳האָב אייך אויף אַלץ געענטפערט.

— ניין, ניין, ווײַבאַלד איר האָט שוין וועגן דעם פּאַרפּירט אַ רייד, איז זײַט אַזוי גוט און זאָגט, ווער האָט געהאָלפן אַלעקן אָנקומען אין אינסטיטוט.

— ווענימאַמין...

— סאָוואָלאָוונע, איך בעט אונדז ניט שטערן. נו, איז ווער?

באָריס האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, צוליב וואָס גרײַפט ער אָן אים אַזוי אָן, אַלעקס פאָ־טער, צוליב וואָס דאַרף ער, מע זאָל אין אַלעמענס אָנוועזנהײַט... צי רעכנט ער ניט אויס מיט דעם אָפּוואַרפן דערווײַל פון זיך יעטווידן כשאַד?

— נו, איז ווער? — האָט ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש שוין צום דריטן מאָל איבערגעפרעגט, ניט אָפּווענדנדיק פון באָריסן זײַן שאַרפן אָנגעשטרענגטן בליק. — נו?

באָריס האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען:

— מיר דוכט, אַז אײַך איז עס באַוווסט ניט ווייניקער, ווי מיר.

— איז, אויב אַזוי, זאָגט טאַקע. וואָס? קיין מוט ניטאָ? און איך, זעט איר, האָב ניט מוירע. איך האָב ניט מוירע זאָגן דאָ פאַר אַלעמען. יאָ, כ׳האָב געהאָלפן מײַן זון אָנצוקומען אין אינס־טיטוט, און איך זע אין דעם ניט קיין פאַרברעכן. דאָס אָבער, וואָס איינקע עלטערן דערלאָזן, אַז זייערע קינדער... יאָ, די, וואָס גייען אויף די זאוואָדן, פאָרן אויף צעלינאַ בלויז צוליב להאַטעס, צוליב אָנקלײַבן סטאַזש, קעדיי דערנאָך לײַכט ארײַנשפּרינגען אין אינסטיטוט, די זײַנען באַ מיר ניט קיין אַרבעטער. מיך האָט דער פאָטער מײַנער געשיקט אין די קריוקאָווער וואַגאָן־וואַר־שטאַטן ניט נאָך להאַטעס און ניט אויף צו קלײַבן סטאַזש, נאָר פאַרדינען אויף ברויט. געהערט וועגן אַזאַ שטעטל באַם דניעפּער, ווי קריוקאָוו? מאַקאַרענקאָ האָט דאָרט אַמאָל געוווינט.

— דער אוטאָר פון דער „פּעדאַגאָגישער פּאָעמע“?

— אָט־אָט. מײַן טאַטע מיט זײַן טאַטן האָבן אַ היפּש ביסל יאָרן געאַרבעט צוזאַמען אינעם מעבל־צעך פון די קריוקאָווער וואַגאָן־וואַרשטאַטן. מיך אָבער האָט מײַן פאָטער געשיקט אין מעכאַנישן צעך, פאַר אַ שלאָסער. פופצן יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען, און איר, יונגערמאַן, האָט געמיינט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ קיטל מיט גרייטע פּאַגאָנעס פון אַ פּאָלקאָוו־ניק. עך, יוגנט, יוגנט... איז אָט, טײַערער כאַווער, באַ אונדז אין די וואַרשטאַטן האָבן אין יענער צײַט געאַרבעט עטלעכע יונגעלײַט פון פאַרמעגלעכע מישפּאָכעס, אָבער מער ווי אַ יאָר צי אָנדערהאַלבן האָט זיך זעלטן ווער פון זיי פאַרהאַלטן אין צעך. גאַנץ פאַרשטענדלעך: איינקע פון זיי זײַנען דאָך אָנגעקומען נאָר אײַנריכטן די הענט, זיי זאָלן זיך נאָכדעם קאָנען אויסגעבן פאַר אַרבעטער, ריידן אין נאָמען פונעם אַרבעטער־קלאַס, מיט איין וואָרט, זיך געשפּילט אין פּראָלע־טאַריאַט, געיאָגט זיך, אַזוי צו זאָגן, נאָך דער מאָדע. אָט די דאָזיקע יונגעלײַט האָט מען באַ אונדז אין די וואַרשטאַטן גערופן „נאַראָדניקעס“.

איינער פון די געסט — אַ מאַיאָר מיט פריילעכע אַנטראַציט־שוואַרצע אויגן, מיט אַ גרוי ווערנדיקן געקרײַזלטן קאָפּ האָר — האָט זיך אָנגערופן:

— דערלויבט מיר מאַכן איין קליינע באַמערקונג, כאַווער פּאָלקאָווניק.

— אַנטשולדיקט, כאַווער מאַיאָר, כ׳האָב נאָך ניט פאַרענדיקט.

לויטן אויפן, ווי דער דאָזיקער מאַיאָר, וואָס אַרבעט באַ ווענימאַמין זאַכאַריעוויטשן אויף דער קאַטעדרע, האָט זיך ארײַנגעמישט אין געשפּרעך, איז שווער געווען אָפּצוכאַפּן, וואָס, אייגנט־לעך, פאַר אַ באַמערקונג קלײַבט ער זיך מאַכן. נאָר דער אײַנדרוק איז געווען, אַז דער מאַיאָר איז געניײַגט דערווידערן. אין אַזעלכע פאַלן איז ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש געוווינט גלײַך אויפן אָרט יענעם אָפּשטעלן. צוליב דעם איז געווען, ער זאָל בלויז אָנרוקן די געדיכטע ברעמען און אַרויס־שטעלן די קײַלעכיקע ברוסט.

— און אין די יאָרן פון נעפּ? — האָט סיוועד פאַרגעזעצט שוין עטוואָס העכער, — צוליב וואָס האָבן די נעפּמאַנישע זינדלעך און טעכטערלעך זיך אַ לאַז געטאָן דעמאָלט אויף די זאוואָדן און פאַבריקן? פּראָלעטאַריער ווערן? אַ פאַריין־ביכעלע קריגן, אין אינסטיטוט דורכקריכן — אָט אין וואָס עס איז געגאַנגען. ניין, מיט אַזעלכע פּראָלעטאַריער וואָלטן מיר מאַגניטאָגאָרסק און קאָמסאָמאָלסק ניט אויסגעבויט. און איצט? ווי מיינט איר, ווען מײַן באָכער זאָל געווען קומען און זאָגן: „טאַטע, כ׳וויל ווערן אַ שלאָסער, אַ טאָקער, אַ שמיד“, — צי וואָלט איך אים אָפּגע־רעדט פון דעם? שיקן אים אָבער אויפן זאוואָד, אויף דער צעלינאַ נאָך להאַטעס, ער זאָל דאָרט פונעם ערשטן טאָג שוין אָנהייבן ציילן, וויפל דאַרף ער נאָך אָפּאַרבעטן, קעדיי אָנקלײַבן סטאַזש אויף ארײַנטרעטן לײַכט אין אינסטיטוט, אויף דעם, זעט איר, קאָן איך ניט אײַנגיין. אָט שטעלט זיך פאָר, — האָט ער זיך געווענדט צום מאַיאָר, — אַז איר זײַט, צום בײַשפּיל, אַ דירעקטאָר פון אַ זאוואָד. זאָגט, איר וואָלט גענומען אויף אַרבעט אַזעלכע פּראָלעטאַריער?

— באַשטימט.

— דאָס רעדט איר נאָר אַזוי, מאַיאָר. מיט אַזעלכע „נאַראָדניקעס“ וואָלט איר דעם פּלאַן ניט

אויסגעפּילט! — און אויסדרייענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער צו באָריסן, האָט ער וואָגיק און לאַנגזאַם, ווי באַם אָפּגעבן אַ באַפעל, געזאָגט:

— אויב איר זײַט געגאַנגען אָפּן זאַוואָד צוליבן סטאַזש, איז מיר פּאָשעט אַ שאָד די צוויי־דרײַ יאָר, וואָס איר וועט דאָרטן פּאַטערן.

— איר זײַט ניט גערעכט, כאַווער פּאָלקאָווניק, אַבסאָליוט ניט גערעכט! — האָט זיך ווידער אַרײַנגעמישט דער מאַיאָר. — אָט איך, צום בײַשפּיל, האָב נאָך דערווײַל ניט באַגעגנט קיין איין רעכטן גענעראַל, וואָס זאָל ניט געוועזן אָנהייבן ווי אַ געוויינלעכער סאָלדאַט.

— און איך, זעט איר, האָב גראָד יאָ באַגעגנט, נאָר ניט אין דעם, געאַכטער כאַווער מאַיאָר, גייט עס. ווי איך פאַרשטיי, ווילט איר זאָגן, אַז מע קאָן ניט זײַן קיין גוטער אינזשעניער, אויב מע האָט ביזן אינסטיטוט ניט געהאַלטן קיין האַמער אין דער האַנט. דאָס אָבער קאָנען אונדזערע קינדער זיך אויסלערנען אין שול.

— עס גייט דען בלויז אין קאָנען האַלטן אַ האַמער אין האַנט?

— אָט־אָט־אָט. איך בין אָבער ניט זיכער, כאַווער מאַיאָר, אַז דער, וואָס איז אָפּגעזעסן די צוויי־דרײַ יאָר אויף אַ טראַקטאָר, וועט זיך בעסער פאַנאַנדערקלײַבן, לאָמיר זאָגן, אין אַסטראָנאָמיע צי געאָלאָגיע, ווי דער, וואָס איז גלײַך פון שול געגאַנגען אין אינסטיטוט. סײַדן איר האַלט, אַז אין די באַרג־אינסטיטוטן דאַרף מען אָנעמען נאָר שאַכטיאָרן, אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע — נאָר קאָלווירטניקעס. נו, און וואָס וועט איר, אַשטייגער, טאָן מיט די שוסטערס, שנײַדערס, פאַריקמאַכערס?.. אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, זײַנען נאָך דערווײַל ניט געשאַפן קיין פאַבריקמאַכערשע אינסטיטוטן.

— איר ווילט פאַרוואַנדלען דעם געשפּרעך אין אַ שפּאַס?

— מיט וואָס?

— דערלויבט מיר דאַן ניט גלייבן, כאַווער פּאָלקאָווניק, אַז איר ווייסט ניט, אין וואָס דאָ גייט.

דער מאַיאָר איז אַנשוויגן געוואָרן, ווי ער זאָל ווירקלעך וואַרטן אויף אַ דערלויבעניש פאָרזעצן דעם געשפּרעך, און פונקט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז דער שעף זײַנער וועט טאַקע אַזוי אויסטײַטשן זײַן שווײַגן, האָט ער גלײַך איבערגעכאַזערט:

— דערלויבט מיר, כאַווער פּאָלקאָווניק, ניט גלייבן, אַז איר ווייסט ניט, אין וואָס דאָ גייט. — און מיטן זעלבן אימפּעט שוין פאָרגעזעצט: — עס גייט אין דעם, אַז די, וואָס קוקן אויף פיזישער אַרבעט ווי אויף אַ מין אָפּקומעניש, שיר ניט ווי אויף אַ שענדלעכער זאַך, זאָל מען אויף קיין מײַל ניט צולאָזן צום אינסטיטוט! דערמאָנט זיך, כאַווער פּאָלקאָווניק, ווי מיר מיט אײַך האָבן אין דער יוגנט שטאָלצירט, וואָס מיר זײַנען אַרבעטער. דעם דאָזיקן שטאָלץ דאַרפן מיר אײַנפּלאַנצן בײַ אונדזערע קינדער.

— די צײַט איז איצט אַן אַנדערע. מיר מיט אײַך זײַנען געגאַנגען פאַרדינען אויף ברויט. און זיי? כ'ווייס ניט, ווי איר, איך, אַשטייגער, בין ניט קיין גרויסער אָנהענגער פון פאַרניקאָווע קולטורן.

— שטעלט זיך אָבער פאָר, כאַווער פּאָלקאָווניק, אַז אַ סאַך פון אָט די „נאַראָדניקעס", ווי איר רופט זיי, בויען איצט בראַטסק, אַקערן אויף די צעלינאַ. יאָ, צווישן דער אָנגעפאָרענער יוגנט וועט איר דאָרט זיכער באַגעגענען אויך ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס זײַנען געקומען אַהין נאָך להאַטעס. נו, איז וואָס? און ווען איך בין געפאָרן בויען קאָמסאָמאָלסק, האָב איך דען ניט געטראַכט, אַז איך פאָר אַהין נאָר אויף אַ שטיקל צײַט? די ערשטע עטלעכע וואָכן האָב איך אויך געציילט די טעג. דער סאָף איז אָבער געווען, אַז אין אַ האַלב יאָר אַרום האָב איך שוין קימאַט פאַרגעסן, אַז איך בין אַן אָנגעפאָרענער. מיר ווייסן אָפּט אַליין ניט, וואָס פאַר אַ קראַפט עס שטעקט אין דער אַרבעט. ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט איך נאָך איצט געוועזן דאָרט. ס'קאָן זײַן, אַז באָריס ציילט טאַקע, וויפל טעג ער האָט נאָך צו אַרבעטן. אָבער אין אַ דרײַ־פיר כאָדאָשים אַרום וועט ער שוין אין דעם פאַרגעסן. איך בין אַפילע זיכער, אַז אויב ער וועט אין אַ פּאָר יאָר אַרום אַוועקגיין זיך לערנען, וועט ער בענקען נאָכן זאַוואָד.

— מעגלעך, מעגלעך, — האָט סיוווער פאַר זיך אַ זאָג געטאָן און זיך אומגעקוקט צו אַלעקן.

## III

באָריס לאַגונאָוו האָט ניט אָפּגעווענדט דעם פאַרכידעשטן בליק פונעם מאַיאָר, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען, ווו האָט ער אים געזען, דעם קרעפּטיקן מיליטערמאַן מיטן גרוי וועראַנדיקן קאָפּ האָר און מיט די יונגע פריילעכע אויגן.

— נו, אַלעק? פאַרענדיקט, דאַנקען גאָט, — האָט אין דער אָפענער טיר פון זאַל זיך דערהערט בראָניסלאַווע סאָוּלאָוונעס קאָל.

— האָסט אַלץ מוירע, סאָולאָוונע, אַז דו וועסט ניט באַווײַזן מעכאַבעד זײַן די געסט מיט אַלע דײַנע מײַכאָלים. ביז טאָג איז נאָך, האַכט זיך, גאַנץ ווײַטלעך.

לויט דעם, ווי וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו דעם אָפֿענעם שאַכטל פּאַפּיראָסן, וואָס איז געלעגן אויפֿן טיש, און באַלד אַ כאַפּ געטאָן די האַנט אַף צוריק, האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז אַלעקס פֿאָטער איז פֿון די, וועמען ס׳קומט אָן זייער שווער פֿון עפּעס זיך אָפּגעוויינען.

— אַלעק, וואָס איז עס פֿאַר אַ שטיין באַם פֿענצטער? — האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש זיך אָנגערופֿן צום זון, גלײַך ער וואָלט ערשט איצט באַמערקט, אַז דער באַלסימכע איז ניטאָ באַם טיש. געזאָגט האָט ער עס אַזוי, אַז באָריסן האָט זיך געדאַכט — אָט וועט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש צוגיין צום פֿענצטער און ברענגען פֿון דאָרטן צו פֿירן פֿאַרן הענטל דעם אַכצניאָריקן באָכער זײַנעם. פֿאַר באָריסן איז ניט געווען אומדערוואַרט, ווען בראָניסלאַווע סאָולאָוונע האָט פּלוצעם געזאָגט:

— אַז איך פֿאַרשטיי ביכלאַל ניט, צו וואָס זײַנען אָט די אַלע רייד. מאַלע־וואָס עמעצן איז ניט געפֿעלן, לעמײַ אונדזער אַלעק איז ניט געגאַנגען אויפֿן זאַוואָד, נאָר אין אינסטיטוט. סאָפּקאָלסאָף האָסטו פֿאַרדינט, אַז דײַן איינציקער זון זאָל ניט פֿאַטערן אומזיסטע צוויי יאָר. — און איבערוקנדיק אַף דער דאַרער אָנטבלויזטער האַנט מיט די בלויע אָנגעצויגענע אָדערן דעם מאַסיוון גאָלדענעם בראַסלעט, האָט זי זיך געווענדט צום מאַיאָר: — באַ אײַך קומט ביכלאַל אויס, אַז ביז איצט זײַנען דורכויס געווען שלעכטע אינזשעניערן, שלעכטע דאָקטוירים, און נאָר דערפֿאַר, וואָס נאָכן פֿאַרענדיקן די שול זײַנען זיי געגאַנגען אין אינסטיטוט און ניט אויפֿן זאַוואָד.

— אַנטשולדיקט, כ׳האָב אַזוינס ניט געזאָגט און קאָן אַזוינס ניט זאָגן. נאָר אויב איר פֿרעגט מיך, בין איך גרייט ווידער און ווידער איבערכאַזערן. יאָ, ווען אונדזער יוגנט וואָלט געגאַנגען אין אינסטיטוט ניט פֿון שול, נאָר, אַזוי צו זאָגן, פֿונעם לעבן, וואָלטן מיר געהאַט אַ סאַך ווייניקער שלעכטע אינזשעניערן, שלעכטע אַגראָנאָמען, שלעכטע דאָקטוירים, שלעכטע לערער... איר ווייסט דאָך מיסטאָם, ווי באַ אונדז, מיליטערלײַט, זאָגט מען: „זאַ אַדנאָוואָ ביטאָוואָ דאַיוט דעסיאַט ניעביטיך“[1].

— ריכטיק, זייער ריכטיק.

אַלע באַם טיש האָבן זיך אומגעקוקט צו דעם בלאָנדן מיטליאָריקן מאַנצבל מיטן קורץ אונטערגעשוירענעם בערדל, וואָס האָט, ווי אַ קאַמערטאָן, געהאַלטן באַם אויער דעם זילבערנעם גאָפּל און זיך לײַכט געשאָקלט. באָריס האָט נאָך ניט באַוויזן אַ טראַכט טאָן, ווער, אַשטייגער, קאָן עס זײַן, ווי וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט שוין הויך און פֿײַערלעך געמאָלדן:

— דערלויבט פֿאָרשטעלן אונדזער זייער כאָשעוון גאַסט, איינעם פֿון אונדזערע אָנגעזעענסטע פּראָפֿעסאָרן, דעם צוויי מאָל לאַורעאַט פֿון...

— דאָס, זעט איר, געערטער קאָלעגע, איז שוין אינגאַנצן איבעריק. צו וואָס דאָס פֿאָרשטעלן מיך מיט אַלע מײַנע טיטלען, שיר ניט ווי אין אַ נעקראָלאָג? דאָ בין איך ניט קיין פּראָפֿעסאָר, ניט קיין לאַורעאַט, ניט קיין אַזוי ווײַטער און ווײַטער, נאָר אַ געוויינלעכער גאַסט, ווי אַלע, און אויב איר וועט ניט דערווידערן, וואָלט איך אויך געוואָלט זאָגן עטלעכע ווערטער. ביכלאַל גערעדט, איז דאָ ניט דאָס אָרט און ניט די צײַט אַף פֿירן אַזעלכע געשפּרעכן, נאָר וויבאַלד איר אַליין האָט אים אָנגעהויבן, איז זײַט אַזוי גוט און נעמט די שולד אַף זיך.

— אָ, מיט ביידע הענט!

ווי ייִנגלש וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט איצט ניט אויסגעזען מיט די אופֿגעהויבענע הענט, האָט עס דאָך באַ קיינעם ניט אַרויסגערופֿן קיין שמייכל, ווי מע וואָלט עס ניט וועלן באַמערקן.

באָריסן איז נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען באַגעגענען אַ מענטשן מיט אַזעלכע אויגן, ווי באַ אָט דעם בלאָנדן. פֿונוואַנען דו זאָלסט אַף זיי ניט קוקן, דוכט זיך אויס, אַז זיי גייען דיר נאָך, ווי די אויגן באַ אַ מענטשן אַף אַ פּאָרטרעט. און נאָך האָט ער באַוויזן, באָריס, צו באַמערקן: פּלוצעם לויפֿן די שוואַרצאַפּלען באַ אים איבער ביז די סאַמע ראַנדן פֿון די אויגן און ווערן אַף אַ ווײַלע פֿאַרפֿאַלן, ווי זיי וואָלטן פֿון צײַט צו צײַט דאָרט עפּעס אויסבאַהאַלטן. אויך דאָס קאָל זײַנס פֿאַרגעדענקט זיך. אַ מענטש מיט אַזאַ קאָל קאָן אָפּריידן עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד, און ס׳זאָל זיך אויסווײַזן, אַז ער האָט נאָרוואָס אָנגעהויבן, כאָטש די שטים איז באַ אים ניט אַזאַ שטאַרקע. באָריס איז געווען נײַגעריק צו וויסן, וויאַזוי איז די פֿאַמיליע פֿון אָט דעם יונגן פּראָפֿעסאָר. דאָ באַם טיש וואָלט אים מיסטאָמע קיינער ניט געקאָנט דערויף ענטפֿערן. ער האָט נאָך פֿון אָנפֿאַנג באַמערקט, אַז דאָ רופֿט מען זעלטן איינער דעם צווייטן באַם נאָמען, נאָר הויפּטזאַכלעך באַ די טיטלען און אַמטן.

---

[1] בוכשטעבלעך: פֿאַר איין געשלאָגענעם גיט מען צען ניט געשלאָגענע.

— האלט איר, הייסט עס, געערטער כאווער פאָלקאָווניק, אז אין אלץ איז שולדיק די צײַט? אז אין דעם, וואָס אײַער זון איז גלײַך פון שול געגאנגען אין אינסטיטוט און דאָס דאָזיקע באָכערל, וואָס האָט נאָך קיין מאָזאָליעס אף די הענט, ציילט שוין, מעגלעך, די טעג, איז שולדיק בלויז נאָר די צײַט? — זײַן ברוסטיקע שטים האָט ווי אויסגעפעלט לופט. — און וועמען, דערלויבט מיר צו וויסן, קלײַבט איר זיך באשולדיקן אין דעם, וואָס אונדזערע קינדער, אָנהייבנדיק שיר ניט פון פינפטן צי זעקסטן קלאס, הערט אוף קימאט קימערן, וואָס פאר א באל דער לערער וועט זיי שטעלן: א דרײַ צי א פיר? און טאקע, צוליב וואָס שטרעבן זיך לערנען אף א פיר און א פינף, אז סײַווי וועט אויסקומען גיין ארבעטן? צו וואָס שטרעבן ענדיקן די שול מיט א מעדאל, אז סײַווי האָט עס איצט קיין ווערט ניט? פראָדוציר־סטאזש און א דרײַ — מער דארף מען גאָרנישט. אָט וואָס מיר קאָנען אצינד הערן אפילע פון א שילער פון פינפטן קלאס. און דאָס, זעט איר, איז שוין א געפאר. און ווער איז אין דעם שולדיק? די צײַט? די קינדער? ווער איז שולדיק, וואָס בא אייניקע עלטערן איז דער אינסטיטוט געוואָרן א מין מאָדע? וואָס הייסט דאָס קינד וועט בלײַבן אָן א דיפלאָם! דערבײַ גייט זיי אפילע אָפטמאָל ניט אָן, אין וועלכן אינסטיטוט אָנקומען. און צו וואָס ברענגט עס? צוגרייטן צען „ניעביטיך“, צען שלעכטע אינזשעניערן צי אגראָנאָמען קאָסט דער מעלוכע ניט וויניקער ווי צען „ביטיך“. נייך, פיל געערטער קאָלעגע, אין דעם, וואָס אײַניקע יוגנטלעכע קוקן אף א זאוואָד צי אף א קאָלווירט, ווי אף א צײַטווײַליק אָפקומעניש, איז שולדיק ניט די צײַט, נאָר יענע עלטערן, וואָס זײַנען אָפגעשטאנען פון דער צײַט.

ווארפנדיק אן אומרויִקן בליק אף די ברא, אפן דרײַלאָמפיקן טאָרשער בא די טרעפ, אף די סטאטועטקעס, וואָס זײַנען געשטאנען אף דער פיאנע, האָט ער צוגעגעבן:

— ווען איר, בראָניסלאווע סאולאָוונע, צי איך, אשטייגער, ברענגען אויס געלט אף זאכן, וועלכע זײַנען אונדז אינגאנצן ניט נייטיק, נאָר טוען עס דערפאר, ווײַל מיר יאָגן זיך נאָך דער מאָדע, לײַדט דערפון בלויז די מישפאָכע, אָבער דאָס, וואָס אייניקע פון אונדז האָבן זיך געמאכט פאר א מאָדע — שיקן די קינדער נאָר אין אינסטיטוט, ווען די קינדער אליין האָבן נאָך אפילע ניט באוויזן אויסקלאָרן בא זיך, צו וואָס ציט זיי דאָס הארץ, — דערפון לײַדט דאָס לאנד.

— דאָס, זעט איר, איז שוין עפעס אנדערש, — האָט זיך ארײַנגעמישט וועניאמין זאכאריעוויטשעס טאָכטער, מארגאריטע, — נאָר דערצו איז פאראן אן אויסוועג.

— אשטייגער?

— די עלטערן, וואָס ווילן, אז זייערע קינדער זאָלן נאָך דער שול גיין גלײַך אין אינסטיטוט, דארפן נעמען אף זיך אלע הויצאָעס. עס זײַנען דאָך בא אונדז פאראן געצאָלטע פאָליקליניקעס, געצאָלטע קורסן. פארוואָס זשע זאָלן בא אונדז ניט זײַן קיין געצאָלטע הויכשולן?

— נו, און די, וואָס זײַנען ניט אימשטאנד צו צאָלן? — מארגאריטע האָט ניט באמערקט דעם באהאלטענעם שמייכל, מיט וועלכן איינער פון די געסט האָט עס זי געפרעגט.

— וועלן זיי ענדיקן דעם אינסטיטוט מיט א צוויי־דרײַ יאָר שפעטער.

פון דעם, ווי וועניאמין זאכאריעוויטש האָט זיך איבערגעקוקט מיט בראָניסלאווע סאולאָוונען און אומרויִק געפויקט מיט די פינגער איבערן טיש, האָט באָריס זיך אָנגעשטויסן, אז וועגן דעם אלץ איז מיסטאמע דאָ אין שטוב שוין ניט איין מאָל געווען א רייד. פארשטאנען האָט עס, ווײַזט אויס, ניט נאָר ער איינער, און דערפאר, מעגלעך, האָט זיך מיטאמאָל אײַנגעשטעלט באם טיש א שווערע שטילקײַט.

— איז וואָס טרינקט איר, בראנפן צי ווײַן? — האָט וועניאמין זאכאריעוויטש איבערגעריסן די שטילקײַט מיט זײַן געדיכטער שטים, ווענדנדיק זיך צו באָריסן.

— ניט קיין בראנפן און ניט קיין ווײַן. — און ווארפנדיק א זײַטיקן בליק אף אלעקן, האָט באָריס באזונדערס הויך געפרעגט: — וועסט מיך באגלייטן? — און זיך אופגעשטעלט.

זײַן פראגע האָט א קלונג געטאָן ווי א באפעל.

ערשט איצט האָט וועניאמין זאכאריעוויטש באמערקט אלעקס פארלאָרענעם אויסזען און געמאכט פון דעם אן אויספיר, אז צווישן זײַן באָכער און באָריסן איז עפעס פאָרגעקומען.

— נו, איז גייסטו? — האָט באָריס מיט שטרענגקײַט, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונג, איבערגעפרעגט.

— וווהין? — האָט אָנשטאָט אלעקן געפרעגט וועניאמין זאכאריעוויטש און זיך אויך אופגעהויבן פון בענקל.

— וואָס קומט דאָ, אייגנטלעך, פאָר? — בראָניסלאווע סאולאָוונע האָט אן איבערגעשראָקענע זיך געשטעלט צווישן באָריסן און איר ייִנגל. — אלעק וועט אין ערגעץ ניט גיין. און ביכלאל פארשטיי איך ניט. איר זײַט, דאכט זיך, געקומען צו אונדזער אלעקן אפן געבורטסטאָג, איז וואָס איז דאָס פאר א געגנג פארפירן א געשפרעך אף גאנצע דרײַ שאָ און אנטלויפן. זעצט זיך בעסער צום טיש.

— איך דאַרף מאָרגן אופשטיין פרי צו דער אַרבעט.

— מאָרגן איז, דוכט זיך, זונטיק.

— אונדזער צעך אַרבעט אויך זונטיק.

— איך אין אײַערע יאָרן... — דער מאַיאָר איז אַף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין, וואָס האָט געקאָנט געשען צווישן די צוויי באַכערים, — איך אין אײַערע יאָרן, — האָט דער מאַיאָר איבערגעכאַזערט, — פֿלעג גאַנץ אָפט אַרומשפּאַצירן ביז קאַיאָר, און ס'איז ניט געווען דער פֿאַל, איך זאָל ווען־ניט־איז פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט. זעצט זיך צום טיש און הערט אוף טראַכטן וועגן דער עלעקטריטשקע. איך וועל אײַך אָפּפירן אַף מײַן „מאָסקוויטש" ביז צו די סאַמע טויערן פון אײַער זאַוואָד.

— אַ דאַנק, כאַווער מאַיאָר, נאָר כ'קאָן זיך מער ניט פאַרהאַלטן. מע וואַרט אַף מיר אין דער היים... אַ גוטע נאַכט.

— אַלעק, וועסט אין ערגעץ ניט גיין!

— איך וועל באַלד קומען צוריק, מאַמע, איך וועל נאָר אַרויסבאַגלייטן באָריסן ביזן וועלדל. — און פונקט אַזוי שטיל, ווי ער האָט עס געזאָגט, אַזוי שטיל האָט ער אויך צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר פון דער העל־באַלויכטענער גלעזערנער טעראַסע.

## IV

באַם וועלדל, וואָס האָט זיך געשוואַרצט אַנטקעגן דער דאַטשע, ווי אַ פאַרבליבענער רויך פון אַ דורכגעלאָפענעם צוג, האָט אַלעק ווידעראַמאָל פאַרצאַמט באָריסן דעם וועג:

— וועסט מיר סאָפּקאָלסאָף זאָגן, וואָס איז געשען? פאַרוואָס?..

— נעם צו די הענט! דו הערסט?! — און מיט די זעלבע געמאָסטענע טריט, מיט וועלכע ער האָט פאַרלאָזט די דאַטשע, איז באָריס אַרײַן אינעם אַראָפּבאַרגיקן וועלדל, וואָס האָט געפירט צו דער סטאַנציע אַף יענער זײַט טײַך.

— אַך, אַזוי גאָר! ווילסטו, הייסט עס, ניט... נו, גוט! — און אַלעק האָט אַף אַ מיליטערישן אויפן זיך געגעבן אַ דריי אויס צו די לויכטנדיקע פענצטער פונעם גרינעם באַרגיקן שטעטל. — מיינסט טאַקע, אַז...

— טרוס![1]

אין דער ערשטער רעגע האָט אַלעקן זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס ווינטל האָט אַ רויש געטאָן מיט די פאַרבליבענע בלעטער אַף דיביימער. אינעם שטילן רויש פונעם וועלדל איז ווירקלעך געווען עפּעס ענלעכס אַף דעם, וואָס ער האָט נאָרוואָס דערהערט, און דאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, דערשראָקן זיך אַרומגעקוקט און אַ סאַך שטילער, ווי אים האָט זיך עס געוואָלט, איבערגעפרעגט:

— האַ?

— טרוס! — האָט פון צווישן די ביימער זיך ווידער דערטראָגן באָריס' שטים.

לויט דעם שאָרכען פון די אָפּגעפאַלענע בלעטער אַפן שטעג האָט באָריס פאַרשטאַנען, אַז אַלעק קלײַבט זיך אים ניט אָניאָגן. ער גייט אים פּאַמעלעך נאָך, ס'זאָל זיך ניט באַקומען, אַז ער האָט זיך פאַר אים דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. קוים אָבער וועט זיך אַלעק איבערצײַגן, אַז צו באָריסן איז דערגאַנגען דער אָפּהילך פון זײַנע נאָכגייענדיקע טריט, וועט ער זיך גלײַך אומקערן צוריק און געוויס טראַכטן: „אָט, מיט דעם אַליין, וואָס ער איז אים נאָכגעגאַנגען אַ שטיק וועג אינעם געדיכטן באַנאַכטיקן וועלדל, האָט ער דערוויזן, אַז ער איז ניט קיין פּאַכדן". דאָס זעלבע, ווי עס גיט זיך אויס באָריסן, הערן ניט אוף איבערצוכאַזערן די בלעטער אונטער אַלעקס שאַרנדיקע טריט, זיי האַלטן ווי אין איין פרעגן: „נו, כ'בין אַ פּאַכדן? נו, כ'בין אַ פּאַכדן?" — און באָריסן גלוסט זיך אַ געשריי טאָן אַפן גאַנצן וואַלד: „יאָ, ביסט אַ פּאַכדן! יאָ, ביסט אַ פּאַכדן!"

אומגעריכט האָט באָריס דערפילט אַ שטויס אין אַקסל. פון אומדערוואַרטקײַט איז ער אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זײַט און ניט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס איז אַלעק. אַזאַ האָט ער אים נאָך קיינמאָל ניט געזען. אַלעק איז געגאַנגען שווער, אײַנגעהויקערט, ווי אײַנגעשפּאַנט אין די לאַנגע שאָטנס פון די ביימער. ווען ער איז דורך פאַרבײַ אים, האָט באָריסן זיך אויסגעוויזן, אַז אַלעק גייט מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט נאָך, אייגנטלעך, אַליין ניט, וווהין ער גייט און נאָך וואָס ער גייט. זײַנע שאַרנדיקע טריט האָבן ניט אויסגעמיטן די אָנגעשאָטענע קופּעס בלעטער, וואָס האָבן ערטערווײַז דערגרייכט קימאַט ביז די קני.

---

[1] פּאַכדן.

איצט איז שוין אַלעק געגאַנגען פֿון פֿאָרנט און ער, באָריס, פֿון הינטן. די שטרעקע צווישן זיי איז וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ גרעסער. באָריס האָט זיך ניט איבעריקס אָנגעשטרענגט אים דעריאָגן. אים האָט ווידער געמאַטערט דער געדאַנק, וואָס האָט אים טכּילעס אָוונט פֿאַרשלעפּט אין שאָטן פֿון די ביימער אין הויף פֿון דער דאַטשע. ער האָט זיך ווידער פֿאַרגעבן די זעלבע פֿראַגע: „און עפּשער האָט די נעכטיקע געשעעניש אין טראָלייבוס גאָר ניט אויסגעזען אַזוי, ווי מע האָט אים נאָכדעם וועגן דעם דערציילט. שעווע האָט דאָך געקאָנט איבערטרײַבן...“.

אין א ווײַלע אַרום איז באָריס גרייט געווען גלייבן, אַז דאָס קווענקלען זיך זײַנס נעמט זיך טאַקע פֿון דעם, וואָס ער איז ניט זיכער, צי מע האָט אים וועגן אַלעקס נעכטיקער אויפֿירונג ריכטיק דערציילט, צי האָט מען עפּעס ניט איבערגעטריבן. „יאָ, נאָר דאָס, בלויז נאָר דאָס, — האָט באָריס גענומען זיך אײַנריידן, — איז געווען די סיבע, וואָס ער איז באַלד ניט אַרײַן צו די סיווערס און וואָס ער אײַלט זיך איצט ניט אָניאָגן אַלעקן, וועלכער האָט שוין באַוויזן זיך היפּש דערווײַטערן פֿון אים“.

דאָס וועלדל, פֿון וועלכן זיי זײַנען אַרויס, איז פֿאַרשוווּנדן אין באַנאַכטיקן נעפּל. עס האָבן זיך באַוויזן די דרײַ־ און פֿיר־שטאָקיקע נײַע הײַזער, וואָס זײַנען געשטאַנען בישכיינעס מיט האַלב־אײַנגעפֿאַלענע הילצערנע כאַלופּעס און אַרומגעצאַמטע גערטענער. פֿון נאָענטן טײַך האָט זיך שוין געהערט דאָס פּליעסקען פֿון די כוואַליעס, דאָס קרעכצן פֿונעם פּאַראָם, נאָר באָריס האָט אַלץ ניט געמאַכט דעם מינדסטן פּרוּוו דעריאָגן אָדער אָפּשטעלן אַלעקן.

דער וועג, מיט וועלכן זיי זײַנען געגאַנגען, האָט געפֿירט נאָר צום וואָקזאַל. הייסט עס, אַז אַלעק האָט אויך באַשטימט פֿאָרן אין שטאָט, פֿאָרן זיך פֿאַרענטפֿערן צי זיך פֿאַרטיידיקן. ווײַבאַלד אַזוי, באַפֿרײַט ער אים דאָך פֿון דער שליכעס, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. ער זאָל מער וועגן דעם ניט טראַכטן, האָט באָריס זיך געפּרוּווט אומקערן צו דעם ניט פֿאַרענדיקטן געשפּרעך מיטן פּאַלקאָווניק. וועניאַמין זאַכאַריעוויטש, ווי ער האָט באַמערקט, איז ניט פֿון די, וואָס גיבן זיך אַזוי גיך אונטער, אַפֿילו דעמלט, ווען זיי ווייסן, אַז זיי זײַנען ניט גערעכט.

צווישן די ווײַטע טונקעלע שטערן איז אַרויסגעשוווּמען א נידעריקע לעוואָנע און גענומען אַרויסכאַפּן פֿון דער פֿינצטער פֿאַרבלאָנדזשעטע ביימלעך באַם וועג, צונויפֿגעלייגטע שטאַבעלען געהילץ, אָנגעוואָרפֿענע קופּעס ציגל, גערטנדלעך מיט ניט אויסגעגראָבענע בייטן קאַרטאָפֿל און בלוי־ווײַסע היפּטלעך קרויט. דער טונקעלער שטעג צווישן די גערטנדלעך האָט מיטאַמאָל א ליכט געטאָן אַנטקעגן דער לעוואָנע, ווי ער וואָלט געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט ליכטיקע געשליפֿענע שטיינדלעך. אינעם טויִקן גראָז, אין די צעעפֿנטע ווײַס־בלויע קרויט־בלעטער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די שטערן. דאָס אַלץ האָט אָבער אַלעק ניט באַמערקט. אָט דאָרט נאָך, באַם וועלדל, ווו ער האָט דערהערט פֿון באָריסן דאָס, וואָס ער האָט נעכטן געהערט פֿון שעווען, האָט ער אופֿגעהערט באַמערקן אַלץ אַרום. ער האָט זיך דערזען זיצן אינעם טונקל באַלויכטענעם טראָלייבוס, וואָס האָט זיך געטראָגן דורך די פּוסטע, נאָך ניט פֿאַרבויטע פּלעצער, קיין מניעווניקי, וווהין שעווע מיט איר מוטער האָבן מיט א קורצער צײַט צוריק זיך איבערגעקליבן אין א נײַער וווינונג.

שעווע איז געזעסן באַם פֿאַרהויכטן פֿענצטערל פֿון טראָלייבוס. איר וואַרעמע האַנט איז געלעגן אין זײַנער, און ביידע האָבן, ווי אַלעמאָל, ווען זיי זײַנען צוזאַמען, זיך געפֿילט גליקלעך, ניט אַזוי דערפֿאַר וואָס זיי זײַנען יונג, וואָס דאָס לעבן הייבט זיך ערשט אָן, נאָר ווײַל זיי דאַרפֿן זיך שוין מער פֿון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן, ווי מיט א דרײַ כאַדאָשים צוריק, ווען ביידע זײַנען נאָך געווען שילער. איצט קאָנען זיי זיך שוין באַגעגענען, ווען זיי ווילן, ווו זיי ווילן, און ס׳איז קימאַט ניט געווען דער אָוונט, מע זאָל ניט זײַן צוזאַמען. ביידע האָבן אַלץ נאָך פֿאַרגעזעצט קוקן אויף זיך ווי אויף שילער און זיך ניט געקליבן פֿאַרטראַכטן, פֿאַרוואָס ציט זיך אַזוי מעשונע לאַנג דער טאָג, ווען זיי קאָנען זיך ניט טרעפֿן, און פֿאַרוואָס זעט אַלץ אויס אַזוי יאָמטעוודיק, ווען זיי זײַנען צוזאַמען. ניט אַלעק, ניט שעווע האָבן זיך דערווײַל נאָך ניט פֿאַרטראַכט, פֿאַרוואָס גייען זיי אָפּטמאָל אַרום און שווײַגן דעמלט, ווען יעדערער פֿון זיי האָט אַזויפֿיל צו זאָגן דעם אַנדערן.

אָט זיצן זיי ביידע האַרט צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן אינעם טונקל־באַלויכטענעם טראָלייבוס און שווײַגן, ווי זיי האָבן געשוויגן קימאַט דעם גאַנצן אָוונט אין לאָזשע פֿון גרויסן טעאַטער. אין איינעם פֿון די אַנטראַקטן האָט אַלעק דאָך איר א זאָג געטאָן:

— מאָרגן וועל איך דיך באַקענען מיט מײַניקע.

ער האָט עס א זאָג געטאָן אַזוי, אַז שעווע האָט אין דעם ערשטן אויגנבליק ניט פֿאַרשטאַנען, צו וועמען ווענדט ער זיך. ערשט איצט, זיצנדיק אין טראָלייבוס, האָט זי שטיל און שעמעוודיק אים געענטפֿערט:

— מע דאַרף ניט... און אַנדערשמאָל, ניט מאָרגן, נאָר ניט מאָרגן... אַניט וועל איך מאָרגן אינגאַנצן ניט קומען...

דער לײַכטער ציטער פון אירע לענגלעכע פינגער אין זײַן האַנט, די שטילע אָפּגעשוואַכטע שטים, מיט וועלכער זי האָט עס געזאָגט, דער בליק פון אירע טונקל־קאַרע אויגן אונטער די פאַרבויגענע ווײַעס האָבן אויסגעגעבן, אַז דער מאָרגנדיקער טאָג וועט באַ איר אַוועקגיין אָף צוגרייטן זיך; אַז ווי לאַנג דער טאָג זאָל זיך ניט ציִען, וועט איר אַלציינס אויספעלן צײַט. טראַכטנדיק איצט וועגן דעם, טוט זי אים ווידער אַ זאָג:

— איך וועל מאָרגן ניט קומען. — און אַז אַלעק ענטפערט איר ניט, גיט זי צו נאָך שטילער: — אויב דו ווילסט, איך זאָל קומען...

— זאָל איך מאַכן דעם אָנשטעל, אַז כ'האָב דיך אײַנגעלאַדן בלויז דערפאַר, ווײַל מיר האָבן זיך מיט דיר צוזאַמען געלערנט אין איין קלאַס. יאָ? — און ווי ער וואָלט פאַרגעסן, אַז זיי זײַנען ניט אַליין, האָט ער לײַכט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אָף איר אַראָפּגעלאָזטן אַקסל און זיך צוגערירט מיט די איבערגעטריקנטע ליפּן צו איר וואַרעמען עטוואָס אַנטבלויזטן האַלדז.

מיטאַמאָל האָט זי אַרויסגעכאַפּט איר האַנט פון זײַנער, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן דערהערן, וואָס האָט זי אים אײַנגערוימט אין אויער, האָט ער שוין דערזען דעם וווּקסיקן באָכער אינעם קורצן געקעסטלטן מאַנטל און אין דער גרינער הוט, וועלכער שטייט לעבן אַ באַיאַרטער פרוי, וואָס קוקט אַרײַן אין אַ ביכל. די פרוי האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אינעם לייענען, אַז זי האָט ניט געפילט, ווי דער עלעגאַנט געקליידטער באָכער האָט אַרײַנגערוקט די הענט אין איר פּאַנאַנדערגעשפּיליעטן רידיקיול, וואָס האָט זיך געוויגט אָף איר עלנבויגן. אַלעק האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום פענצטערל.

— דו זעסט? — האָט שעווע, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, געפרעגט און שיר ביז בלוט זיך ניט אײַנגעשניטן אין זײַן האַנט מיט אירע שאַרפע נעגל.

— ששש, שטילער, — האָט אַלעק מיט האַלב פאַרמאַכטע ליפּן אַרויסגעשעפּטשעט און נאָך נעענטער זיך צוגערוקט צו איר.

— האָסט געזען? — האָט שעווע נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט.

— שטילער, ווילסט, אַז...

— לאָז מיך דורך. — זי האָט זיך אַ הייב געגעבן פון אָרט. אירע בלוי געוואָרענע ליפּן זײַנען געוואָרן אַזוי פאַרפרעסט, אַז ס'האָבן זיך דורך זיי ווי געזען די פאַרשטשימעטע ציין. זי האָט אָפּגעשטויסן אַלעקס אויסגעשטרעקטע האַנט און אויסגעשריִען:

— לאָז מיך דורך.

— וועסט אין ערגעץ ניט גיין.

— לאָז מיך דורך! טרוס!

אַ שלאַנקע און אַ בייגעוודיקע, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אָף אַרוף, איז זי מיט זיכערע טריט צוגעגאַנגען צו דעם באָכער אינעם קורצן געקעסטלטן מאַנטל און, אַרײַנקוקנדיק אים אין די אויגן, געזאָגט, ציילנדיק די ווערטער:

— די מינוט, איר הערט, די מינוט זאָלט איר אומקערן דער פרוי אַלץ, וואָס איר האָט אַרויסגענומען פון רידיקיול. אַלץ!

אינעם טראָלייבוס איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע האָט דײַטלעך געהערט דאָס שאָרכען פון די רעדער אָפּן אַספאַלט.

— דאָס רעד איך צו אײַך, — האָט שעווע נאָך העכער און שטרענגער איבערגעכאַזערט. — איר הערט?!

— אַ גרויסע שאָד אײַערע וווּנדער־שיינע אויגן, באַרישניא, — האָט אַלעק דערהערט אַ פאַרדומפּענע, הייזעריקע שטים, — נאָר וויבאַלד איר אַליין שעצט זיי ניט, איז פאַרוואָס זאָל איך זיי שעצן. מיסטאַמע זײַנען זיי אײַך איבעריק.

פון שעוועס פאַרשטיקטן אויסגעשריי, פונעם טומל און פון דער שטופּערײַ, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין טראָלייבוס, האָבן באַ אַלעקן פון זיך אַליין זיך צוגעמאַכט די אויגן און דער קאָפּ איז טיפער אַרײַן אין די אַקסלען. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער טראָלייבוס קוקט איצט אָף אים.

— אַ ביזויען, אַ ביזויען, — האָט פון די הינטערשטע בענק עמעצער געשריִען, — אַ טראָלייבוס מיט מענטשן האָט זיך דערשראָקן פאַר איין אויסוווּרף.

— נו, יאָ, — האָט אונטערגעכאַפּט אַ צווייטער, — ער איז דאָך אַרײַנגעקראָכן צו יענעם אין קעשענע, ניט צו מיר...

— אַז איר זײַט אַזאַ העלד, פאַרוואָס זשע האָט איר זיך ניט אײַנגעשטעלט?

— וואָס קאָן איינער מאַכן, אָט ווען אַלע צוזאַמען...

— איז פאַרוואָס זשע האָט איר ניט געמאַכט קיין מיטינג, ניט אָפּגעשטימט?

— קיין קליגערס האָט איר ניט געקאָנט צוטראַכטן?

— ווער איז דאָס מיידל?

— קענטיק, ניט קיין שרעקעוודיקע.

— און וואָס האָט זי דערוויזן מיט איר העלדישקייט? געכאַפּט אַ מעסער אין זייט. זי איז דאָך שיר ניט געבליבן אָן אויגן.

— האַ? — האָט אַלעק ווי אופגעכאַפּט זיך פון שלאָף.

ערשט איצט האָט ער באַמערקט, אַז דער טראַליבוס שטייט, אַז דער באַכער אינעם געקעסטלטן מאַנטל איז שוין ניטאָ און אַז צום דיוואַן באַם אַרויסגאַנג איז ניט צוצוטרעטן. דאָך האָט ער זיך דורכגעשפּאַרט אַהין. אפן דיוואַן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין פענצטער, איז מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן, ווי עס וואָלט זיי אַף צומאַכן זיך אינגאַנצן ניט געקלעקט קיין קויעך, געלעגן שוועו. דאָס גרויע וואָלענע קלייד און דער העלער אונטערשלאַק פון איר פאַנאַנדערגעשפּיליעטן מאַנטל זיינען אין עטלעכע ערטער געווען איינגעריכט אין בלוט.

אַלעק האָט שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— שוועו...

זי האָט ברייט צעעפנט די אויגן, זיך פאַרכידעשט אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך וועלן דערמאָנען, ווו איז זי, וואָס איז געשען, וואָס טוען דאָ אַרום איר אַזויפיל מענטשן.

— שוועו... — אַלעק האָט זיך אָנגעבויגן, זיך צוגערירט מיט די ליפּן צו איר אַראָפּהענגענדיקער קאַלטער האַנט. זי האָט אָפּגעריסן דעם קאָפּ פון דעם פענצטערל און אויסגעשריִען:

— וואַג ניט צוגיין צו מיר, טרוס!

אין דער אָפענער טיר פונעם טראַליבוס האָט אַלעק זיך אָנגעשטויסן אַף מענטשן אין ווייסע כאַלאַטן. ער איז זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג. דאָ האָט ער דערפילט, ווי מע שטויסט אים פון אַלע זייטן צום אַרויסגאַנג, ווי מע האָט דאָ מיסטאַמע מיט עטלעכע מינוט צוריק אַרויסגעשטויסן דעם באַכער אין דער גרינער הוט, וועלכן ער האָט דערזען אין דעם מיליציישן שוואַרץ לאַקירטן מאָטאָציקל מיט די ברייטע רויטע קאַנטן. אַלעק האָט זיך באַמיט דורכגיין אומבאַמערקט. נאָר דער, וואָס איז געזעסן אין מאָטאָציקל, ווי אים האָט זיך נאָכדעם אויסגעוויזן, האָט געטייטלט אַף אים מיט דער האַנט. ס'האָט געקאָנט הייסן: „וואָס עפּעס נאָר מיך? פאַרוואָס פאַרהאַלט איר דעם אויך ניט?"

ווען אין דער טיר פונעם טראַליבוס האָבן זיך באַוויזן די סאַניטאַרן פון „גיכער הילף" מיט שוועו אַף די הענט, האָט אַלעק אופגעהויבן דעם קאַלנער פון מאַנטל און איז אָפּגעטראָטן אין אַ זייט. נאָר גלייך ווי ער האָט דערהערט דעם רויש פונעם איינגעשלאָסענעם מאָטאָר, האָט ער מיט איין שפּרונג איבערגעשניטן די העלע פּאַסן שיין פון די אָנגעצונדענע פאַרעס און אָנגעקלאַפּט דעם שאָפער אין קאַבינע:

— פון וועלכן שפּיטאָל?

ער איז נאָכדעם אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט באַם טעלעפאָן און געהאַלטן אין איין קלינגען.

— טייערער כאַווער, — האָט אים פון שפּיטאָל געענטפערט אַ שלעפעריקע מיידלשע שטים, — וויפל איז דער שיר צו קלינגען? כ'האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז אויב ס'וועט זיין בייטיק, וועלן מיר אייך גלייך געבן צו וויסן. דערווייל איז ניטאָ וואָס אַזוי שטאַרק זיך באַאומרויקן.

— אַנטשולדיקט.

נאָר ווייניקער ווי אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט ער שוין ווידער געקלונגען, און כאָטש די דעזשורנע האָט אים ווייטער אויסגערעדט, לעמיי קלינגט ער אַזוי אָפט, אים ווידער פאַרזיכערט, אַז די אָפּעראַציע איז דורכגעגאַנגען געלונגען, האָט ער סיִיווי ניט אופגעהערט קלינגען.

קאַיאַר, די לעוואָנע איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַרגאַנגען, איז אַלעק שוין געווען אין שפּיטאָל. ער האָט זיך אַרומגעדרייט באַ די פענצטער פונעם רויטן פינפשטאָקיקן כירורגישן קאָרפּוס און באַ יעטווידן סקריפּ פון דער דרויסנדיקער טיר אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט, ווי ער זאָל זיך וועלן אָפּריִער איבערצייגן, צי דער, וואָס איז פון דאָרטן אַרויס, איז נעכטן ניט געווען אין טראַליבוס.

די פאַרשלאָפענע ווייזערס פונעם עלעקטרישן זייגער אַף דער געמויערטער אַרקע האָבן זיך דערנעענטערט צו זיבן. אין צוויי שאָ אַרום הייבן זיך אָן די לעקציעס, און נאָך די לעקציעס וועט קומען נאָך אים דעם פאָטערס מאַשין און אים אָפּפירן אַף דער דאַטשע! פאַרוואָס איז דער טאַטע באַשטאַנען, מע זאָל פאַראווען זיין געבורטסטאָג נאָר אַף דער דאַטשע, האָט אַלעק ניט געקאָנט פאַרשטיין. צי דען בלויז דערפאַר, וואָס מאַרע האָט פאַרגעלייגט דינגען אַף אַ נאַכט, ווי ס'איז איצט אָנגענומען, אַ זאַל אין „סאַוואָי" צי אין „גראַנד־האָטעל"? מיטן פאָטער זיינעם קאָנען טרעפן אַלערלעי צולאָכעסן. דאָס איינציקע, וואָס מאַרע האָט זיך דאָך דערשלאָגן באַם פאָטער, איז געווען,

אַז בלויז איר איינער ווערט אָנגעטרויט פֿאַנאַנדערשיקן די אײַנלאַדונגען, און דאָס האָט באַטײַט, אַז אָן איר דערלויבעניש האָט אַלעק ניט קיין רעכט עמעצן פֿאַרבעטן.

— מיינסט, אַז דער פֿאָטער האָט אײַנגעלאַדן אַלעמען, וועמען אים האָט זיך געגלוסט? ביסט נאָך צו יונג, אַלעק, אַלץ צו פֿאַרשטיין.

ווי זי האָט אים ניט געהיט, איז אים דאָך געלונגען פֿאַנאַנדערשיקן אײַנלאַדונגען קימאַט אַ האַלבן קלאַס, און זיי וועלן דאָך אים זיכער פֿרעגן: „ווו איז עס שעווע?". וואָס וועט ער דערויף ענטפֿערן?

שטייענדיק אַזוי אונטער די פֿענצטער פֿון שפּיטאָל, האָט ער פּלוצעם דערפֿילט, ווי עמעצער קוקט אויף אים. אין דער צעעפֿנטער טיר פֿונעם כירורגישן קאָרפּוס איז געשטאַנען אַ יונג בלאָנד־האָריק מיידל, זי האָט לײַכט געציטערט פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער האַרבסטיקער פֿרישקייט און זיך געקוטעט אינעם אָנגעקראַכמאַלעטן זויבער־ווײַסן כאַלאַט, וואָס איז געווען אַרופֿגעוואָרפֿן אויף אירע אַקסלען.

— איר דאַרפֿט דאָ עמעצן?

— אין דער פֿערצעטער פּאַלאַטע האָט מען באַנאַכט געבראַכט צו פֿירן אַ פֿאַרוווּנדעטע. איזגור איז איר פֿאַמיליע. שעווע איזגור, — אַלעק האָט איר אויסגעשטרעקט אַ פֿאַרקאַסמעט בריוול, — זײַט אַזוי גוט, גיט עס איר איבער.

— אין דער פֿערצעטער פּאַלאַטע, זאָגט איר? — האָט דאָס מיידל איבערגעפֿרעגט, בייס אירע אויגן אונטער די לאַנגע וויִעס, דער שמייכל אויף אירע פֿײַכטע פֿולבלעכע ליפּן, די אַנטבלויזטע פֿאַרברוינטע אַקסלען פֿון אונטער דעם אָראַפּגעגליטשטן כאַלאַט האָבן זיך גאָר געקליבן פֿרעגן: „איר וועט מאָרגן אויך קומען?", און איז ניט געאײַלט, ווי זי וואָלט פֿון אים דערוואַרטן אַן ענטפֿער אויף דער ניט פֿאַרגעבענער פֿראַגע, פֿאַרשוווּנדן אין דער טיר.

וואָס לענגער דאָס מיידל האָט זיך געזאַמט, אַלץ שטאַרקער איז אין אים געוואַקסן די האָפֿענונג, אַז ער וועט זיך באַלד זען מיט שעווען. ער האָט צונויפֿגעקליבן פֿון די קעשענעס דאָס גאַנצע מינץ און געגומען עס אונטערוואַרפֿן. קימאַט אַלע מאַטבייעס זײַנען געפֿאַלן, ווי ער האָט פֿאַרטראַכט, אַפֿן הערב. אַ שאָד, וואָס די קליינע זײַנען נאָך פֿאַרמאַכט. עפּשער זיך אַרײַנכאַפּן אַנטקעגניבער אין אַפּטייק? דאָרט קאָן זיך גראָד אַמאָל פֿאַרוואַלגערן אַ פּלאַקאָן פֿאַרפֿום „רויטער מאָן". יאָ, ער וועט טאַקע צולויפֿן. דאָס מיידל האָט עס געוויס פֿאַרדינט. וואָס אָבער זאַמט זי זיך אַזוי? עפּשער וויל די דעזשורנע אים ניט דורכלאָזן און שעווע שרײַבט אים אַ בריוול?

דאָס ערשטע, וואָס אַלעק האָט דערזען, ווען אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דאָס מיידל אינעם כאַלאַט אויף די אַנטבלויזטע אַקסלען, איז געווען דאָס בריוול, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער אויס־געשטרעקטער האַנט. דאָס בריוול איז געווען זײַנס, ניט קיין געעפֿנטס. אַלעקן האָט פֿאַרפֿעלט אָטעם...

— וואָס איז געשען? — ער האָט זי אָנגעכאַפּט פֿאַר ביידע הענט. — וואָס איז געשען?

דאָס מיידל האָט באַפֿרײַט אירע הענט, אוועקגעלייגט דאָס בריוול אויפֿן געזימס פֿון פֿענצטער און טרוקן געזאָגט:

— זי האָט געבעטן איבערגעבן, איר זאָלט זי מער ניט באַאומרויקן. — און פֿאַרן פֿאַרמאַכן די טיר האָט דאָס מיידל אויפֿגעהויבן אויף אים די בייז געוואָרענע אויגן, ווי זי וואָלט מיט דעם וועלן זאָגן: „און מיך, וועל איך בעטן, זאָלט איר אויך מער ניט באַאומרויקן".

ווען ער איז שוין געווען נאָענט באַם טויער, האָט זיך אים פּלוצעם אויסגעוויזן, אַז צומאַכנ־דיק די טיר, האָט דאָס מיידל אים אָנגערופֿן „טרוס" און אַז אין אַלע פֿענצטער פֿונעם דריטן שטאָק, ווו ס'ליגט שעווע, טײַטלט מען איצט אויף אים מיט די פֿינגער.

אויפֿן דאַניעלאָוווער פּלאַץ האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ טאַקסי און ביזן סאַמע אינסטיטוט אויף מאָכאָוואַיאַ, געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן פֿאַר זיך: „נו גוט, מירן נאָך זען... מיינסט טאַקע... אַזעלכע, ווי דו, זײַנען... איך זאָל נאָר וועלן... וואַרט צו, וועסט זיך נאָך בעטן בײַ מיר. מיינסט טאַקע, אַז... איך זאָל נאָר וועלן..."

## V

אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט דער פֿאַרוואַקסענער סטעזשקע צום נידעריקן ברעג טײַך, האָט אַלעק פֿאַרגעזעצט אופֿשטעלן אין זיקאָרן די געשעענישן פֿאַרן לעצטן מעסלעס, וועלכע האָבן אים איצט אויסגעזען אַזוי ווײַט און פֿאַרעלטערט, אַז ס'איז אים שוין שווער געווען זיך דערמאָנען אַלע אײַנצלהייטן. אָט, אשטייגער, געדענקט ער ניט, פֿאַרוואָס האָט ער נעכטן, אַרויסגייענדיק פֿון טעאַטער, ניט גענומען קיין טאַקסי. צי די ריי איז געווען צו אַ גרויסע, צי ס'איז גראָד אין דער מינוט אונטערגעקומען אַ טראָליייבוס?

אין טראָלייבוס, דאָס געדענקט ער פּינקטלעך, איז ניט געווען קיין איין באַקאַנטער. הייסט עס, דאָס, וואָס איז דאָרט געשען, האָט קיינער פון די פּאַסאַזשירן ניט געקאָנט איבערגעבן עמעצן פון זייער קלאַס. און דערפאַר, ווען צו דער באַשטימטער שעה האָבן בא די יאָמטעוודיקע סערווירטע טישן אויסגעפּעלט די איינגעלאַדענע פון צענטן „ווע“, איז אים אַפילו אַפן זינען ניט אַרויף, אַז דאָס קאָן זיין פאַרבונדן מיט דער געשעעניש אין טראָלייבוס. ער האָט געזוכט גאָר אַנדערע סיבעס. ער איז געווען גרייט, אַשטייגער, גלייבן, אַז מיט דער עלעקטריטשקע האָט עפּעס פּאַסירט, צי דער פּאַראָם איז פּלוצעם קאַליע געוואָרן און זיי זיינען געבליבן שטעקן אַף יענעם ברעג טייך. ווען ער האָט אָבער דערזען דעם וואָכעדיק געקליידטן, אָנגעכמורעטן באָריס לאַגונאָווון, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז אויסער אים, וועט היינט קיינער פון קלאַס ניט קומען. דאָך האָט ער געזוואָרט, אַז באָריס זאָל עס אים באַשטעטיקן, געוואָרט און מוירע געהאַט. נאָר ווען באָריס האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט זיין פאָטער וועגן אינסטיטוט, וועגן זאַוואָד, האָט ער אים מיט דעם ווי באַשטעטיקט, אַז די סיבע, וואָס מע איז ניט געקומען, איז פאַרבונדן נאָר מיט זיין אָנקומען אין אינסטיטוט. קינע. מע פאַרגינט אים ניט. דערפאַר איז פאַר אים געווען אַזוי אומדערוואַרט, ווען ער האָט אין וועלדל פּלוצעם דערהערט הינטער זיך: „טרוס“. ער האָט אָבער אַ גרויסן טעות, באָריס, אויב ער מיינט, אַז דאָס וועט אים גלאַט אַזוי אָפּגיין, אַז ער וועט עס אים פאַרשווייגן. ער וועט אים באַלד אָנלערנען אַזוי, אַז ער וועט פאַרזאָגן אַ צענטן זיך ניט וואַרפן מיט אַזעלכע ווערטער. און ווער איז ער עס ביכלאַל, וואָס ער איז געקומען אים לערנען? זיך אַריינמישן... און ווי גיך זי האָט עס באַוויזן אַלעמען פאַנאַנדערפּויקן. קלאָר: זי איז דערמיט אויסן אים דערנידעריקן אין די אויגן פון זיינע כאַווײרים. און דער גאַנצער קאַס, וואָס האָט זיך בא אים אָנגעקליבן אַף באָריסן, איז מיטאַמאָל איבערגעטראָגן געוואָרן אַף איר, אַף שעווען. ס׳האָט אים, ווי ער האָט געפּרוווט זיך איינריידן, שוין אינגאַנצן ניט געקימערט איר צושטאַנד נאָך דער אָפּעראַציע, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז בלויז דער פאַרלאַנג זיך דערוויסן בא באָריסן וועגן איר צושטאַנד האָט אים ביז אַהער אָפּגעהאַלטן פון לאָזן אין גאַנג די פאַרביילטע פויסטן.

און אָט, אָנשטאָט דעם, ער זאָל פרעגן באָריסן, ווי זי פילט זיך, האָט זיך בא אים אַרויסגעכאַפּט:

— און דו? דו אַף מיין אָרט וואָס וואָלסטו געטאָן?

נאָך פונדערווייטנס האָט באָריס דערזען, אַז די שטרעקע צווישן זיי ביידן ווערט מיט יעדער מינוט אַלץ קלענער, און ס׳האָט אים ניט פאַרוווּנדערט, וואָס אַלעק האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעקערעוועט צו אים און אים אָפּגעוואַרט. געוווּנדערט האָט אים נאָר די רויִקייט, מיט וועלכער אַלעק האָט אים פאַרגעבן די פראַגע. ס׳איז אויסגעקומען, אַז אַלעק זאָל אים מיט דעם געבן אָנצוהערן, ער, באָריס, זאָל ניט לייגן קיין אכט אַף דער נעכטיקער געשעעניש און ניט איינרייסן צוליב דעם די לאַנגיאָריקע פריינטשאַפט זייערע.

באָריס האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער איז האַרט צוגעגאַנגען צו אַלעקן, יענער זאָל ניט קאָנען אָפּקערן פון אים די אויגן, און הויך אַף אַ קאָל, אַז דער וואַלד הינטער זיי האָט אַזש אָפּגעהילכט, געענטפערט:

— יעדערער פון אונדז אַף דיין אָרט וואָלט געטאָן אַזוי, ווי ס׳האָט געטאָן שעווע.

— וואָס? כאַפּן מיט אַ מעסער אין דער זייט? בלייבן אָן אויגן? צוליב אַ פּופּציקער צי אַ הונדערטער איינשטעלן דאָס לעבן? אַנטשולדיקט. איך וועל בעסער אומקערן דער גאַליטענער צען מאָל אַזויפיל, צוואַנציק מאָל אַזויפיל, איידער...

— איידער וואָס?

אַלעק האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ווייסט, וואָס כ׳וואָלט דיר געראַטן? — האָט באָריס זיך אָנגערופן. — דרוק אָפּ וועגן דעם אַ מעלדונג אין דער „וועטשאָרקע“. איך אַליין וואָלט געווען דער ערשטער, וואָס וואָלט זיך געבעטן, מע זאָל מיך אין דיין אָנווועזנהייט באַגאַנווענען. פאַר הונדערט רובל, הייסט עס, קערסטו אום טויזנט. ניין, וואָס זאָג איך. צוויי טויזנט. עך, דו!

— איך בין דען איינער געווען אין טראָלייבוס? פאַרוואָס האָבן די איבעריקע געשוויגן? נו, פאַרוואָס?! פאַרוואָס?!

באָריס האָט אים מער ניט איבערגעשלאָגן און זיך אויך מער ניט געוווּרט קעגן דעם געפיל, וואָס האָט אים אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער באַהערשט. אַ געפיל פון האַס און עקל צו אַ מענטשן, וואָס באַהאַלט זיך אויס הינטער יענעם, פאַרופט זיך אַף יענעם, ווייזט אָן אַף יענעם. זיצן מיט אַזעלכן אַף איין פּאַרטע וואָלט קיינער ניט איינגעגאַנגען, און ער, באָריס, איז מיט אים אָפּגעזעסן אַזויפיל יאָרן. נאָר ווי קאָן ער איצט שטיין מיט אים אַף איין סטעזשקע? און לאַגונאָוו טוט זיך אַ ריס פון אָרט, מיטשלעפּנדיק מיט זיך דעם אייגענעם שאָטן, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפגעגאָסן מיט אַלעקס.

זײַן שװײַגן האָט אַלעק אָנגענומען װי אַ באַװײַז, אַז באָריס האָט פּאַשעט ניט װאָס צו ענטפערן, און דערפאַר האָט ער דרייסטער אים נאָכגעשריִען:

— אָט װען כ'װעל זײַן זיכער, אַז אַלע װעלן מיך אונטערהאַלטן, װעל איך דער ערשטער זיך אײַנשטעלן. אָבער אַזױ...

די אַרױסגעשװומענע לעװאָנע האָט אױסגעלײַגט איבערן טײַך ברײטע ליכטיקע פּאַסן, ענלעכע צו פֿריש אױסגעהובלטע שפּאַלעס, און יעדעס מאָל, װען ס'האָט זיך אַרײַנגעריסן דער טומל פון אַ דורכגעלאָפענעם צוג, האָט זיך געדוכט, אַז דאָס קלאַפּט אַזױ דער פּאַראָם איבער די שפּאַלעס, װאָס די לעװאָנע האָט אים אונטערגעלײגט. דאָס רױשן פון די געדיכטע כװאַליעס, דאָס קרעכצן פונעם אָנגעצױגענעם טראָס איבערן טײַך האָט זיך אױסגעמישט מיט אַלעקס פּאַרשטיקטן געשריי:

— און ביכלאַל פאַרשטיי איך ניט, װאָס גײט עס דיר אַזױ אָן? איך בין שױן, דאַכט זיך, ניט קײן שילער, און דו ביסט ניט קײן קאָמסאָרג, זאָלסט מיר געבן אָנװײַזונגען. װאַרט. עפּשער ביסטו גאָר פאַרליבט אין איר, טאָ זאָג זשע אַזױ. װעסט מיך נאָך עפּשער אַרױסרופן אױף אַ דועל? — און ער האָט זיך הױך צעלאַכט, ניט דערקענענדיק דערבײַ די אײגענע שטים.

באָריס האָט אױסגעװאַרט, אַלעק זאָל צוגיין נעענטער, און, אַרײַנקוקנדיק אים גלײַך אין די אױגן, געענטפערט: '

— פּאַכדאָנים און פּאַרעטער האָט נאָך דערװײַל, דוכט זיך, קײנער ניט אַרױסגערופן אױף דועלן. מע האָט זיך פּאַשעט מיט זײ צערעכנט, װי זײ האָבן עס פאַרדינט. װאָס קוקסטו אַזױ אױף מיר? יאָ, יאָ, דער, װאָס באַהאַלט זיך אױס, װען זײַן כאַװער דראָט אַ געפאַר, דער איז ניט נאָר אַ פּאַכדן, ער איז אױך אַ פּאַרעטער.

אַלעק האָט דערפילט, װי די גאַנצע קראַפט אינעם צונױפגעבײַלטן פױסט, מיט װעלכן ער האָט זיך פאַרמאָסטן אױף באָריסן, איז בײַ אים אױסגערונען. ער האָט קױם אַרױסגעשטאַמלט:

— װאָס ביסטו געקומען?

ניט געײַלט, װי לײענענדיק אַן אורטײל, האָט באָריס געענטפערט:

— איך בין געקומען דיר מעלדן דעם באַשלוס, װאָס אונדזער קלאַס האָט אָנגענומען: ניט דערלאַנגען דיר די האַנט. קײנמאָל ניט דערלאַנגען דיר די האַנט. — און ער איז אַרױף אױפן פּאַראָם, װאָס איז אין אַ װײַלע אַרום אָפּגעשװומען פון ברעג.

— כ'װעל זיך װי־ניט־איז באַגײן אָן אײַך! — האָט אַלעק נאָכגעשריִען, װען דער פּאַראָם איז שױן געװען אינמיטן טײַך.

צוריק אױף דער דאַטשע האָט אַלעק זיך אומגעקערט ניט דורכן װעלדל, נאָר מיטן זאַמדיקן אַרױף־ און אַראָפּ־באַרג, אָנלײגנדיק היפּש װעג. צוזאַמען מיט אים האָט אױך אָנגעלײגט װעג די פולע לעװאָנע, װאָס האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך פון טײַך די ליכטיקע, װי פֿריש אױסגעהובלטע שפּאַלעס, פּאַסן שײַן. אַלעק האָט ברײט געשפּאַנט איבער זײ און דעם גאַנצן װעג ניט אױפגעהערט איבערכאַזערן אײנע און די זעלבע װערטער, פון װעלכע ער האָט זיך שױן ניט געקאָנט באַפרײַען, װי מע קאָן זיך אַמאָל ניט באַפרײַען פון אַ ניגון: „כ'װעל זיך װי־ניט־איז באַגײן אָן אײַך. כ'װעל זיך װי־ניט־איז באַגײן אָן אײַך“...

װען ער האָט זיך אױפגעהױבן אַרױף־באַרג און דערזען די הױך אַרומגעצאַמטע צװײשטאָקיקע דאַטשע, האָט ער אין דער ערשטער מינוט ניט געקאָנט פאַרשטײן, פאַרװאָס ליכטן הײַנט בײַ זײ אַזױ די פענצטער און פונװאַנען האָבן זיך אַהער גענומען אָט די „מאָסקװיטשן“ און „פּאָבעדעס“. אױך די שטימען, װאָס האָבן זיך דערטראָגן פון הױף, האָבן אים אױסגעװיזן צו זײַן פרעמד. אַלץ האָט אים אױסגעזען אַזױ אומבאַקאַנט, אַז אײדער ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די קאַליטקע, האָט ער זיך עטלעכע מאָל אַרומגעקוקט, װי ער זאָל זיך דאַרפן דערקונדיקן, צי האָט ער צופעליק ניט פאַרבלאָנדזשעט.

## VI

דער זײגער איז געװען ערשט אָנהײב צען, װען װעניאַמין זאַכאַריעװיטש און בראָניסלאַװע סאָלאָװנע האָבן אַרױסבאַגלײט פון דער דאַטשע די לעצטע געסט.

באַם געזעגענען זיך האָט יעדער אײנער פון די געסט געהאַלטן פאַר נײטיק זיך פאַרענטפערן, פאַרװאָס פאָרט ער פלוצעם אַזױ פרי אַװעק. דער האָט זיך פאַררופן, אַז אים שטײט פאָר מאָרגן אַן אָנגעשטרענגטער טאָג, אַ צװײטער, אַז בײַ אים איז אױף הײַנט באַנאַכט באַשטעלט אַ װיכטיקער טעלעפאָן־געשפּרעך... מע האָט עס געזאָגט אַזױ, װי מע װאָלט דעם אָװנט געהאַט פאַרבראַכט באַם בעט פון אַ כױלע.

צי די געסט האָבן ווירקלעך געמאַכט א ווערן פון אַלעקס פּלוצעמדיקן נעלעם ווערן, צי ווענעאַמין זאַכאַריעוויטשן האָט זיך עס בלויז אויסגעוויזן, אָבער געבראַכט האָט עס דערצו, אַז סיוועל, וואָס האָט איטלעכן געוואָרנט, אַז פֿריִער פֿון טאָג וועט ער קיינעם פֿונדאַנען ניט ארויסלאָזן, האָט ניט געמאַכט אפילו קיין פּרווו עמעצן צו פֿאַרהאַלטן. ס'איז אים געווען דערווידער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער פֿאַרשטייט ניט, פֿאַרוואָס קיינער פֿון די געסט האָט מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט אַלעקס נעלעם ווערן און פֿאַרוואָס מע האָט באַלד נאָך זײַן צוריקקומען גענומען זיך האַסטיק קלײַבן אין וועג. און וואָס, אייגנטלעך, וואָלט עס אים געגעבן, ווען ער זאָל געווען פֿאַרהאַלטן די געסט נאָך אַף א שאָ צי אַף צוויי? סיווי איז די סימכע שוין א פֿאַרשטערטע, און וועגן אים, ווענעאַמין זאַכאַריעוויטשן, וועלן זיי מיסטאַמע געוויס נאָכדעם זאָגן דאָס, וואָס ס'האָט, געזעגנענדיק זיך, א זאָג געטאָן, ווי פֿאַרבײַגייענדיק, דער מאַיאָר פֿון זײַן קאַטעדרע: „פֿריִער פֿון אַלץ, כאָווער פּאַלקאָווניק, איז שולדיק דער קאָמאַנדיר".

ווענעאַמין סיוועל איז ניט געווינט, מע זאָל אים מאַכן באַמערקונגען, ביפֿראַט נאָך, אַז דער, וואָס האָט אים געמאַכט די באַמערקונג, האָט אַף דעם קיין שום רעכט ניט! סײַ לויטן ראַנג און סײַ לויטן אַמט.

שטייענדיק אַזוי אַנטקעגן וועלדל, וואָס האָט באַם אופֿגאַנג פֿון דער לעוואָנע אויסגעזען ווי פֿאַרשנייט, האָט ווענעאַמין זאַכאַריעוויטשן זיך אויסגעדוכט, אַז צווישן די זיך דערוויַיטערנדיקע שטימען, וואָס דאָס האַרבסטיקע ווינטל ברענגט צו טראָגן צוזאַמען מיטן רויש פֿון די אַראָפּפֿאַלנדיקע בלעטער, האָט ער שוין א פּאָר מאָל אופֿגעכאַפּט דאָס קעלכל פֿונעם וואָכעדיק געקליידטן באָכערל, וואָס האָט מיט זײַן קומען אָהער צעשטערט דעם יאָמטעוו. ער איז, דאַכט זיך, באַלד גרייט צו גלייבן, אַז באָריס לאַגונאָוו האָט דאָ ערגעץ די גאַנצע צײַט געוואַרט אַף די געסט און איצט דערציילט ער זיי... נאָר וואָס, אייגנטלעך, קאָן ער זיי אַזוינס דערציילן?

— ווּהין ביסטו עס אַוועק?

די דערשראָקענע שטים, וואָס ער האָט דערהערט הינטער זיך, האָט אים דערמאָנט, אַז ער איז דאָ ניט אַליין, אַז צוזאַמען מיט אים האָט באַגלייט די געסט אויך זײַן ברײַנע. די געסט זײַנען זיך שוין אָבער אַלע צעגאַנגען. איז וואָס שטייט זי נאָך אין דרויסן, אַף וואָס וואַרט זי דאָ?

אין איר אומרויִקן שטיין באַ דער אָפֿענער קאַליטקע איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זי געמאַכט ענלעך צו די דאָרפֿישע קינדער, וועלכע שפּילן דאָ אָפֿט אַף דער לאָנקע אין פֿוטבאָל. דער, וואָס שטייט צווישן די צוויי ציגל, וועלכע דינען אים ווי א טויער, איז גרייט נעמען אַף זיך דעם סאַמע שטאַרקסטן קלאַפּ, אַבי נאָר ניט דורכלאָזן די פּילקע אין טויער. זי, ברײַנע, שטייט איצט אויך ווי א „וראַטאַר". ביזוואַנען זי וועט אַף זיך ניט איבערנעמען דעם גאַנצן גרימצאָרן זײַנעם אַף אַלעקן, וועט זי, אַפּאָנעם, אין שטוב ניט אַרײַנגיין. ער האָט זי שוין לאַנג ניט געזען אַזוי צעטראָגן. די פּאָר שאָ, וואָס אַלעק איז ניט געווען באַם טיש, איז זי קימאַט ניט אָפּגעטראָטן פֿון פֿענצטער, זי האָט עטלעכע מאָל אַרויסגעשיקט מאַרען א קוק טאָן, צי זעט מען אים ניט, און יעדעס מאָל, ווען פֿון דרויסן פֿלעגט זיך דערטראָגן מאַרעס צעצויגענע, ציטעריקע שטים: „אַ־לעק! אַ־לעק! אַ־ליו־קאַ!", איז ברײַנע צוגעפֿאַלן מיטן פּאָנעם צו דער שויב.

ווי דערצאָרנט ווענעאַמין זאַכאַריעוויטש איז ניט געווען אַף אַלעקן, האָבן אָבער זײַן טאָכטערס אויסגעשרייען: „אַלעק! אַליו־קאַ!" אַרויסגערופֿן באַ אים א שמייכל. איר ציטעריק צעצויגן קאָל האָט ווירקלעך מיט עפּעס דערמאָנט די קלאַנגען פֿון א גאַווײַער גיטאַרע. מאָדנע, וואָס קיינער פֿון די שטוביקע, אפילו זי אַליין, דאַכט זיך, מאַרגאַריטע, האָט אויך פֿינקטלעך ניט געוווּסט, ווער האָט עס איר א נאָמען געגעבן „גאַווײַער גיטאַרע": אַלעק, צי עמעצער פֿון אירע שילער?

— וועניאַ, ווּהין ביסטו עס אַוועק? — האָט ער ווידער דערהערט הינטער זיך ברײַנעס נאָכגייענדיקע שטים.

— אין ערגעץ ניט.

— גלייב מיר, אַז ער איז ניט שולדיק.

— נו, יאָ, פֿאַרשטייט זיך. געוויס! ווי קומט ער צו זײַן שולדיק? ווי קאָן ער גאָר זײַן שולדיק? איך בין שולדיק, איך! אין אַלץ און פֿאַר אַלץ איז שולדיק דער קאָמאַנדיר! נו, זאָג, זאָג!

ברײַנען האָט שוין פֿאַרדראָסן, וואָס זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט א וואָרט. ס'איז אָבער געווען שפּעט כאַפּן אַף צוריק, ווי ס'איז שפּעט צעשפּרייטן די הענט, ווען די פּילקע ליגט שוין אין טויער.

— שווײַגסט? — האָט ער נאָך שטאַרקער זיך צעשריִען, איבערקלײַבנדיק מיט די פֿינגער די אויסגעשײַערטע מעשענע קנעפּ פֿונעם פֿאַרשפּיליעטן קיטעל. — אַזוינס מיר אָפּטאָן! ווייסט באָטש, ווער עס איז באַ אונדז היַינט געווען? אַזוינס אָפּטאָן. פֿאַר אַזעלכע זאַכן... — און אָנכאַפּנ־

דיק זיך מיטביידע הענט פאַר דער אָפֿענער קאַליטקע, איז ער זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ לאַנגן שווערן הוסט.

— ווי האָסטו ניט קיין ראַכמאָנעס אויף זיך? נו, באַרויִק זיך. באַרויִק זיך.

— גוט, כ'האָב זיך שוין באַרויִקט, באַרויִקט, נאָר מעגסט אים איבערגעבן: מער וועט ער שוין בא מיר די מאַשין ניט באַקומען. אויס! ער וועט בא מיר פֿאָרן אין שטאָט מיט דער עלעקטריטשקע, ווי אַלע. יאָ, יאָ, נאָר מיט דער עלעקטריטשקע. זאָל ער וויסן.

— נו, גוט, אָבער באַרויִק זיך שוין.

— ניין, זאָל ער וויסן! זאָל ער וויסן! — און איבערכאַזערנדיק עס צום דריטן מאָל, האָט ער אויפגעפּראַלט די טיר פֿון דער טעראַסע.

ווען ניט די פּאַנאַנדערגערוקטע שטולן און די ניט דערייכערטע פּאַפּיראָסן אין די קרישטאָלענע אַש־בעכערס, וואָלט מען זיכער געקאָנט מיינען, אַז ס'איז נאָך פֿאַרן צונויפֿפֿאָרן זיך פֿון די געסט. אויף די צונויפֿגערוקטע טישן מיט די אָנגעקראַכמאַלעטע טישטעכער, פֿון וועלכע ס'האָט נאָך געשמעקט מיטן ווינטיקן דרויסן, זיַינען, ווי טכילעס אָוונט, געשטאַנען פֿלעשער וויַין, שאַכטלען קאָנפֿעטן, הויכע טאָרטן, פֿולע וואַזעס מיט פֿרוכטן. אין די טיפֿע און פֿלאַטשיקע טעלער פֿון די טשעכישע און דיַיטשישע סערוויזן — פֿאַרשיידענע געריכטן און צוביַיסנס. און אַלץ איז געווען העל באַלויכטן פֿון די אַכצן אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאָמפּן אין דער גרויסער קרישטאָלענער ליוסטרע.

באַם עק טיש, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, איז געזעסן אַלעק און זיך ליַיכט אונטערגעוויגט. אויסער דעם שאָטן פֿון דער ליוסטרע, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט אַ האַלבע וואַנט, האָט ער איצט פֿאַר זיך מער גאָרנישט געזען, אַפֿילו מאַרען, וואָס איז פֿון אים ניט אָפּגעטראָטן, האָט ער, דאַכט זיך, אויך ניט באַמערקט.

אין דעם העל קאַלירטן קלייד מיט די קורצע אַרבל, מיט די גרינע קאָרעלן אויפֿן לאַנגן האַלדז האָט מאַרגאַריטע אויסגעזען עלטער פֿון אירע אַכט—נייַן און צוואַנציק יאָר. זי איז געשטאַנען איבער אַלעקן און מיט דער שטרענגקיַיט און איינטאָניקיַיט, מיט וועלכער זי רעדט צו אירע שילער אין קלאַס, געפֿאָדערט פֿון אים:

— כ'וועל פֿון דיר ניט אָפּטרעטן, ביז דו וועסט מיר ניט זאָגן, ווו ביסטו עס געווען און וואָס איז דאָרט צווישן אייַךביידן פֿאָרגעקומען. הערסט?

— לאָז אים צורו. זעסט ניט, אַז ער האָט זיך אָנגעשיקערט.

— וואָס דיר קאָן איַינפֿאַלן!

— אָך, אַנטשולדיקט, — ווענ־יאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך נידעריק פֿאַרנייגט, — פֿאַרגעסן, אַז כ'האָב אָנגערירט אייַער אייפֿעלע, איַיער אַלעקלען.

אין דעם, וואָס דאָ איז היַינט געשען, האָט בריַינע ניט איַינגעזען אַזוינס, מע זאָל זיך צוליב דעם דאַרפֿן אַזוי ערגערן. עמעס, ס'איז ניט פֿיַין, וואָס אַלעק האָט פּלוצעם ניט געסטיַיעט אויף גאַנצע צוויי שאָ. פֿאַר אַזאַ זאַך דאַרף מען אים, פֿאַרשטייט זיך, געבן אַ כיילעק, אָבער מאַכן פֿון דעם אַ גאַנצן וועזן... ער איז דאָך פֿאָרט נאָך אַ קינד. אומזיסט קלערט ער, ווענ־יאַמין, אַז די געסט האָבן אויף דעם געלייגט אַכט. אייסעך. אָט, ווען דער טיש זאָל ניט געווען זיַין אַזוי געדעקט, צי ס'וואָלטן אויסגעפֿעלט סערוויזן, אָדער די קאַלירטע באַקאַראַ זאָלן ניט געווען אַזוי קליינגען, וואָלטן די געסט, פֿאַרשטייט זיך, געקאָנט זיי באַריידן.

אַרויסזאָגן עס אָבער אויף אַ קאָל וואַגט זי ניט. זי וואַגט אַפֿילו ניט אויסלעשן די ליוסטרע און די בראַ, עס זאָל אים אָן איבעריק מאָל ניט דערמאָנען וועגן דער פֿרי פֿאַרענדיקטער סימכע.

מעגלעך, אַז אויך ווענ־יאַמין זאַכאַריעוויטש וואָלט זיך אַ סאַך וויַיניקער פֿאַרטראַכט וועגן געשעענעס, ווען באַם טיש זאָלן ניט געווען זיַין די, מיט וועמען אים וועט אויך וויַיטער אויסקומען זיך באַגעגענען אויף דער קאַטעדרע. היַינט האָט אים איינער פֿון זיי געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז אַ שלעכטער קאָמאַנדיר, מאָרגן קאָן אים אַ צווייטער אַ זאָג טאָן, אַז דער, וואָס קאָן ניט דערציִען דעם אייגענעם זון, האָט ניט קיין רעכט אָנפֿירן מיט קיין קאַטעדרע. דאָס, וואָס איז היַינט דאָ געשען, איז אַ סאַך ערנסטער, ווי ער האָט זיך עס פֿאָרגעשטעלט.

— איבער דיר! אַלץ איבער דיר!

בריַינע איז געשטאַנען צווישן אים און דעם זון און גרייט געווען אויף אַלץ, אַבי נאָר אויסהיטן אַלעקן פֿון דעם מאַנס גרימצאָרן.

— נו, גוט. זאָל זיַין, אַז איבער מיר, — האָט זי אים נאָכגעגעבן.

— דיַין דערציִונג!

— נו, גוט, זאָל זיַין מיַין דערציִונג.

— דיַין דערציִונג, דיַינע! — האָט ער נאָכאַנאַנד איבערגעכאַזערט. — יאָ, דיַינע! — און אָפּגעשליַידערט פֿון זיך מיטן פֿוס דעם פּאָטערשטול, וואָס מאַרגאַריטע האָט אים אונטערגערוקט.

ברײַנע האָט זיך געמאכט ניט זעענדיק. זי האָט זיך אויך געמאכט ניט זעענדיק, ווען ער האָט א כאפ געטאָן פון טיש א קרישטאָלענעם פוזשער און אים א שלײַדער געטאָן אפן דיל. נאָר ווען ער האָט פון אן אָפענעם שאכטל פאפיראָסן, וואָס עמעצער פון די געסט האָט איבערגעלאָזט אפן טיש, גענומען א פאפיראָס, אים צוגעטראָגן צום מויל און אָנגעריבן א שוועבעלע, האָט זי צום ערשטן מאָל פארן גאנצן אָוונט זיך דערלויבט העכערן די שטים:

— וואָס טוסטו? האָסט פארגעסן, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט דיר אָנגעזאָגט?

— א־א! זיך דערשראָקן? זיך דערשראָקן, אז כ׳וועל ניט דערציִען צו דער גרויסער פענסיע?! — האָט ער מיט א באזונדער פארגעניגן געשריגן, נאָר דאָס אָנגעצונדענע שוועבעלע האָט ער צום פאפיראָס ניט אונטערגעטראָגן. ער האָט אויסגעוואַרט, ביז דאָס שוועבעלע האָט דערברענט אינעם אש־בעכער, און מיט שווערע, געמאָסטענע טריט זיך אופגעהויבן צו זיך אין קאבינעט אפן צווייטן שטאָק.

זײַן קאבינעט אף דער דאטשע איז געווען א סאך קלענער, ווי אין דער שטאָטישער וווינונג אף מאָזשײַסקער שאָסיי, נאָר אויסגעשטאט איז ער געווען פונקט ווי אין שטאָט: דער זעלבער פינלענדישער טיש מיט פּאָלירטע טירלעך, דער זעלבער דרײַלאָמפּיקער דײַטשישער טאָרשער אין ווינקל. פון דער רעכטער זײַט טיש — א ברייטע טשעכישע טאכטא און איבער איר, אף דער וואנט, — א פּליושענער איטאַליענישער גאָבעלען. אפילע די ביכער אינעם רומענישן פּאָלירטן שראנק זײַנען, דאכט זיך, אויך געווען די זעלבע, וואָס אין דער שטאָטישער דירע, ווי ער וואָלט לעכאטכילע געווען אלץ אײַנגעקויפט אין צוויי קאָמפּלעקטן. ער אליין איז, דאכט זיך, אויך באשטאנען פון צוויי סיוועריס. די, וואָס האָבן אים געקענט נעענטער, האָבן קיינמאָל ניט געפרווט אים אין עפּעס איבערצײַגן. זיי האָבן געוווּסט: אויב סיווער האָט געזאָגט „ס׳איז אזוי“, וועלן זיי אים ניט קאָנען דערווײַזן, אז „ס׳איז ניט אזוי“. צווינגען אים ענדערן די מיינונג האָבן געקאָנט בלויז יענע, וואָס זײַנען לויטן ראנג, און, דעריקער, לויטן אמט געשטאנען מיט א שטאפּל העכער פון אים.

לויט אלע סימאָנים איז וועניאמין סיווער שוין געווען נאָענט דערצו, ער זאָל זיך אויך ארופקלײַבן אף א העכערן שטאפּל. איז אָבער געשען אזוי, אז יענע, וועמען ער האָט זיך געהאט גענומען פאר א מוסטער, פון וועמען, ווי ער האָט גערעכנט, ס׳איז אלץ אָפּהענגיק, זײַנען פּלוצעם געוואָרן מענטשן, פון וועמען ס׳איז שוין מער גאָרנישט אָפּהענגיק און פון וועמען ער האָט ניט וואָס צו דערוואַרטן. ביכלאָל האָבן אים איצט א סאך זאכן אויסגעזעען ביז גאָר מאָדנע און אומפארשטענדלעך. פון דעם האָט זיך גענומען, וואָס ער האָט די ערשטע צײַט זיך ווי פארלוירן, טיילמאָל ניט געוווּסט, וויאזוי זיך באציִען צו דעם, וואָס שיר ניט יעדער איינער קאָן פראנק־און־פרײַ ארײַנקומען אין אזעלכע אנשטאלטן און ערטער, וווהין מע האָט אפילע אים פריִער אָן א דורכלאָז־שײַן ניט ארײַנגעלאָזט; וואָס ס׳איז געוואָרן אזוי פּאָשעט פארשרײַבן זיך אף אן אופנאם צו אזעלכע, צו וועמען ער האָט פריִער אפילע ניט געוואגט קלערן וועגן צוטרעטן צו זיי; וואָס איינקע זײַנע באקענטע, וועלכע האָבן פריִער אזוי געטרוימט פון אן אייגענער דאטשע, פון אן אייגענער מאשין, האָבן מיטאמאָל אופגעהערט ריידן וועגן דעם, און אויך ער אליין, סיווער, וואָס האָט פריִער בא יעדער געלעגנהײַט ניט פארגעסן דערציילן, סארא פּרעכטיקע דאטשע און וווּנדערלעכע „פּאָבעדא“ ער פארמאָגט, האָט לעצטנס אויסגעמיטן ריידן וועגן דעם. ס׳איז אים געווען מאָדנע, וואָס ער האָט פּלוצעם אופגעהערט באגעגענען אין גאס מענטשן, וועלכע האָבן ניט געהאט קיין שײַכעס צו מיליטער און פלעגן דאָך טראָגן שינעלן; אפילע ער האָט זיך ניט געקאָנט פאנאנדערקלײַבן, ווער און וואָס זיי זײַנען. צײַטנווײַז פלעגט אים אויסקומען אזויפיל ענטפערן אף מיליטערישע באגריסונגען, אז ס׳האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, מע האָט אלעמען אָנגעטאָן אין שינעלן און פּאָגאָנעס.

א סאך זאכן זײַנען פאר וועניאמין זאכאריעוויטשן געווען אומפארשטענדלעך און אומדערווארט. בא אים אָבער אף דער קאטעדרע האָט זיך דערווײַל גאָרנישט ניט געענדערט. די דיסטאנץ, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן די, וואָס באפוילן, און די, וואָס פילן אויס די באפעלן, האָט סיווער פארגלײַכט מיט דער דיסטאנץ צווישן צוויי רעלסן, וועלכע דערלאָזן ניט די מינדסטע דערנעענטערונג. בלויז איבער דעם, וואָס עס ווערט צעשטערט די אײַנגעשטעלטע דיסטאנץ, האָט א באָכערל, וואָס איז געקומען אין לעבן אף אלעם גרייטן, געקאָנט אָפּן אים באשולדיקן אין דער טײַוול ווייסט וואָס, און דער מאיאָר, וועמעס „זײַן צי ניט זײַן“ אף דער קאטעדרע איז אָפּהענגיק נאָר פון אים, פון סיווערן, זאָל זיך דערלויבן מאכן אים באמערקונגען...

א לײַכטער קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן זײַנע געדאנקען.

— ארײַן!

וועניאמין זאכאריעוויטש האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט צו דער טיר. ער איז געווען זיכער, אז דאָס איז זי, מארגאריטע, פאר וועלכער די גאנצע מישפּאָכע האָט זיך געהיט און, דאכט זיך,

אַפילע מוירע געהאַט. אים אַליין, וואָס האָט דערלאָזט, אַז זי זאָל ווערן אַזאַ, ווי זי איז, האָט זיך צײַטנווײַז אויסגעגעבן, אַז זי שפּירט אים נאָך. סאָפּקאָלסאָף האָט עס געבראַכט דערצו, אַז ער האָט זיך אויך אָנגעהויבן היטן פאַר איר. לויטן שטילן קלאַפּ אין דער טיר האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי האָט שוין ווידער פאַר אים אַ סאָד, און דאָס האָט אים אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ווי נאָר זי האָט געעפנט די טיר, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— וואָלסט זיך בעסער פאַרנומען מיט אונטערזוכן אַ כאַסן, איידער נאָכקוקן און אונטערהערן. ביסט דאָך שוין באַלד אַלט דרײַסיק יאָר.

זי זאָל אים געוועזן דערוף ענטפערן מיט אַ קלאַפּ אין טיר, מיט אַ טופּע פון פוס, וואָלט ער זי עפּשער נאָך אומגעקערט צוריק און זיך פאַר איר אַנטשולדיקט. איז זי אָבער אַרויס פון קאַבינעט מיט שאַרנדיקע טריט, באַהאַלטנדיק דאָס פּאָנעם אין די הענט, ווי זי וואָלט זיך געהיט פאַר אַ קלאַפּ. איר גאַנצער אויסזען איז געווען ווי אויסגערעכנט אַף אַרויסרופן צו זיך מיטלײַד, און דאָס האָט בײַ וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן אַרויסגערופן אַ פאַרלאַנג זי נאָך מער דערנידעריקן. דערפאַר האָט ער, צומאַכנדיק נאָך איר די טיר, אויסגעשריגן אַף דער גאַנצער שטוב:

— פונוואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען אַזעלכע־אָ, פונוואַנען?!

לאַנג און שווער האָט ער אַרומגעשפּרײַזט איבער דעם קאָלירטן וואָלענעם טעפּיכל, האַלטנדיק זיך די גאַנצע צײַט אַף איין און דער זעלבער שטרעקע פון די בלוי־גרינע קאַנטן. ער איז עטלעכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען איבער דעם מיט צוגעמאַכטע אויגן און נאָך יעדע פינף־זעקס טריט געוואָרפן אַ בליק, צי איז ער ניט פאַרקראָכן אין אַ זײַט. דאָס איז בײַ אים געווען אַן אַלט מיטל אַף צו באַרויִקן זיך.

אומשפּרײַזנדיק אַזוי הין און צוריק אָט מיט אָפענע, אָט מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין פון יענער זײַט טיר. דאָס האָט געוויינט מאַרגאַריטע. און פון אונטן האָט זיך צו אים אַהער דערטראָגן ברײַנעס דערשראָקן קאָל: „פאָלג מיך, אַלעקל, און גיי אַרויף צום טאַטן זיך אַנטשולדיקן. ער וועט דיר מויכל זײַן. אָט וועסטו זען, אַז ער וועט דיר מויכל זײַן. נו, גיי, אַלעקל...“

„אַנטשולדיקן זיך... מויכל זײַן“. ווי פאַרשטייט זי ניט, אַז דאָס, וואָס איז הײַנט געשען, איז אַ סאַך ערנסטער, ווי מע קאָן זיך פאָרשטעלן. און גלײַך ווי ער וואָלט זיך געקליבן דאָס איר זאָגן, ברײַנען, האָט ער אויפגעפּראַלט די טיר און זיך אָנגעשטויסן אַף מאַרגאַריטען.

— גיי אַרײַן! — האָט ער אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין איר געזאָגט.

אַף אירע דינע, געדיכט געפאַרבטע ליפּן האָט דורכגעשוועבט אַ שמייכל, וואָס איז געבליבן שטעקן אין די אַראָפּגעלאָזטע מויל־ווינקלען. אין די גרויע פאַרוויינטע אויגן האָט זיך שוין ווידער געלויכטן די פאַרגעטערונג, מיט וועלכער זי האָט שטענדיק אַף אים געקוקט. דאָס האָט אים איצט דערמאָנט אײנעם אירן אַ געשפּרעך מיט אַ כאַווערטע, וועלכן ער האָט צופעליק אונטערגעהערט. „ווען איך זאָל מעגן, — האָט מאַרע געזאָגט דער כאַווערטע, — ווי אַנדערע זיך באַגעגענען, מיט וועמען איך וויל, וואָלט איך שוין, פאַרשטייט זיך, פון לאַנג געווען כאַסענע געהאַט. טאָר איך דאָך אָבער ניט“.

בײַ וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן איז דאַן ניט געבליבן דער מינדסטער סאָפּעק, אַז זי גלייבט טאַקע אין דעם, וואָס זי זאָגט, פונקט ווי זי האָט פריִער געגלייבט, אַז מע האָט ווירקלעך אײַנגעפירט אין די טעאַטערס נײַע קלאַלים פאַר אַזעלכע, ווי ער, אַז זיי טאָרן קלוימערשט ניט זיצן ווײַטער פון דער פערטער צי פינפטער ריי, אַז זיי איז פאַרבאָטן פאָרן מיטן טראַמווײַ און אווטאָבוס... געגלייבט אין אַלץ, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט! בײַ וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן האָט זיך נאָך דעמלט געשאַפן אַן אײַנדרוק, אַז זײַן מאַרע איז, דאַכט זיך, זיכער: פונקט ווי ס׳זײַנען פאַראַן אַף די וואָקזאַלן באַזונדערע קאַסעס פאַר מיליטערלײַט, פאַר קוראָרטניקעס, אַזוי זײַנען אויך פאַראַן באַזונדערע קאַסעס פאַר אַזעלכע, ווי ער, אַף אַלץ אין לעבן. די זעלבע פאָרשטעלונגען האָט זי אויך געפרוווט אײַנפלאַנצן בײַ דער מישפּאָכע. זי האָט ווי אַ „סטרעלאָטשניק“ אַכטונג געגעבן, אַז דער מעהאַלעך, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן דעם פאָטער און דער מישפּאָכע, זאָל ווערן שטרענג אָפּגעהיט. וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז קימאַט געווען זיכער, אַז ווען ס׳זאָל זיך צוליב דעם פאָדערן איבערגיין מיט אים, מיטן פאָטער, אַף „איר“, וואָלט זי אַפילע דער מוטער פאַרווערט זיך ווענדן צו אים אַף „דו“. אין דעם אויפן, ווי זי פלעגט אַרויסברענגען דאָס וואָרט „פּאַפּאַ“, האָט זיך געפילט פונקט אַזאַ דערווײַטערטקײַט, ווי זי וואָלט אים גערופן „כאַווער פאָלקאָווניק“. ער האָט זי אַפילע אײנמאָל געפרעגט: „פאַרוואָס רופסטו מיך ניט כאַווער פּאַפּאַ?“ אינדערעמעסן אָבער איז ער, אין אַ געוויסער מאָס, געווען צופרידן דערפון. אָפן אָבער האָט ער עס איר קיינמאָל ניט געזאָגט. פאַרקערט, ער האָט זיך צו איר באַצויגן אַ סאַך שטרענגער, ווי צו אַלעקן, און ווי ער האָט איצט ניט געוואָלט זײַן צו איר ווייך, האָט די שטים בײַ אים פאָרט געקלונגען קאַלט און טרוקן:

— נו? איז וואָס האָסטו מיר געוואָלט דערציילן?
— זי איז אַ ליפּטיאַרשע, פּאַפּאַ.
— ווער?
— באַריס׳ מוטער.
— באַריס?
— נו, אָט דער, וואָס האָט היינט אַוועקגעפירט אַלעקן מיט זיך.
— האָ...

סיוועך האָט זיך מיטאַמאָל פאַרקוקט אַף דער דייטשישער בראַ איבערן טיש, וואָס האָט אים דערמאָנט אין דעם פאַרטריקנטן האַרבסטיקן בלאַט, וואָס ער האָט אַנומלטן געבראַכט צו פירן פון זשעלעזנאָוואָדסק. „דער שוויגערס צונג" רופט מען אים, דעם בלאַט.

— און וועגן איר וועל איך זיך דיר אַלץ דערוויסן, פּאַפּאַ.
— גוט, גוט.

ווען מאַרע איז שוין געווען בא דער טיר, האָט ער זי אָפּגעשטעלט:

— וועגן וועמען האָסטו געזאָגט?
— וועגן זיין מיידל, ער האָט דאָך אַ מיידל. שעוע רופט מע זי.
— ווער?
— אַלעק. האָסט גאָרניט געוווסט?

מאַרגאַריטען איז געווען ניט צו דערקענען. פון פרייד, וואָס זי קאָן דערציילן דעם פאָטער עפּעס אַזוינס, וואָס ער וויסט נאָך ניט, איז זי קוים איינגעשטאַנען אַף אַן אָרט. איר זינגעוודיק־ציטעריקע שטים, וואָס דערמאָנט אַ גאַווייער גיטאַרע, האָט באַם פאָטער אין קאַבינעט נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל אַזוי הויך ניט געקלונגען.

— אַפן אַרויסלאָז־אָוונט אין שול האָט ער מיט איר געטאַנצט. כ׳האָב זי דיר דעמלט אָנגעוויזן. געדענקסט? זי איז אַ וווקסיקע, מיט גרויסע קאַרע אויגן. איך וועל זיך וועגן איר אַלץ דערוויסן.

אַ שיינענדיקע איז זי אַרויסגעלאָפן פון קאַבינעט.

אַף דעם פאַרביקן טעפּיכל מיט די בלוי־גרינע קאַנטן, וווּ מאַרע איז נאָרוואָס געשטאַנען, האָט זיך אויסגעשפּרייט דער שאָטן פון דער בראַ, וואָס דערמאָנט אים דעם פאַרטריקנטן בלאַט, וועלכן ער האָט מיט זיך געבראַכט צו פירן פון זשעלעזנאָוואָדסק.

## VII

דאָס ערשטע, וואָס איז געקומען וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן אַפן זינען, ווען ער האָט, אַרויס־גייענדיק פון דעקאַנאַט, דערזען בא דער טיר מאַרגאַריטען, — אַז אין דער היים איז געשען אַן אומגליק. דער קאָרידאָר איז אָבער פול געווען מיט סטודענטן, וואָס האָבן געקאָנט באַמערקן זיין פאַרלוירנקייט, האָט ער העכער אופגעהויבן דעם קאָפּ, אַרויסגעשטעלט די ברוסט, און מיט געמאָסטענע טריט, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין צווייטן עק קאָרידאָר, זיך געלאָזט צו די מירמלנע טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צו אים אין קאַבינעט. געגאַנגען איז ער, האַלטנדיק זיך נאָענט צו דער וואַנט, ער זאָל האָבן בא וואָס זיך אָנצוכאַפּן, אויב ס׳וועט אים מיטאַמאָל אויספעלן לופט, ווי דאָס האָט מיט אים לעצטנס ניט איין מאָל געטראָפן. אויסער די טונקל־בלויע ווענט פון קאָ־רידאָר, האָט ער פאַר זיך איצט מער גאָרנישט ניט געזען. מער פון אַלץ האָט ער מוירע געהאַט אויסדרייען דעם קאָפּ אַף לינקס, ער זאָל זיך ניט באַגעגענען מיט מאַרעס בליק. מאַרגאַריטען האָט ער גלייך געוואָרנט, אַז דאָ, אין קאָרידאָר, זאָל זי אים גאָרנישט דערציילן.

— נאָר ניט דאָ, נאָר ניט דאָ, — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, אויסבאַהאַלטנדיק פון איר זיינע דערשראָקענע האַלב פאַרמאַכטע אויגן.

זיך דערקליבן צו זיך אַף דער קאַטעדרע, האָט ער פעסט צוגעמאַכט די טיר פון קאַבינעט, צוגעגאַנגען צום שרייבטיש, אַרויסגערוקט דאָס בענקל און אין דעם זעלבן אויגנבליק פאַרגע־דערט געוואָרן ביז ניט צו דערקענען. אַ בלייכער, אַן אָפּגעשוואַכטער, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן שטול, אָנכאַפּנדיק זיך מיטביידע הענט פאַרן ברעג טיש, און קוים אויסגעשטאַמלט:

— דערצייל.
— איך האָב געהאַלטן וואָרט, פּאַפּאַ. נאָרוואָס אַלץ אויסגעקלאָרט.
— וואָס אויסגעקלאָרט? — האָט ער מיט אַ פאַרכאַלעשטע קאָל איבערגעפרעגט, ניט באַנע־מענדיק נאָך, וואָס זי רעדט צו אים.

— ער איז ניט שולדיק. אינגאַנצן ניט שולדיק.

— ווער איז ניט שולדיק? — ער האָט נאָך אַלץ אויסגעמיטן זיך באַגעגענען מיט מאַרעס בליק.

— אַלעק.

— אַלעק? וואָס איז געשען מיט אים? וווּ איז ער?

נאָר אײדער זי האָט נאָך באַוויזן אים ענטפֿערן, האָט ער שוין געוווּסט, אַז מיט אַלעקן איז גאָרניש געשען, אַז דאָס איינציקע, נאָך וואָס זי איז פּלוצעם געקומען צו אים אין אינסטיטוט, איז באַווײַזן, אַז זי האָט אים צו דערציילן נײַס. ער האָט עס פֿאַרשטאַנען לויטן פֿאַרבאָרגענעם פֿײַערל אין אירע שמאָלע גרויע אויגן, לויטן ציטער פֿון אירע דינע, פֿאַרביסענע ליפּן, און ס׳האָט זיך אים פֿאַרוואָלט זי אָנכאַפּן פֿאַר די קורץ געשוירענע האָר און אַרײַנשרײַען איר אין דעם באַגײַסטערטן, גליקלעך־שײַנענדיקן פּנים, ווי דעמלט באַנאַכט אויף דער דאַטשע: „וואָלסט זיך בעסער פֿאַרנומען מיט אָפּזוכן אַ כאָסן, אײדער אַרומגיין און זוכן נײַס“. ער האָט זי אָבער ניט איבערגעשלאָגן. ער האָט קימאַט ניט געהערט, וואָס זי דערציילט אים. ער האָט געקוקט אויף איר פֿאַרפֿלאַמט פּנים, אויף אירע פֿריילעך־אַרומלויפֿנדיקע שוואַרצאַפּלען און צום צוויפֿלטן מאָל שוין געפֿרעגט בײַ זיך: „ווי קומט עס, וואָס בײַ אים איז אַזוינס אויסגעוואַקסן? ווער איז אין דעם שולדיק? ווער?“

נאָר דאָ האָט ער פֿון איר דערהערט אַזוינס, אַז ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל און אַ זעץ געטאָן אין טיש. מאַרגאַריטע האָט פֿון שרעק באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט.

— פֿאַרוואָס האָסטו ביז איצט געשוויגן? פֿאַרוואָס, פֿרעג איך דיך? די מינוט זאָלסטו מיר פֿאָרן אויף דער דאַטשע און אים אַראָפּברענגען אַהער. דער מאַמע — קיין וואָרט ניט וועגן דעם. זאָג איר, אַז כ׳וועל הײַנט בלײַבן נעכטיקן אין שטאָט. גיי.

ווען זי איז שוין געווען בײַ דער טיר, האָט ער זי אָפּגעשטעלט:

— ווי, זאָגסטו, רופֿט מען זי?

— שעווע. שעווע איזגור.

— אין וועלכן שפּיטאָל?

— אין דער פֿערטער גראַדסקער.

— פֿינקטלעכער, פֿינקט־לע־כער, — האָט ער געקלאַפּט מיטן בלײַשטיפֿט אין טיש, און זי, די לערערן, מאַרגאַריטע סיוועד, האָט, ווי אַ דערשראָקענע שילערן, געענטפֿערט מיט טרערן אין קאָל:

— צווייטער כירורגישער קאָרפּוס, פֿערצעטע פּאַלאַטע. — און שטיל, קוים וואָס זי אַליין האָט געהערט, צוגעגעבן: — ער איז ניט שולדיק.

— מע פֿרעגט בײַ דיר ניט! מאַרש!

נאָך מאַרעס אוועקגיין האָט סיוועד זיך לאַנג נאָך געראַנגלט מיט זיך אַליין און סאָפּקאָלסאָף גענומען זיך פֿאַרטראַכטן וועגן זאַכן, וואָס האָבן, ווי אים האָט זיך ביז אַהער אויסגעוויזן, ניט געהאַט צו אים קיין שײַכעס. ווער איז שולדיק, אַלעק אַליין, צי נאָך עמעצער, דאָס האָט אים שוין ניט אַזוי געקימערט. וויכטיק איז, צי האָט דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער קאַטעדרע, דער פֿאָלקאָווניק סיוועד, צו דעם אַ שײַכעס.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט געשעמט צווישן די מיליטערלײַט בײַ זיך אויף דער קאַטעדרע אַלס אַ געניטער סטראַטעג. אינעם געגעבענעם פֿאַל אָבער האָט זיך פֿון אים געפֿאָדערט ניט בלויז פֿאָרויסזען, וואָס עס קאָנען קעגן אים איצט אָנווענדן זײַנע מיטאַרבעטער, נאָר באַצײַטנס פֿאַרלויפֿן זיי דעם וועג, זיך באַוואָפֿענען קעגן אַלע מעגלעכע פֿאָרוואורפֿן. ער דאַרף אַלעמען איבערצײַגן, אַז די באַמערקונג, וועלכע ס׳האָט אים געמאַכט אויף דער דאַטשע דער מאַיאָר וועטשעריאַ, האָט צו דעם פֿאָלקאָווניק סיוועד קיין שום שײַכעס ניט.

אָבער וואָס מער וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך אַרײַנגעטראַכט, אַלץ ווייניקער האָט ער אין דעם געגלייבט. דאָס האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין אַזאַ צאָרן, אַז ער האָט הויך אויף אַ קאָל זיך אויסגעזידלט, און אַזוי, ווי ער האָט זעלטן עס זיך דערלויבט אפֿילע אַפֿן פֿראָנט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— אַרײַן!

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן.

— אַרײַן!

ס׳האָט ווידער קיינער ניט געענטפֿערט. אייגנטלעך, האָט ער איצט קיינעם ניט געוואָלט זען, קיינעם, אויסער דעם מאַיאָר וועטשעריאַ.

וואַדים טימאָפֿייעוויטש וועטשעריאַ זאָל געווען איצט אַרײַנקומען, וואָלט סיוועד אים געוויס געפֿרעגט: ווי, אַשטייגער, וואָלט ער געהאַנדלט, ווען זײַן, וועטשעריאַס, זון זאָל זיך געווען אויפֿירן

אזוי, ווי ס׳האָט זיך אופגעפירט אין טראָלייבוס דער זון פון איינעם זײַנעם א באַקאַנטן? וואָס וואָלט וועטשעריא אים דערוף געענטפערט?

זײַן האַנט האָט זיך א ציִ געטאָן צום טעלעפאָן. ער האָט אפגיך אָנגעקליבן די ערשטע פינף ציפער, און ניט וואַרטנדיק, ביז דער דיסק וועט זיך צוריק אומקערן אף זײַן אָרט, אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל אפן הייבער, גלײַך ער האָט פּלוצעם פאַרגעסן די לעצטע ציפער. אין א ווײַלע אַרום האָט ער ווידער גענומען דאָס טרײַבל און ווידער עס אוועקגעלייגט צוריק. צו וואָס דאָס קלינגען? ער וועט דאָך סײַ ווי אים ניט גיין דערציילן, אז מע האָט זײַן זון, זײַן אַלעקן, אָנגערופן פאַר א טראָלייבוס מענטשן פּאַכדן און פאַרעטער. אזוינס קאָן ער אף א קאָל ניט אַרויסברענגען אפילע פאַר זיך אַליין. מאַרגאַריטע נעמט עס מיסטאָמע בלויז אוף ווי א באַליידיקונג, וואָס גיט אַלעקן דאָס רעכט זיך מער ניט באַגעגענען מיטן מיידל. ער אָבער, װעניאַמין זאַכאַריעװיטש, זעט אין דעם אײַן די שווערסטע באַשולדיקונג, וואָס קאָן נאָר געמאָלט זײַן. פאַרעטער פלעגט מען אף דער פּאָדערשטער ליניע אַרויספירן פאַרן סטראָי...

„ניין, ס׳קאָן ניט זײַן! ס׳איז אוממעגלעך! עפּעס איז דאָ ניט אזוי! — האָט ער זיך אַליין באַלד איבערגעשלאָגן. — ס׳קאָן דאָך ניט זײַן, אז אַלעק, מײַן אַלעק...“

דאָס זעלבע האָט ער ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט שטייענדיק אין איבערגעפולטן אווטאָ־בוס, וואָס האָט זיך געטראָגן דורך די רוישיקע אָוונטיקע גאַסן צו דעם ווײַטלעכן דאַנילאָווער פּלאַץ. דאָס, וואָס ער האָט ניט אַרויסגערופן פון גאַראַזש זײַן מאַשין און זיך געשלעפּט אזוי ווײַט מיטן אווטאָבוס, וואָס ער איז דעם גאַנצן וועג אָפּגעשטאַנען אף די פיס, האָט אויסגעזען ווי א מין ענטפער דער טאָכטער זײַנער, וואָס האָט, דאַכט זיך, ביז איצט נאָך געגלייבט, אז אזעלכע, ווי ער, איז ניט דערלויבט זיך ניצן מיטן טראַמוויי צי מיטן אווטאָבוס, כאָטש ניט וועגן דעם האָט ער איצט געקלערט. ער האָט געהאַט א סאַך וויכטיקערס וועגן וואָס צו טראַכטן, ער האָט עס אָבער אַלץ אָפּגעלייגט אף שפּעטער. ביזוואַנען ער וועט ניט הערן פון איר אַליין, פון דעם מיידל, וועט ער... ניין, ניט נאָר פון איר בלויז, נאָר אויך פון אים, יאָ, אויך פון אים...

מאַרע קער שוין אוואַדע זיצן אין צוג. אין אן אַנדערהאַלבן־צוויי שאָ אַרום וועט זי זײַן אף דער דאַטשע, און אַרום עלף אין אָוונט וועט אַלעק זײַן דאָ. ס׳קאָן דאָך אָבער טרעפן, אז אַלעק איז נאָך די לימודים גאָר ניט געפאָרן אף דער דאַטשע. געדאַרפט געוואָן פאַרן אַרויספאָרן נאָכ־אַמאָל אָנקלינגען אַהיים.

„וואַרט א ווײַלע, — האָט ער א טראַכט געטאָן — ביז וויפל אזייגער לאָזט מען אַרײַן אין שפּיטאָל? ס׳איז דאָך שוין באַלד זיבן, און אין די שפּיטאָלן זײַנען אײַנגעשטעלט באַשטימטע טעג און שאָען פאַר די באַזוכער. ווי איז עס מיר גאָר פון קאָפּ אַרויסגעפלויגן?“

דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געדענקט דעם גאַנצן וועג, — ער דאַרף איר עפּעס קויפן, נאָר ניט געקעאַנט באַשליסן וואָס. דאָס מיידל קאָן אמאָל אופנעמען די מאַטאַנע ווי א מין פּרווו פון זײַן זײַט זי איבערבעטן מיט אַלעקן.

אַרויס פון אווטאָבוס, האָט װעניאַמין זאַכאַריעװיטש זיך פאַרהאַלטן בא דער העל באַלויכ־טענער וויטרינע פונעם ברוינעם האַלב־קײַלעכיקן אוניווערסאַלן מאַגאַזין אפן דאַנילאָווער פּלאַץ.

דאָ, בא דער רײַך אויסגעפּוצטער וויטרינע, האָט ער ענדלעך באַשלאָסן גאָרנישט צו קויפן, קומען אָן א מאַטאַנע. ס׳איז בעסער אזוי.

די שטילע זײַטיקע געסלעך, וואָס האָבן געפירט פונעם טומלדיקן דאַנילאָווער פּלאַץ צום שפּיטאָל, האָבן אים באַגעגנט מיט טונקעלע פײַערלעך פון די איינשטאָקיקע און אַנדערהאַלבן־שטאָקיקע הילצערנע שטיבלעך. אין איינעם פון אָט די געסלעך געפינען זיך די דאַנילאָווער קאַזאַרמעס, און ווײַל װעניאַמין זאַכאַריעװיטש האָט ניט פּינקטלעך פאַרגעדענקט דאָס דאָזיקע געסל, איז ער פון סאַמע פּלאַץ און ביזן טויער פון שפּיטאָל געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט, די ברוסט אויסגעשטעלט פאָרויס, ווי ער וואָלט געוועזן זיכער, אז אויסער מיליטערלײַט וועט ער דאָ צווישן די פאַרבײַגייער קיינעם ניט באַגעגענען.

אין הויף פון שפּיטאָל איז ער אָבער אַרײַן שיר ניט אף די שפּיץ פינגער. נאָך די ערשטע עטלעכע טריט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט — צי ווײַל דאָס האַרץ האָט צו הילכיק געקלאַפּט, אז אָט־אָט וועלן די קנעפּ פון דער שינעל זיך אָפּרײַסן, צי ווײַל ער האָט פאַרלוירן די האָפענונג, אז דאָס מיידל, צו וועלכן ער גייט, וועט לינדער מאַכן אין זײַנע אויגן אַלעקס שולד.

דער צווייטער כירורגישער קאָרפּוס, אין וועלכן עס איז געלעגן שעווע איזגור, איז געשטאַ־נען טיף פאַרוקט אינעם גרויסן הויף. אַהין האָט געפירט א שמאָלע, לאַנגע אַליי. באַם סאָף פון דער אַליי האָט װעניאַמין זאַכאַריעװיטש אין דער פינצטער זיך אף עמעצן אָנגעשטויסן. ער האָט אַליין ניט געוווסט, פאַרוואָס ער האָט מיטאַמאָל געפרעגט:

— אַלעק, דאָס ביסטו?

דער, וואָס האָט זיך אזוי האַסטיק פאַרבײַגעטראָגן און איז פאַרשוווּנדן אין כוישעך פון דער

הארבסטיקער אליי, האָט נאָך ניט באַוויזן אַף אַזויפיל זיך דערוווּסטערן, ס׳זאָל צו אים ניט גריכן סיוועס ברוסטיקע שטים.

סיוועס האָט זיך אײַנגעהערט אינעם אָפּהילך פון די זיך דערווײַטערנדיקע טריט און ווי־דעראַמאָל געפרעגט:

— אַלעק, דאָס ביסטו?

אייגנטלעך איז וועניאַמין זאַכאַריעוויטש געווען צופרידן, וואָס יענער האָט זיך ניט אָנ־גערופן. וואָס וואָלט זיך דען געענדערט, ווען ס׳איז אַלעק? סיוועס וואָלט ער צו איר אַרײַנגעגאַנ־גען. זי, דאָס מיידל, קאָן אים עפשער מויכל זײַן, אַלעקן, אָבער ער זאָל אים מויכל זײַן — דאָס ניט. קיינמאָל אין לעבן ניט. סײַדן אַלץ איז פאַרגעקומען ניט אַזוי, ווי מאַרע האָט אים דערציילט. און קעדיי ענדגילטיק עס פעסטשטעלן, מוז ער זיך מיט איר זען, זען אירע אויגן, ווען זי וועט אים דערציילן וועגן געשעענעם...

אין דער אָפּגעבליאַקעוועטער רעשימע, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט אינעם קליינעם טונקל באַלויכטענעם און ניט היימלעכן אופנאַם־צימערל, איז געווען אָנגעוויזן, אַז הײַנט איז בלויז דערלויבט איבערגעבן פעקלעך.

— און צו שווער קראַנקע? — האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש געפרעגט דאָס מיידל, וואָס איז געזעסן באַם אָפענעם פענצטערל.

צי ווײַל די דעזשורנע שוועסטער האָט גלײַך באַמערקט די דרײַ גרויסע שטערנס אַף זײַנע פּאַגאָנעס, צי ווײַל איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז באַ דעם מענטשן זײַנען אומרויִקע, דערשראָ־קענע אויגן, האָט זי אים געפרעגט ניט קורץ און אָפּגעהאַקט, ווי זי פרעגט געוויינלעך אַנדערע, נאָר שטיל און העפלעך:

— וויאַזוי איז די פאַמיליע?

— איזגור. שוועסטער איזגור.

— פון דער פערצעטער פּאַלאַטע? דאָרט זיצט שוין עמעצער באַ איר.

— ווער? — האָט זיך באַ אים אומגערן אַרויסגעכאַפּט.

— דאָס, זעט איר, ווייס איך ניט. עס באַזוכן זי ביכלאַל זייער אַ סאַך.

זי האָט אַ קוק געטאָן אַף איר האַנט־זייגערל, נאָכדעם אַף דעם גרויסן עלעקטרישן וואַנט־זייגער און געזאָגט:

— אײַך וועט אויסקומען צוווּאַרטן. ווי נאָר יענער וועט אַרויסגיין, וועל איך אײַך דורכלאָזן.

„ווער קאָן עס דאָרט זײַן באַ איר?“ — האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש זיך אַליין געפרעגט, צוקוקנדיק זיך צו יעדן איינעם, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער גלעזערנער טיר פון קאָרידאָר. ער האָט פאַר דער צײַט שוין עטלעכע מאָל געביטן דאָס אָרט אַפן דיוואַן, ביז ער האָט ענדלעך זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, פונוואַנען מע האָט אים קוים אָנגעזען. זיצנדיק אַזוי דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזט אַף דער ברוסט, האָט ער זיך פאַרטראַכט, צי זאָל ער זיך אָפּרופן, ווען די דעזשורנע וועט אויסרופן: „איזגור. ווער איז געקומען צו דער קראַנקער איזגור?“

די מוירע זיך צו באַגעגענען מיט עמעצן פון שוועס מישפּאָכע און די בושע זיך אָנער־קענען, אַז ער איז אַלעקס פאָטער, האָט אים אַ הייב געטאָן פון אָרט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע אין אופנאַם־צימער באַמערקן עס אַף אים, און קעדיי אָפּוועגדן פון זיך די אויפמערקזאַמקײַט, האָט ער זיך אַרײַנגעמישט אינעם געשפּרעך, וואָס עס האָבן צווישן זיך געפירט די באַזוכער, — אַ געוויינלעכער געשפּרעך וועגן קרענק, רעפּועס, דאָקטוירים.

— און באַ וועלכן דאָקטער היילט זיך דאָ אײַערער?

— מײַנער?

פונקט אין אָט דער רעגע האָט ער דערזען דורך דער גלעזערנער טיר פון קאָרידאָר באָריס לאַגונאָוון.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך אופגעהויבן אַ צופרידענער, וואָס אָנשטאָט זיך טרעפן מיט עמעצן פון שוועס מישפּאָכע, ווי ער האָט דערוואַרט, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אים, מיט אַלעקס כאַווער.

אַף באָריס׳ לענגלעך־מאַטעווע געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, וועלכער איז גלײַך פאַרשוווּנדן: זאָל דער פּאָלקאָווניק מיינען, אַז ער ווייסט נאָך דערווײַל ניט וועגן אַלעקס הײַנטיקן באַזוך און וויאַזוי דער דאָזיקער באַזוך האָט זיך פאַרענדיקט. באָריס האָט זיך אָבער ניט גע־קאָנט צווינגען, ער זאָל ניט וואַרפן אַ בליק אַף וועניאַמין זאַכאַריעוויטשעס אַראָפּגעלאָזטע הענט און אַפן דיוואַן, אַף וועלכן ער איז נאָרוואָס געזעסן, — צי איז ער ניט געקומען מיטן זעלבן שאַכטל קאָנפעטן, וואָס אַלעק, ער האָט ביכלאַל ניט געקאָנט פאַרשטיין, צוליב וואָס איז ער געקומען, אַלעקס פאָטער. זיך אָנעמען פאַרן זון, ווי דעמלט אַף דער דאַטשע? דער פּאָלקאָווניק זאָל איצט

מיט אים פאַרפירן אַזאַ געשפּרעך, וואָלט ער שוין אַנדערש גערעדט מיט אים. און עפּשער איז דער פאַלקאָווניק גאָר געקומען ניט צו שוועון?

נאָר גאָר אַנדערש האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש אויסגעטײַטשט באַריס׳ שמייכל. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דעם באַשלוס פון צענטן „ווע" וועגן אַלעקן וועגדן זיי אויך טײַלווײַז אָן צו אים, און ווי ער זאָל וועלן זיך איבערצײַגן, אַז ס׳איז ניט אַזוי, האָט ער דער ערשטער זיך אָנגערופן:

— אַ גוטן־אָוונט.

— אַ גוטן־אָוונט, כאַווער פאַלקאָווניק.

— איר זײַט געווען בא איר?

באַריס האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אויב איר אײַלט זיך ניט, איז וואַרט, ביטע, צו אַף מיר. איך וועל זיך לאַנג ניט זאַמען. — און אַרופּצײַענדיק אַף זיך דעם ענגן כאַלאַט מיט שטיקלעך פון די אַפּגעריסענע בענדלעך, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש געפרעגט באַם מיידל אין פענצטערל: — קאָן איך, הייסט עס, גיין? אַ גרויסן דאַנק אײַך, כאַווערטע.

## VIII

די דרײַ יונגע פרויען פון דער פערצעטער פּאַלאַטע, אין וועלכער עס ליגט שעווע איזגור, האָט מען אָפּטער פון אַלע אַנדערע קראַנקע געקאָנט טרעפן אינעם לאַנגן, באַלעבטן קאָרידאָר. באַזונדערס איז דאָ טומלדיק אינעם צווייטן האַלבן טאָג. קוים נאָר דערפילט מען, אַז די מאַכט אַפן שטאָק גייט איבער אין די הענט פון די יונגינקע מעדיצינישע שוועסטער, אַזוי פאַרלאָזט מען גלײַך די פּאַלאַטעס און מע נעמט זיך זאַמלען אין קאָרידאָר: ווער זעלבשטענדיק, ווער מיט עמעצנס הילף אָדער אַף די וועגעלעך מיט די הויכע גומענע רעדער. די טירן פון די פּאַלאַטעס לאָזט מען שטיין אָפן, אַז די, וועלכע קאָנען נאָך ניט אַראָפּגיין פון די געלעגערס, זאָלן זיך קאָנען צוהערן צו די געשפּרעכן, וואָס פאַרציִען זיך אָפטמאָל ביזן אויסלעשן די שײַן.

די ערטער אין קאָרידאָר, כאָטש מע האָט זיך וועגן דעם ניט צונויפגערעדט, זײַנען אָן ערעך פאַרטיילט אַזוי: די דיוואַנען מיט די אָנגעצויגענע טשעכאָלן — פאַר די, וואָס קומען אַהער פירן געשפּרעכן, לייענען, שטריקן; די טישלעך און בענקלעך — אַף שפּילן אין שאָך, דאָמינאָ. דאָס הילכיקע קלאַפּן פון די ביינדלעך בײַסן שפּילן איז ניט אַף קיין סאַך שוואַכער, ווי אין דער מאַנצבאַלשער אָפּטיילונג, וואָס געפינט זיך מיט אַ שטאָק העכער, און פּונקט ווי דאָרט, בא די מאַנצבאַלן, אַזוי אויך בא די פרויען, האַלטן די שוועסטער אין איין וואָרענען, אַז זיי וועלן באַלד צונעמען די ביינדלעך, טאָמער הערט מען ניט אויף אַזוי צו טומלען.

ווען דאָס העלפט אויך ניט, וועגדן דעמלט אָן אייניקע קראַנקע, וואָס קאָנען אויך ניט פאַרטראָגן דעם טומל, דעם אַלטן אויסגעפּרוּווטן מיטל. זיי גיבן פּלוצעם אַ געשריי: „וואַזדוך". דאָס דאַרף באַטײַטן, אַז די פאַרוואַלטערן גייט. און כאָטש אַלע ווייסן, אַז די פאַרוואַלטערן פון דער אָפּטיילונג איז שוין פון לאַנג אַוועק אַהיים, דאָך קוקט מען זיך אײַליק אַרום, און אַף אַ קורץ שטיקל צײַט ווערט אין קאָרידאָר שטיל. אַפילע בא דעם טעלעפאָן־אויטאָמאַט, אין עק קאָרידאָר, וווּ ס׳איז שטענדיק אַ ריי און אַ טומל, ווערט אויך שטיל.

אָפטער פון אַנדערע וועגדן אָן דאָס דאָזיקע מיטל די דרײַ יונגע פרויען פון דער פערצעטער פּאַלאַטע, ווו די טיר איז שטענדיק צוגעמאַכט. דער אונטערשייד צווישן די קראַנקע פון דער פערצעטער פּאַלאַטע און אַלע איבעריקע באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זײַנען אָפטער געצוווּנגען פאַרברענגען די אָוונטיקע שאָען אין קאָרידאָר, ווײַל ס׳איז קימאַט ניטאָ דער אָוונט, עמעצער זאָל ניט זיצן בא שעווע בעטל. מער פון אַנדערע זיצט דאָרט דאָס באַכערל מיטן לענגלעכמאַטעווען פּנים און מיט די שעמעוודיקע, אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וועלכער איז נאַרוואָס פון דאָרט אַרויס. די פרויען אײַלן זיך ניט אומקערן אין פּאַלאַטע, זיי ווייסן שוין: וויבאַלד בא שעווען איז הײַנט געווען דאָס באַכערל, איז גלײַכער, זיי זאָלן זי אַף אַ שטיקל צײַט איבערלאָזן אַליין.

שעווע באַמערקט אָבער ניט, אַז זי איז געבליבן אַליין אין פּאַלאַטע. זי איז איצט פאַרטאָן מיט די שטראַלן, וואָס ציִען זיך, ווי פאַרביקע שפּיזלען און בונטע סטענגעס, פונעם בלוי־מילכיקן פלאַפּאָן אונטערן באַלקן צו אירע פאַרזשמורעטע אויגן. אײַנגאַנצן צומאַכן די אויגן האָט זי מוירע, ווי עס וואָלט זי געשראַקן, אַז קוים לאָזט זי אַרויס פון אויג די שפּיזלען און די סטענגעס, וועט זייער אָרט באַלד פאַרכאַפּן אַלעק, און זי וועט זיך נאָכדעם לאַנג ניט קאָנען פון אים באַפרײַען. ער וועט ווידער צושטיין צו איר מיט דער פראַגע, וועלכע ער פאַרגיט איר יעדעס מאָל אין די בריוולעך, אַף וועלכע זי האָט אים נאָך קיין איין מאָל ניט געענטפערט. ער פאַרלאַנגט,

זי זאָל אים זאָגן, „צי קאָן זי אים פֿאַרגעבן‟, דעמלט ווען זי אַליין ווייסט נאָך ניט, וואָס צו ענטפֿערן דערויף. כאָטש דאָס געפֿיל, מיט וועלכן זי האָט זיך מיט אים צעשיידט אין טראָליייבוס, זיך צעשיידט, ווי זי האָט געגלייבט, אויף שטענדיק, איז די לעצטע טעג געוואָרן ווי אָפּגעטעמפּט. ס׳האָט זי פּלוצעם געקאָנט אָנכאַפּן אַזאַ בענקשאַפֿט... באַזונדערס שטאַרק פֿילט זי עס אין יענע אומעטיקע שאָען, ווען בײַ איר בעטל, לעבן פֿענצטער, זיצט באָריס.

פֿאַר די פּאָר וואָכן, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען נאָך דער אָפּעראַציע, איז בײַ איר געווען קימאַט דער גאַנצער קלאַס. נאָר אויף קיינעם, אַפֿילו אויף דער אייגענער מוטער, האָט זי אַזוי ניט אַרויסגעקוקט, ווי אויף באָריסן. זי האָט אַליין ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס קומט מיט איר פֿאָר. אין שול האָט זי זיך מיט באָריסן איבעריקס ניט געכאַוועט, זי איז מיט אים קיינמאָל ניט געגאַנגען אין קינאָ, און אויף וויפֿל זי געדענקט, האָט ער זי אויף די שול־אָוונטן קיינמאָל ניט אײַנגעלאַדן טאַנצן. וואָס זשע איז מיט איר פּלוצעם אַזוינס געשען? וויפֿל ער זאָל ניט זיצן בײַ איר בעטל, דוכט זיך איר אַלץ, אַז ער איז נאָרוואָס אַרײַן, און זי בעט זיך בײַ אים: „גיי נאָך ניט אַוועק. זיץ נאָך אַ ביסל‟.

נאָך זײַן צווייטן צי דריטן באַזוך האָבן די דרײַ קראַנקע פֿון דער פּאַלאַטע זי געפֿרעגט, צי איז ער ניט דאָס באָכערל, וועלכן זי רופֿט אָפֿט אין שלאָף אַזוי צאַרט און פֿאַרצויגן.

שעווע האָט פֿאַרשעמט אַרופֿגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ און זיך צעוויינט. פֿון דעמלט אָן פֿלעגן אירע שכנטעס אַרויסגיין פֿון דער פּאַלאַטע, ווי נאָר באָריס קומט.

„וואָס וואָלט געווען, — האָט שעווע געטראַכט, — ווען די דרײַ ליבע פֿרויען וואָלטן זיך ניט נאָכגעפֿרעגט אויף באָריסן? זי וואָלט מיסטאָמע אויך ווײַטער ניט געלייגט קיין באַזונדער אַכט אויף באָריס׳ אָפֿטע באַזוכן‟.

אַפֿילו דעמלט, ווען ער פֿלעגט זיך צוזעצן צו איר בעטל, אַרײַננעמען איר האַנט אין זײַנער, האָט זיך איר אויך געקאָנט פּלוצעם אויסדוכטן, אַז די צערטלעכקייט זײַנע נעמט זיך פּאַשעט פֿון גוטסקייט, וועלכע ער וואָלט זיכער אַרויסגעוויזן צו יעדן איינעם אויף איר אָרט. זי פֿלעגט באַפֿרײַען איר האַנט פֿון זײַנער און זיך אײַנריידן, אַז באָריס האָט עס ניט באַמערקט, אַז זי איז ביכלל ניט פֿון די מיידלעך, וואָס קאָנען געפֿעלן אַזאַ, ווי באָריס, אַז אים איז פּאַשעט אומעטיק און לאַנגווײַליק מיט איר און דערפֿאַר שווײַגט ער.

הײַנט האָט ער אויך אָפּגעשוויגן קימאַט דעם גאַנצן אָוונט, און ווי אַלעמאָל, האָט שעווע זיך געוווּנדערט, וואָס ער מײַדט אויס ריידן וועגן אַלעקן, דערמאָנט אַפֿילו ניט זײַן נאָמען. ער ווייסט דאָך, אַז אַליין מיט זײַן קומען אַהער שטויסט ער זי טראַכטן וועגן אַלעקן. ס׳איז עפּעס אויסגעקומען, ווי ער זאָל מיט זײַן שווײַגן וועלן זי פֿרעגן: „ווילסט, איך זאָל דיר זאָגן, פֿאַרוואָס זײַנען בײַ דיר אַזוי פֿאַרנעפּלט די אויגן? פֿאַרוואָס ציטערן בײַ דיר די וויִעס? פֿאַרוואָס בעטסטו מיך שטענדיק, איך זאָל זיך פֿאַרהאַלטן? וועסט עפּשער זאָגן, אַז ס׳איז ניט אַזוי?‟

ניין, שעווע האָט זיך ניט געקליבן אָפּלייקענען, אַז אין באָריס׳ אָנוועזנהייט באַפֿאַלט זי פּלוצעם אַ נאָגנדיקע בענקשאַפֿט נאָך אַלעקן. אַז אינמיטן דער נאַכט קאָן זיך איר מיטאַמאָל אויסווײַזן, אַז אַלעק בלאָנקעט אונטער די פֿענצטער, און זי איז דעמלט גרייט צופֿאַלן מיטן פּנים צו דער שויב...

הײַנט האָט זי ווידער דערוואַרט הערן פֿון באָריסן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זי דערווײַטערן פֿון אַלעקן. און באָריס האָט ווידער געשוויגן.

— וועמען זעסטו פֿון אונדזערע?

— וועמען?

און דעמלט, ווען ער האָט געהאַלטן אין אויסרעכענען זייערע ביידנס כאַווירים און באַקאַנטע, איז איר בליק געפֿאַלן אויפֿן קײַלעכדיקן שאַכטל קאָנפֿעטן מיטן רויטן זײַדענעם סטענגעלע, וואָס די מעדיצין־שוועסטער האָט איר באַטאָג איבערגעגעבן. צי ווײַל באַלד נאָך דעם איז געקומען באָריס, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט ער איר אַרײַנגעשיקט די קאָנפֿעטן. זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז פּונקט אַזאַ שאַכטל האָט איר אין עטלעכע שאָ אַרום נאָך דער אָפּעראַציע געבראַכט די מעדיצין־שוועסטער פֿון „איינעם אַ ווווּקסיקן און שיינעם באָכער‟. זי האָט עס אים אָפּגעשיקט צוריק. צי דען האָט אַלעק שוין פֿאַרגעסן אין דעם און איז ווידער הײַנט געווען? שעווע האָט דעם גאַנצן אָוונט געהאַט אין זינען, אַז בײַם געזעגענען זיך זאָל זי ניט פֿאַרגעסן בעטן באָריסן, ער זאָל דאָס שאַכטל אומקערן אַלעקן. פֿאַרוואָס האָט זי אָבער פֿאַרגעסן?

אירע האַלב צוגעמאַכטע אויגן זײַנען וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ קלענער, ביז זיי האָבן זיך אײַנגאַנצן פֿאַרמאַכט. זי האָט שוין נאָכדעם אַליין ניט געוווּסט, צי אין שלאָף, צי אויף דער וואָר האָט עמעצער דורכגעפֿירט מיט דער האַנט איבער איר שטערן. די האַנט איז אַ ווייכע, אַ וואַרעמע, ס׳גלוסט זיך צוטוליען צו איר מיט דער באַק, זיך צורירן מיט די ליפּן, זיך לײַכט אײַנבײַסן אין איר מיט די ציין... פֿאַמעלעך, זי זאָל נאָך טיילווײַז בלײַבן שטעקן אין שלאָף, עפֿנט

שעווע די אויגן, און אינעם געפּלעכט פון די פּאַרביקע שפּיזלען און סטענגעס, וואָס ציִען זיך צו איר פּונעם בלוי־מילכיקן פּלאַפּאָן אונטערן באַלקן, דערזעט זי פאַר זיך א פּולבלעכן מאַנצבל אין א קורצן ענגן כאַלאַט.

— א גוטן־אָוונט.

— א גוטן־אָוונט. — און שעווע האָט עטוואָס אופגעהויבן דעם קאָפּ פון דער נידעריק אראָפּ־געדרוקטער קישן.

לויט דעם, ווי ער האָט זיך צוגעזעצט צו איר אַפן בענקל, פאַרוואָרפן איין פוס אפן אנדערן און אָנגערוקט די ברעמען, איז בא איר ניט געבליבן דער מינדסטער ספק, אַז ס'איז צו איר געקומען נאָך אָן אויספאָרשער, וואָס וועט פונקט, ווי אַלע פריִערדיקע, זי אָנהייבן אויספרעגן: „ווען, ווו, וויאַזוי", און אויך מיסטאָמע איר אונטערטראָגן די „קאָמסאָמאָלקע", אין וועלכער ס'איז אויספירלעך באַשריבן די געשעעניש אין טראָליי־בוס. דאָך האָט זי אים א פרעג געטאָן:

— איר דאַרפט צו מיר?

— איך בין אַלעקס פּאָטער.

— האַ? — האָט שעווע איבערגעפרעגט, ווי זי זאָל זיך דאַרפן דערמאָנען, ווער איז אַזוינס אַלעק, און ברייט צעעפנט די אויגן. פון אָט דעם קוק אירן האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש פאַר־שטאַנען, אַז פאַרשטעלן זיך פאַר איר איז געווען אינגאַנצן איבעריק, ווי ס'איז איבעריק איר דערקלערן, נאָך וואָס ער איז צו איר געקומען.

ער האָט אָבער א טאָעס געהאַט. אפילו שוין נאָך דעם, ווי ער האָט זיך פאַר איר פאָרגע־שטעלט, האָט שעווע אויך ניט געקאָנט אין אים געפינען ענלעכס מיט יענעם פּאָלקאָווניק, וואָס האָט זיך אף א פערטל שאָ געהאַט אראָפּגעכאַפּט צו זיי אין שול אפן ארויסלאָז־אָוונט. אַלעק האָט זי דעמלט געוואָלט באַקענען מיט אים, נאָר ווען זי האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט, איז וועני־אַמין זאַכאַריעוויטש שוין ניט געווען. און נאָך האָט זיך איר פאַרגעדענקט פון יענעם אָוונט: אַלעקס שוועסטער מאַרגאַריטע האָט נאָך דעם, ווי וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז אוועק, זיך אָנ־גערופן צו אַלעקן אַזוי, אַז דער גאַנצער זאַל זאָל הערן:

— ווו איז וועניאַמין זאַכאַריעוויטש? שוין אוועקגעפאָרן? מיסטאָמע ווידער א זיצונג צי אָן אופנאַם.

און אָט: דער, וועמען די אייגענע טאָכטער האָט אין דער אָנוועזנהייט פון זײַטיקע מענטשן גערופן נאָר באַם נאָמען און פאָטער־נאָמען, זיצט איצט לעבן איר. און געקומען איז ער, ווי זי שטויסט זיך אָן, בעטן, זי זאָל קיינעם ניט דערציילן, וואָס ס'איז צווישן איר און זײַן אַלעקן געשען. אומזיסט באַאומרויִקט ער זיך אַזוי, דאַכט זיך, אַז אין דער צײַטונג, ווו ס'איז באַשריבן די געשעעניש, ווערט מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט אַלעקס נאָמען. איז וואָס פאַרלאַנגט ער פון איר נאָך?

וואָס לענגער וועניאַמין זאַכאַריעוויטש שווײַגט, אַלץ מער גיט זיך איר אויס, אַז ער וואַרט נאָך אף עמעצן, אַז ס'קאָן זיך עפענען די טיר און ס'זאָל ארײַנקומען אַלעק. איר בליק פאַרהאַלט זיך ניט ווילנדיק אפן כאַלאַט, וואָס האָט זיך אראָפּגעגליטשט פון זײַנע אַקסלען. צי האַלט ער דאָרט ניט אונטערן כאַלאַט א שאַכטל קאָנפעטן מיט א זײַדענער סטענגע?

שעווע ציט אף זיך נאָך העכער ארויף די קאָלדרע, באַהאַלט די הענט, סיווער זאָל ניט זען, ווי זיי ציטערן. די קישן איז ווי אָנגעגליט פון איר פלאַמענדיקן פּאָנעם, פון די ברענענדיקע אויערן־לעפּלעך.

אירע אויגן דערמאָנען איצט סיווערן, אַז נאָכן ארויסלאָז־אָוונט האָט ער געהאַט אין זינען פרעגן בא מאַרען, ווער איז דאָס מיידל, מיט וועלכער ס'האָט געטאַנצט אַלעק. זי האָט אים אָבער דעמלט אויסגעזען צו זײַן א סאַך קינדערישער.

— איאָ? — און זיך באַלד אַליין פאַרכאַפּט. — ווי פילט איר זיך?

— א דאַנק.

ס'זײַנען דורך נאָך עטלעכע מינוט, ביז ער האָט זיך ענדלעך געצוווּנגען זי צו פרעגן:

— איר וואָלט געקאָנט אים מוחל זײַן?

די פראַגע איז פאַר איר ניט געווען אומדערוואַרט, דאָך האָט זי זיך אף אַזויפיל פאַרלוירן, אַז זי האָט אים שיר ניט אָנגעוויזן אף די בריוו, וואָס זי האָט פאַר די פאָר וואָכן באַקומען פון אַלעקן און אף וועלכע זי האָט ביז הײַנט ניט געענטפערט. האָט, הייסט עס, אַלעק באַשטימט אונטערשיקן צו איר דעם פאָטער. אין דער דאָזיקער רעגע האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איר שוין ניט אויסגעזען אַזוי וווּקסיק, אַזוי ברייט אין די אַקסלען. זי האָט זיך אופגעהערט צוקוקן צו זײַנע לענגלעכע פינגער מיט די ארומגעפּײַלטע נעגל, ווי בא אַלעקן. די פינגער רוען בא אים ניט, זיי גיבן אויס, אַז ער האָט נאָך צו שטעלן א סאַך פראַגן. זי וויל אָבער פאַרשטיין, וואָס גייט

אים אָן, צי זי קאָן פאַרגעבן אַלעקן, צי ניט. עפּשער איז מיט אַלעקן עפּעס געשען און זי איז די, וואָס קאָן אים ראַטעווען פון דער געפאַר?..

זי מאַכט צו די אויגן און עפנט זיי באַלד אויף בלויז אף אַזוי־פיל, אַז איר בליק זאָל זיך ווידער אָנכאַפּן אָן די שפּיזלען און ספּיראַלן, וואָס ציִען זיך פונעם פּלאַפאָן.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש וואַרט אַלץ, וואָס וועט זי אים ענטפערן. צי דען וועט זי זאָגן: „יאָ, כ׳קאָן אים פאַרגעבן"? און פונקט ווי ער וואָלט וועלן איר אונטערזאָגן דעם ענטפער, וואָס ער דערוואַרט פון איר, נעמט ער שטיל שעפּטשען אין זיך: „מע טאָר ניט פאַרגעבן! אַזוינס קאָן מען ניט פאַרגעבן".

ענדלעך זאָגט ער:

— איך אײַל אײַך ניט. איך קאָן צוּוואַרטן. איין זאַך בעט איך: טראַכט אַפּריִער גוט דורך דעם ענטפער, גוט טראַכט אים דורך. פון אײַער ענטפער איז איצט זייער א סאַך געווענדט.

— פאַר וועמען? פאַר מיר?

— פאַר אײַך, פאַר אים, פאַר מיר. יאָ, יאָ, און פאַר מיר. דעריקער עפּשער פאַר מיר. נאָר אײַלט זיך ניט. כ׳קאָן צוּוואַרטן.

— איך ווייס ניט וואָס אײַך צו ענטפערן.

עס זײַנען דורך עטלעכע שווערע מינוטן, און שוועע האָט ווידער איבערגעכאַזערט:

— כ׳ווייס ניט. כ׳ווייס ניט.

— און איך האָב די גאַנצע צײַט מוירע געהאַט, אַז איר וועט מיר ענטפערן: „יאָ, כ׳קאָן אים פאַרגעבן".

— וואָס?

— יאָ. איך האָב פאַר דעם זייער און זייער מוירע געהאַט.

ער האָט זיך אופגעהויבן, לײַכט א דריק געטאָן איר אַראָפּהענגענדיקע האַנט און מיט שטילע טריט פאַרלאָזט די פּאַלאַטע.

ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין דעם טונקל באַלויכטענעם אָפּנאַם־צימער, האָט באָריס זיך אופגעהויבן, כאַפּנדיק אײַנצײַטיק א בליק אפן עלעקטרישן וואַנט־זייגער, ווי ער זאָל מיט דעם וועלן פרעגן סיוווערן: „וואָס האָט איר זיך דאָרט אַזוי געזאַמט?" דער דאָזיקער בליק האָט אויך געקאַנט באַטײַטן: „הייסט עס, ווייסט איר שוין אַלץ און איך קאָן גיין, וואָרעם מער, ווי זי האָט אײַך דערציילט, האָב איך ניט וואָס צו דערציילן".

אין מעשעך פון די צוויי־דרײַ מינוט, וואָס וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך פאַרהאַלטן באַם גאַרדעראָב, האָט באָריס עטלעכע מאָל געעפנט און צוגעמאַכט די דרויסן־טיר, ווי א קינד, וואָס האַלט אין איין שרעקן, אַז אָט גייט עס אַוועק אַליין.

אויך אף דעם האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש ניט געלייגט קיין אַכט. נאָר ווען זיי זײַנען שוין געווען אין הויף, האָט ער געפרעגט באָריסן:

— איר אײַלט זיך ערגעץ?

— ניין, — האָט באָריס געענטפערט, באַמיִענדיק זיך גיין מיט אים פוס אין פוס, — די וואָך אַרבעט איך אף דער ערשטער וואַכטע.

— וועלן מיר זיך עפּשער אַראָפּכאַפּן צו מיר?

— דאָס איז אומעגלעך, כאַווער פאַלקאָווניק.

— אומעגלעך?

— יאָ, כאַווער פאַלקאָווניק.

באָריסן איז נאָכדעם אויסגעקומען עטלעכע מאָל בײַטן דעם פוס: סיווער איז געגאַנגען אי מיט ברייטע, אי מיט דריבנע טריט, אי גיך, אי לאַנגזאַם, ווי עס גייען סאָלדאַטן איבער א בריק.

פון דעם, וואָס סיווער האָט אים פאַרבעטן צו זיך און אַזוי פאַרכידעשט איבערגעפרעגט: „אומעגלעך?", האָט באָריס געמאַכט אַן אויספיר, אַז מיסטאָמע האָט שוועע אים ניט אַלץ דערציילט, אַז ביז איצט ווייסט סיווער נאָך, אַפּאָנעם, ניט, מיט וואָס פאַר א שליכעס ער איז דעמאָלט געקומען צו זיי אף דער דאַטשע. נו און אַז זײַן אַלעק איז הײַנט ווידער דאָ געווען, ווייסט ער? און אַז שוועע האָט פאַרבאָטן אַלעקן קומען צו איר, ווייסט ער?

„וואָס, אַשטייגער, וואָלט אים געזאָגט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש, — האָט באָריס א טראַכט געטאָן, — ווען ער זאָל אים נעמען דערציילן, וואָס פאַרא געדאַנקען עס פלעגן אים פּלוצעם קומען אפן זינען וועגן אַזעלכע, ווי סיווער? און פאַריינס שוין אויך פרעגן, וואָס האָט ער, סיווער אַליין, געטראַכט וועגן זיך, ווי האָט ער געקוקט דעמאָלט אף זיך. וועניאַמין זאַכאַריעוויטש וואָלט מיסטאָמע געבליבן שטיין איבעראַשט, וואָס אַזעלכע, ווי באָריס, האָבן גאָר געוואַגט טראַכטן וועגן דעם און פאַרגעבן איצט אַפילע אַזעלכע פראַגן; און וואָס וואָלט געזאָגט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש, ווען ער זאָל זיך פּלוצעם דערוויסן, אַז באָריס׳ פאָטער איז געווען אין פאַרשיקונג? ער וואָלט מיס־

טאמע צעטראָגן די שטוב, וואָס מע האָט עס אים פריִער ניט געזאָגט. און אים, באַריסן, כאָטש דער פאָטער זײַנער איז רעאַבּיליטירט, וואָלט ער מיסטאָמע איצט אהיים צו זיך ניט פאַרבעטן".

לאַגונאָוו האָט זיך אַזוי פאַרקלערט, אַז ער האָט אַ שטיק וועג ניט געלייגט קיין אַכט, ווי אַפּט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש כאַפּט איבער דעם אָטעם. ס'האָט זיך געפילט, אַז יעדער טראָט קומט אים אָן שווער. דאָס נעמט זיך, אַפּאַנעם, דערפון, וואָס ער האָט זיך אָפּגעוווינט גיין צופוס. אַלעק פאָרט שוין אויך אום נאָר אַף אַ מאַשין. אין עטלעכע יאָר אַרום וועט ער אויך עטעמען אַזוי שווער, ווי דער טאַטע.

וואָס ער זאָל אָבער ניט טראַכטן וועגן אַלעקן, איז אים דאָך שווער זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז אַלעק איז זײַנער אַ סוינע. הײַנט, זיצנדיק בא שעווען, האָט ער באַזונדערס דער־פילט, אַז אויב עמעצער פון זייער קלאַס וועט ווען־ניט־איז אויוואַר זײַן אַפן באַשלוס, וועט עס זײַן ער און שעווע.

זיי האָבן געשפּאַנט איבער די שמאָלע געדרייטע געסלעך, וואָס האָבן געפירט צו סערפּוכאָ־ווער זאַסטאַווע, און ביידע וואָלטן זיי מיסטאָמע ניט געקאָנט ענטפערן, צוליב וואָס האָבן זיי מיט־אַמאָל פאַרקערעוועט אהין, אַז קיין איין טראָליייבוס און אויטאָבוס גייט ניט פון דאָרט אַף מאָ־זשייסקער שאָסיי. מעגלעך, אַז סיוועזער האָט פאַרקערעוועט אהער, ווײַל אים איז שוין לאַנג ניט אויסגעקומען גיין מיט שטילע אויסגעקרימטע געסלעך, וואָס קוקן זיך אײַן אין די פאַרבײַגייענ־דיקע מיט שמאָלע, נידעריקע פענצטערלעך פון די הילצערנע הײַזלעך, ווי זיי וואָלטן זיך גע־קליבן אָפּשטעלן דעם פאַרבײַגייער: „אײַל זיך ניט אַזוי. מאָרגן־איבערמאָרגן וועט מען אונדז אַראָפּטראָגן, און דו וועסט אונדז שוין מער ניט זען".

אָט די געסלעך האָבן געקאָנט דערמאָנען סיוועזן אַ פאַרשוווּנדן שטעטל ערגעץ באַם דניעפּער, און עפּשער האָט ער גאָר געטראַכט וועגן דעם באַכערל, וואָס שפּאַנט מיט אים און קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט ביכלאָל צום ערשטן מאָל אין לעבן געזען קרומע געסלעך, אײַנגעהויקערטע הילצערנע שטיבלעך. זײַן אַלעק איז דאָך אויך פון קינדווייַז געוווינט צו ברייטע, ליכטיקע גאַסן, צו פילשטאָקיקע מויערן...

ס'האָבן זיך שוין געזען די פײַערלעך פון דער געדיכטער פאַרבויטער זאַסטאַווע. וועניאַמין זאַ־כאַריעוויטש האָט נאָך אַלץ געשוויגן, ווי ער זאָל פירן אַ באַרויגעז מיטן באָכער. צײַטנווײַז האָט באַריסן זיך געדוכט, אַז דער פּאָלקאָווניק האָט אינגאַנצן אָן אים פאַרגעסן. צוהערנדיק זיך צום אָפּהילך פון די אייגענע טריט אַפן שטיינערנעם ברוק, האָט באָריס בא זיך אָפּגעמאַכט: לעבן דער זאַסטאַווע געזעגנט ער זיך מיט אַלעקס פאָטער.

ניט דערגאַנגען עטלעכע שפּאַן צום ראָג, האָט סיוועזער זיך אָפּגעשטעלט און ווידער איבער־געפרעגט:

— זאָגט איר, הייסט עס, אַז ס'איז אומעגלעך?

— יאָ, כאָווער פּאָלקאָווניק. איך מיין, אַז איר ווייסט פאַרוואָס.

— יאָ, יאָ, פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך.

— אַלץ ווייסט איר?

— וואָס הייסט בא אײַך אַלץ?

— נו וועגן דעם באַשלוס פון אונדזער קלאַס.

— ניט דערלאַנגגען אַלעקן די האַנט? מיינט ניט, אַז כ'האָב אײַך פאַרבעטן צו זיך, ווײַל... איך קלײַב זיך אים ניט פאַרטיידיקן. פּאַכדאָנעס...

— און פאַראַט?

— אַנטשולדיקט, יונגערמאַן. וויפל זײַט איר אַלט?

— דאָס נײַנצעטע שוין.

— המ... המ... און אײַלט זיך מאַכן אויספירן. איך, אין אײַערע יאָרן, בין שוין געווען, ווי מע זאָגט עס, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט און כ'מיין, אַז נאָך דעם, ווי כ'האָב דורכגעמאַכט דעם בירגערקריג, די פינלענדישע קאַמפּאַניע, דורכגעמאַכט די פאָטערלענדישע מילכאָמע, האָב איך אַ שטיקל פאַרשטעלונג, וואָס איז אַזוינס פּאַכדאָנעס און וואָס איז אַזוינס פאַראַט. דאָס איז, יונ־גערמאַן, ניט איינס און דאָס זעלבע. פּאַכדאָנעס פירט ניט אַלעמאָל צו פאַראַט, פונקט ווי פאַראַט הייבט זיך ניט שטענדיק אָן פון פּאַכדאָנעס. איך ווייס ניט, ווי איר, נאָר איך, אַשטייגער, האָב נאָך דערווײַל קימאַט ניט באַגעגנט קיין איין מענטשן, וואָס זאָל גיין דאָס ערשטע מאָל אין שלאַכט און ניט מוירע האָבן... שרעק, אויב מע זאָל זי באַצײַטנס ניט באַקעמפן, קאָן דערפירן צו פּאַכדאָנעס! ס'איז אַ געפערלעכע קרענק. זייער אַ געפערלעכע, אַן אַנשטעקנדיקע אַפילע, אָבער בא אַ גוטן קאָמאַנדיר היילט מען זיך פון איר גיך אויס. און פאַראַט!.. פאַרעטער האָבן מיר אַלע־מאָל געשטעלט און וועלן שטעלן צום וואַנטל... איר זײַט, דאַכט זיך, אַ קאָמיוגיסט?

— פאַרשטייט זיך.

— און אלעק אויך, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט...
— כ׳ווייס.
— איז אויב איר ווייסט, ווי זשע דערלאָזט איר, אז מיט אײַך אין איין אָרגאַניזאַציע זאָל זיך געפינען א סוינע?
— נו, כאוועד פּאַלקאָווניק...
— וואָס נו? צי איר האַלט, אז א פאַרעטער איז ניט קיין סוינע?
— אַף דער מילכאָמע, כאוועד פּאַלקאָווניק, איז איינס, און...
— אַף דער מילכאָמע צי ניט אַף דער מילכאָמע. פאַראַט בלײַבט פאַראַט, און וואַרפן זיך מיט אַזעלכע ווערטער, ראָט איך אײַך ניט. — וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט אופגעהויבן די האַנט און אָפּגעשטעלט א פאַרבײַגייענדיקן טאַקסי. — זעצט זיך, זעצט זיך, האָט ניט מוירע, כ׳וועל אײַך מיט גוואַלד צו זיך ניט פירן, ביפראַט איצט, נאָך אַזא געשפּרעך.
אין א האַלבער שאָ אַרום האָט די מאַשין זיך אָפּגעשטעלט בא א צווייּשטאָקיק הילצערן הויז אַף איינער פון די שטילע דאָראָגאָמילאָווער געסלעך.
— ווײַזט זיך אַרויס, אז מיר זײַנען מיט אײַך גאָר נאָענטע שכיינים.
— ניט אַף לאַנג, כאוועד פּאַלקאָווניק. אונדזער געסל וועט מען אינגיכן אַראָפּטראָגן.
— א שאָד, כ׳מיין א שאָד, וואָס מיר וועלן ווערן אויס שכיינים. — און, דערלאַנגענדיק באַריסן די האַנט, צוגעגעבן: — מע דאַרף זיך קיינמאָל ניט אײַלן מאַכן אויספירן, אָנעמען באַשלוסן, אַרויסטראָגן אורטיילן. א גוטע נאַכט. — וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך איבערגעזעצט צו דעם שאָפער, ווי ער וואָלט אפילע די פינף מינוט, וואָס עס דאַרף דויערן צופאָרן צו זײַן הויז, ניט געקאָנט און ניט געוואָלט בלײַבן מיט זיך אַליין.

## IX

אין דער נאַכט פון דעם זעקסטן אַפן זיבעטן נאָיאַבער איז דער באַזונדערער באַטאַליאָן, מיט וועלכן עס האָט קאָמאַנדעוועט דער מאַיאָר וועניאַמין זאַכאַריעוויטש סיווער, אײַנגעשטאַנען אין דעם פאַרשנייטן מאָסקווער פּאַרק פילי — דרײַסיק—פינף און דרײַסיק מינוט פאָרן מיטן טראַמוויי ביז צו דער דאָראָגאָמילאָווער זאַסטאַווע, ווו ס׳האָט געוווינט דעם מאַיאָרס מישפּאָכע. ווו איז זי איצט, די מישפּאָכע זײַנע, אין מאָסקווע צי אין עוואַקואַציע, דאָס האָט סיווער ניט געוווּסט. דאָך האָט ער ניט געקאָנט בא זיך פויעלן אויסצוניצן די עטלעכע שאָ, וואָס זײַנען געבליבן ביזן פאַראַד, אַף זיך צו דערוויסן, וואָס איז געשען מיט זײַניקע נאָכן זעכצעטן אָקטיאַבער. פאַרוואָס האָט ער פּלוצעם אופגעהערט פון זיי באַקומען בריוו?
נאָכן פאַראַד, אין דעם איז ער קימאַט געווען זיכער, וועט שוין ניט זײַן קיין צײַט עפּעס זיך דערוויסן. אַלע מיליטערישע טיילן, וואָס זײַנען אַראָפּגעקומען פון די נאָענטע פּאָזיציעס אָנטיילצונעמען אין דעם ניט געוויינלעכן און אומדערוואַרטן פאַראַד, וועלן גלײַך פון רויטן פּלאַץ זיך צוריקקערן אַפן פראָנט. צי וועט זײַן באַטאַליאָן זיך אומקערן צוריק קיין נאַראָפאָמינסק מיטן באַן צי צופוס, האָט ער נאָך דערווײַל ניט געוווּסט. און זיך איבעריקנס וועגן דעם ניט פאַרטראַכט. זעמען האָבן איצט געקאָנט אָנגיין די הונדערט קילאָמעטער, וועלכע עס וועט, מעגלעך, אויסקומען דורכמאַכן צופוס, ווען ס׳איז פאַראַן א מעגלעכקײַט זיך א וואַלגער טאָן אַפן דיל און צום ערשטן מאָל פאַר אַזויפיל וואָכן אָפּשלאָפן רויק א נאַכט, אונטער א דאַך.
ווען דער באַטאַליאָן איז שוין געווען פאַרזונקען פון לאַנג אין טיפן שלאָף, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש סיווער זיך נאָך אַרומגעשלעפּט איבער די פאַרוויטע סטעזשקעס פונעם אַלטן סאַסנאָווע פּאַרק, פאַרקריכנדיק אָפּט ביז די קני אינעם בלוילעך־פינקלענדיקן שניי. ער האָט ווי בעקיוון אָפּגעצויגן די צײַט, ער זאָל נאָכדעם קאָנען זיך אַליין זאָגן: „איצט וועל איך שוין זיכער ניט באַוויַיזן צופאָרן אהיים“.
דער קאָמאַנדיר פונעם באַזונדערן באַטאַליאָן סיווער איז געווען פון די מיליטערלײַט, וואָס האָבן בא די שווערסטע אומשטענדן געקאָנט געפינען און אָנעמען אן אַנטשיידענעם באַשלוס. קוים אָבער האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיי אַליין, פלעגן זיי ניט זעלטן זיך פאַרלירן און האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. טיילמאָל האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון דעם, וואָס זיי איז געקומען לויט די רעכט, און נאָר דערפאַר, ווײַל ס׳האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אז מע וועט עס ניט אַזוי אויסטײַטשן.
צווישן די אָפיצערן פונעם מיליטערישן עשעלאָן, וואָס איז געקומען פון פראָנט אַף אָנטיילצונעמען אין דעם מיליטער־פאַראַד, איז סיווער ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט א קלאָרער געטאָן: אינעם עשעלאָן מוזן זיכער זײַן א סאַך מאָסקווער, און יעדן איינעם ווילט זיך כאָטש אַף

א פינף—צען מינוט צולויפן אהיים. מע וועט אָבער קיינעם ניט אָפּלאָזן. ער אַליין, סיוועך, וועט דאָך אויך קיינעם עס ניט דערלויבן. איז פאַרוואָס זאָל ער מאַכן אן אויסנאַם פאַר זיך? ניט שטענדיק מעג מען זיך באַניצן מיט די רעכט, וואָס עס קומט.

שלעפנדיק זיך באַרג־אַרוף, באַרג־אַראָפּ איבערן אומעטיקן פּאַרק, האָט ער אויסגעפונען אַלץ נײַע און נײַע באַווײַזן, אַז ער טאָר זיך איצט ניט באַניצן מיט די פּריווילעגיעס, וואָס אים קומט אַלס קאָמאַנדיר, כאָטש ס'האָט געקאָנט געשען, אַז ווען עמעצער פון באַטאַליאָן זאָל זיך געווען ווענדן צו אים נאָך אן „אוווּאָלניטעלנע"[1], וואָלט ער זי אים, מעגלעך, געגעבן.

סיוועך האָט זיך אומגעקוקט, ווי עמעצער וואָלט ווירקלעך צו אים זיך געווענדט, און דערהערט הינטער זיך א שאָרך — דאָס האָט געפּלאַצט פון קעלט די געשטופּלטע קאָרע פון א סאָסנע.

שלאַנקע און ווּוקסיקע זײַנען די סאָסנעס און יעלן אינעם אַלטן פּאַרק פילי. איין סאָסנע וואָלט געווען גענוג אַף אָנהייצן די הרובעס אין די פּאַרלאָזטע באַראַקן, ס'זאָל אָפּגיין דער פראָסט פון די פאַרפרוירענע דילן, אַף וועלכע ס'זײַנען געשלאָפן אינעם אָנטאָן די מידע סאָלדאַטן. איין סאָסנע בלויז, נאָר קיינער פון די סאָלדאַטן האָט זיך אַפילע צו קיין צווײַגל ניט צוגערירט.

וואָס טיפער ער איז פאַרקראָכן אין פּאַרק, אַלץ אָפטער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ניטאָ, דוכט זיך, דאָ דער בוים, ער זאָל ניט געווען אַמאָל ליגן אין זײַן שאָטן. ניטאָ, דוכט זיך, די סטעזשקע, ער זאָל ניט געווען אַמאָל דורכגיין אַף איר מיט זײַן עלטערן ייִנגל דאַניִעלקען.
סיוועך האָט זיך ניט געדאַרפט אָנשטרענגען אַף אופצושטעלן אין זיקאָרן דעם ווינטערדיקן טאָג, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געלערנט זײַן זון גיין אַף ליזשעס. נאָר ניט וועגן דעם האָט איצט געטראַכט דער מאַיאָר.

פאַר די קנאַפּע פיר כאַדאָשים, וואָס ער איז אַפּן פראָנט, האָט ער, ווי א סאַך אַנדערע, באַוויזן פיל דורכצוטראַכטן און, ווי א סאַך אַנדערע, געקומען צום אויספיר, צו וועלכן ס'זײַנען נאָך אין די ערשטע וואָכן פון דער מילכאָמע געקומען די סאָלדאַטן און קאָמאַנדירן פון דער פאָדערשטער ליניע, אַז די מילכאָמע וועט זיך אַזוי גיך ניט ענדיקן, אַז זי וועט דויערן מער פון א כוידעש, מער פון א האַלב יאָר, מער אַפילע פון א יאָר. אָבער אין דעם, אַז די רויטע אַרמיי וועט זיגן, האָט ער ניט געצווייפלט אַפילע איצט, ווען דער סוינע איז געשטאַנען הינטער מאָסקווע. ער האָט וועגן דעם אָפט גערעדט מיט די סאָלדאַטן און נאָך אָפטער מיט זיך אַליין, ווײַל אויך זײַן לעבן, ווי דאָס לעבן פון יעדן סאָלדאַט, האָט זיך געקאָנט איטלעכע רעגע איבערײַסן, און דער, וואָס פאַרטראַכט זיך ניט, וואָס וועט געשען, וואָס וועט זײַן מיט דער וועלט נאָך דעם, ווי ער וועט שוין ניט זײַן, דער איז, אייגנטלעך, ניט קיין סאָלדאַט, נאָר סטאַם א מענטש מיט א ביקס. און א מאָדנע זאַך: ווען ער פלעגט זיך פאַרטראַכטן, וויפל קאָן אן ערעך דויערן די מילכאָמע, האָט ער אײַנגעזאַנצן ארויסגעלאָזט פון זינען דאַניִעלקעס עלטער. ער האָט זיך געמאַכט ווי פאַרגעסן, אַז דער גרעניץ, וואָס גילט פאַר אַלעמען, גילט אויך פאַר זײַן באָכערל. דערמאָנט האָבן אים איצט וועגן דעם די אונטערגעוואַקסענע סאָסנעס באַם אַראָפּ־באַרג. וויפל אַזעלכע יונגע שלאַנקע סאָסנעס האָט ער פאַר די קנאַפּע פיר כאַדאָשים מילכאָמע געטראָפן ליגן אַף די וועגן...

יעדער ביימל אין פּאַרק דערמאָנט אים, אַז פון דאַנען ביז צו אים אהיים איז דרײַסיק—פינף און דרײַסיק מינוט פאָרן. צופוס קאָן עס דויערן... ער פּרוּווט אָבער באַלד זיך אַליין פאַרזיכערן, אַז די מישפּאָכע זײַנע איז ניטאָ שוין אין מאָסקווע און אַז דאָס טאַקע איז די איינציקע סיבע, פאַרוואָס ער האָט נאָכן זעכצעטן אָקטיאַבער פלוצעם אופגעהערט באַקומען בריוו פון דער היים.

דער רויטאַרמייער, וואָס איז געשטאַנען אַף דער וואַך באַם אײַזערנעם טויער, האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וועמען זוכט עס דאָ דער מאַיאָר אַזוי לאַנג. ער וואָלט זיך פאַרווּנדערט, ווען ער דערוויסט זיך, אַז זײַן קאָמאַנדיר זוכט קיינעם ניט. ער שפּאַצירט פּאַשעט אַרום, ווי מע שפּאַצירט זיך אַמאָל דורך פאַרן שלאָף באַ זיך אין אייגענעם הויף.

סיוועך האָט ווירקלעך דאָ אַלץ אויסגעזוכן היימיש. עס האָט זיך אים אַפילע אָנגעהויבן דוכטן — ער איז נאָרוואָס ארויס פון שטוב און וועט זיך באַלד צוריק אומקערן. נאָר דאָך האָט ער ניט ארויסגעלאָזט פון אויג דעם פאַרדעכטיק אויסגעשטערנטן הימל און זיך צוגעהערט צום מינדסטן שאָרך.

גייענדיק אַזוי לענגויס דעם פּאַרקן, איז ער שיר ניט אַרוף אַף א רויטאַרמייער, וואָס האָט ארויסגעקוקט דורך די געפלאָכטענע אײַזערנע שטאַכעטן צו דעם פּאָסטן באַנאַכטיקן פּלאַץ. וואָס האָט ער עס דאָרט אַזוינס דערזען, וואָס ער איז פאַרקראָכן אַזוי ווײַט אין שניי און באַמערקט אַפילע ניט דעם לאַנגן צעצויגענעם שאָטן, וואָס ער, סיוועך, האָט געבראַכט מיט זיך אהער צו שלעפּן? דאַכט זיך, אַז אויסער די פּאַרווייטע טראַמווײַ־וואַגאָנען מיט די פינצטערע פאַרפרוי־

[1] א שײַן, וואָס דערלויבט פאַרלאָזן אַף א געוויסער צײַט די מיליטער־טייל.

רענע פענצטערלעך, איז דאָרט ניטאָ אַף וואָס צו קוקן. „ניט אַנדערש, — האָט דער מאַיאָר אַ קלאָר געטאָן, — אַז דער רויטאַרמייער וואַרט אַף עמעצן".

לויט דעם, ווי דער רויטאַרמייער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר די אײַזערנע שטאַכעטן און זיך אַ פּאָר מאָל אונטערגעהויבן אַף די אויסגעצויגענע הענט, ווי אַף אַ טורניק, איז געווען קענטיק, אַז עס דאַרף זײַן נאָך גאָר אַ יונגער באָכער און אַז וואַרטן וואַרט ער, פאַר־שטייט זיך, אַף איר, אַף דער סאַמע שענסטער, אַף דער סאַמע בעסטער, אַף דער סאַמע ליבסטער אין גאָר דער וועלט. נאָר ווען און וויאַזוי האָט ער באַוויזן איר צו וויסן געבן, אַז ער איז דאָ?

ווענ יאַמין זאַכאַריעוויטש שטעלט זיך פאָר, ווי לײַכט און געשיקט דאָס באָכערל וואָלט אַריבערגעשפּרונגען דעם הויכן פּאַרקן, אָנגעכאַפּט דאָס מיידל פאַר די הענט און ווי פּאַרקישעפּט ס'וואָלט זיי אויסגעזען דער פּוסטער פאַרשנייטער פּלאַץ מיט די פּאַרווייעטע וואַגאָנען אַף די רעלסן, מיט דער פאַרגליווערטער האַלבער לעוואָנע צווישן די ווײַסע דעכער. סיווער האָט זיך עס אַלץ אַזוי קלאָר און דײַטלעך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז גרייט געווען וואָרענען די וואָך באַם טויער, מע זאָל ניט שטערן דעם מיידל זיך דערנעענטערן צום פּאַרקן און דעם רויטאַרמייער זיך אַריבערכאַפּן צו איר. אָט אים, דעם פאַרטראַכטן באָכערל, וואָלט ער מיסטאָמע ניט אָפּגעזאָגט געבן אַן „אַוואַלניטעלנע" אַף די עטלעכע שאָ, וואָס זײַנען נאָך געבליבן ביזן פּאַראַד.

צי ווײַל דער שאָטן זײַנער האָט זיך צו גיך אַ וויג געטאָן איבערן פּאַרקן, צי דער שניי אונטער זײַנע פּיס האָט צו שטאַרק אַ סקריפּע געטאָן, נאָר ווען סיווער האָט זיך שוין געקליבן אוועקגיין, האָט דער רויטאַרמייער זיך פּלוצעם אויסגעדרייט, דערזען דעם קאָמאַנדיר און געבליבן שטיין פאַרגליווערט. ניט דערטראָגן די האַנט צו דער העל־גרויער אושאַנקע, האָט דער מאַיאָר זי אַראָפּגעלאָזט צוריק און, צוזשמורענדיק עטוואָס די אויגן, פֿילדײַטיק געפרעגט:

— איז אַף ווע מען וואַרטן מיר עס דאָ? אַף איר?

— ניין, כאַווער מאַיאָר. מײַנע איז פאַרבליבן אין נאָוואָכאָפּיאָרסק.

— אַך, אַזוי, איז זי, הייסט עס, ניט קיין מאָסקווער. נו, און איר?

— אויך אַ נאָוואָכאָפּיאָרסקער, כאַווער מאַיאָר, — האָט געענטפערט דער רויטאַרמייער, ניט וויסנדיק, צי מעג ער שוין זיך האַלטן אינגאַנצן פרײַ.

— ווו געפינט זיך עס, אײַער נאָוואָכאָפּיאָרסק, כ'מיין, באַ אונדז צי שוין באַ זיי?

— באַ אונדז, כאַווער מאַיאָר, — האָט דער רויטאַרמייער הילכיק געענטפערט, פאַנאַנדער־גלעטנדיק די פאַלדן פון שינעל אונטערן ברייטן סאָלדאַטישן רימען, — אין וואָראָנעזשער געגנט, זייער אַ שיין שטעטל אונדזער נאָוואָכאָפּיאָרסק.

— יאָ, יאָ, — האָט סיווער פאַרטראַכט איבערגעכאַזערט, — אַלע שטעט און שטעטלעך זײַנען באַ אונדז שיינע. מאָסקווע, נאָוואָכאָפּיאָרסק, קרעמענטשוק, קריוקאָוו. — און פאַרײַסנדיק דעם קאָפּ צו דער האַלבער לעוואָנע, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט מיטשלעפּן מיט די פאַרבײַישווי־מענדיקע וואָלקנס, פּלוצעם אַ פרעג געטאָן: — ווי קלערט איר, וואָס פאַר אַ וועטער וועט מאָרגן זײַן?

דער רויטאַרמייער האָט געוווּסט, וואָס פאַר אַן ענטפער עס דערוואַרט פון אים דער קאָמאַנ־דיר, נאָר קעדיי צוגעבן מער וואָג זײַנע ווערטער, האָט ער זיך לאַנג אײַנגעקוקט אין די פאַר־שווימענדיקע וואָלקנס:

— ניע ליאָטנאיאַ...[1]

— איר זײַט צופעליק ניט קיין סינאָפּטיקער? — האָט סיווער ווידער פאַרזשמורעט די אויגן און שטיל, ווי ער וואָלט זיך געווענדט בלויז נאָר צו זיך, געזאָגט: — מע דאַרף זי הײַנט ניט, די זון. אַזאַ יאָמטעוו, און אַלע ווילן, ס'זאָל הײַנט ניט שײַנען די זון. מירן זיי עס אויך דערמאָ־נען. מירן זיי אַלץ דערמאָנען... יאָ, איז זאָגט מיר, וואָס שלאָפט איר עפּעס ניט? דער זייגער איז דאָך שוין באַלד איינס.

דער שטרענגער, קימאַט באַפעלערישער טאָן, וואָס האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעריסן אינעם געמיטלעכן געשפּרעך, האָט געצוווּנגען דעם רויטאַרמייער אַ קלאַפּ טאָן מיט די אָפּצאַסן, אויס־ציִען די הענט לענגאויס דעם קערפּער און ענטפערן קורץ און אָפּגעהאַקט:

— פאַראַן גיין שלאָפן, כאַווער מאַיאָר.

אָבער ווען דער רויטאַרמייער איז אַרוף אַף דער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צו די ווײַט פאַרוקטע באַראַקן מיט די אויסגעלאָשענע פענצטער, האָט סיווער אים אָפּגעשטעלט און רויִק, ווי ער זאָל דערמיט זיך וועלן פאַרענטפערן פאַר זײַן צו שטרענגן טאָן, געזאָגט:

— נאָר אויב איר וואַרט דאָ אַף עמעצן, קאָנט איר בלײַבן.

סיווער זאָל זיך געוווּן נעענטער צוקוקן צו דעם רויטאַרמייער, וואָלט ער זיכער דערזען, ווי

---

[1] ניט צום פליִען.

פון דעם באַכערלס פאַרכידעשטע אויגן האָט זיך אַראָפּגעגליטשט צו זײַן שײנעם, עטוואָס אָפּע־נעם מויל א קינדערשער שעמעוודיקער שמייכל. דאָס האָט אים אָבער ניט געשטערט ענטפערן דעם מאַיאָר פונקט אַזוי קורץ און אָפּגעהאַקט, ווי פריִער:

— איך האָב דאָ אָף קײנעם ניט געוואַרט, כאַוואָר מאַיאָר. עס שלאָפט זיך ניט, בין איך אַרויס א קוק טאָן אָף דער שטאָט. איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מאָסקווע.

— נו? — האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש זיך פאַרוווּנדערט, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אין לעבן באַגעגנט א מענטשן, וואָס איז נאָך ניט געווען אין מאָסקווע.

— אָף קוטוזאָווס שטיבל געוואָלט א קוק טאָן. דאָ דאַרף ערגעץ זײַן דאָס שטיבל, וואָס טאָלסטאָי האָט באַשריבן אין „קריג און פרידן״.

— דאָס שטיבל אין פילי, ווו קוטוזאָוו האָט נאָכן באָראָדינער שלאַכט דורכגעפירט מיט זײַנע גענעראַלן די היסטאָרישע באַראַטונג און ווו דאָס דאָרפישע מיידעלע אָפּן אויוון... — וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך פּלוצעם אויסגעגעבן, אַז דער רויטאַרמייער איז עפּעס אַנדערש אויסן געווען מיט זײַן נאָכפרעגן זיך אָף קוטוזאָווס שטיבל. און אָט: אַנשטאָט דעם, ער זאָל אים דער־ציילן, אַז דאָס שטיבל, וואָס ער ריכט זיך דאָ זען, האָט, דאַכט זיך, אָפּגעברענט, נאָך איידער טאָלסטאָי האָט אָנגעשריבן „קריג און פרידן״; אַז אין יאָרן אַרום האָבן די גרענאַדיאָרן פון אײנעם א קאָרפּוס אַוועקגעשטעלט אָפן זעלבן אָרט א שטיינערנעם פּאָסטאַמענט און אין שכיינעס מיט אים אויסגעבויט פונקט אַזא הילצערן דאָרפיש שטיבל, ווי דאָס אָפּגעברענטע, עס אויסגעשטאַט מיט פונקט אַזא פּויעריש מעבל; אַז דאָס שטיבל, וואָס ער זוכט דאָ, געפינט זיך לעבן דעם פּאָקלאָ־נעם באַרג אָפּן וועג צו זײַן, סיוועראָס, היים, — אַנשטאָט דערציילן אים דאָס אַלץ האָט דער מאַיאָר זיך פאַרקוקט אָפן רויטאַרמייער, ווי ער וואָלט זיך געריכט פון אים באַלד דערהערן: „ווי קומט עס, כאַוואָר קאָמאַנדיר, וואָס איר האָט פּלוצעם פאַרגעסן, אַז מיר שטייען אײַן אין פילי, ווו ס׳איז אײַנגעשטאַנען קוטוזאָוו מיט זײַן אַרמיי, אַז מיט אָט דעם שליאַך, מיט וועלכן איר וועט אונדז הײַנט באַגינען פירן אָפּן רויטן פּלאַץ, האָט קוטוזאָוו געפירט זײַן אַרמיי פון באָראָדינאָ?״.

די אומגעריכטע באַגעגעניש מיטן רויטאַרמייער, וואָס האָט געזוכט דאָ קוטוזאָווס שטיבל, האָט אַרופגעבראַכט דעם מאַיאָר אָפּן געדאַנק, אַז אָפּן וועג צום רויטן פּלאַץ זאָל ער דורכפירן זײַן באַטאַליאָן פאַרבײַ קוטוזאָווס שטיבל.

— אָט האָסטו דיר! און איך האָב געמיינט, ער איז שוין לאַנג בא זיך.

— ווו בא זיך? — האָט סיוועראָס זיך אויסגעקערעוועט צום עלטערן פּאָליטרוק, אַנטאָן דובאָ־וויקן, וואָס איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן לעבן אים.

— אין דער היים, פאַרשטייט זיך.

— איך קאָן גיין, כאַוואָר מאַיאָר? — האָט געפרעגט דער רויטאַרמייער.

— דאָס ערשטע מאָל אין מאָסקווע, — האָט סיוועראָס געזאָגט דובאָוויקן, אָנווײַזנדיק אָפּן רויט־אַרמייער, — דאָס ערשטע מאָל אין מאָסקווע! פאַרשטייסט?

— ווו ביסטו עס די גאַנצע צײַט געווען?

— דו ווייסט, וואָס ער האָט דאָ געזוכט? קוטוזאָווס שטיבל.

— איך פרעג דאָך דיך, דאַכט זיך, עפּעס. פאַרוואָס האָסטו זיך ניט אַראָפּגעכאַפּט צו זיך? וווינסט דאָך, אָף וויפל איך ווייס, ניט ווײַט פונדאַנען.

— און דו ביסט שוין געווען בא זיך?

— נאָך וואָס? מײַנע האָבן זיך דאָך עוואַקויִרט.

— מײַנע מיסטאַמע אויך.

— „מיסטאַמע״ איז ניט קיין מיליטערישער טערמין, כאַוואָר מאַיאָר.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז געפעלן געווען די פייקייט פון דעם עטלעך־און־צוואַנציק־יאָריקן עלטערן פּאָליטרוק אַנטאָן דובאָוויקן קאָנען יענעם צווינגען, מע זאָל אים קוקן ווי אָף א פיל מער עלטערן און פיל מער דערפאַרענעם, ווי ער איז. אָט אַזעלכע, ווי ער, זײַנען אינעם בירגערקריג געווען קאָמאַנדירן און קאָמיסאַרן פון רויטאַרמייישע טיילן, אין וועלכע אים, סי־ווערן, איז אויסגעקומען דינען. זיי זאָלן אויסזען עלטער פון זייערע צוויי—דרײַ און צוואַנציק יאָר און צוגעבן זיך מער וואָג, פלעגן זיי זיך פאַרלאָזן בערדלעך. אָבער דער, אַנטאָן דובאָוויק, גאָלט זיך שיִער ניט יעדן טאָג און גיט אָף זיך אַכטונג, ווי א יונגיטשקער לייטענאַנט ערשט פון דער מיליטער־שול. דובאָוויק איז ניט געווען קיין קאַדראָווע מיליטערמאַן. מיט פיר כאָדאָשים צוריק האָט ער זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן אַראָפּגעלאָזט אין א טראַנשיי. נאָר סיווערן האָט זיך צײַטנווײַז אויסגעוויזן, אַז ווען דער עלטערער פּאָליטרוק זאָל זיך אָפּילע איצט צוריק איבער־טאָן אין ציווילע קליידער, וועט מען אויך זייער לײַכט דערקענען אין אים דעם מיליטערמאַן, עפּשער ניט ווייניקער, ווי אין אים, סיווערן, כאָטש זײַן מיליטערישער סטאַזש איז אָן אָן ערעך גרעסער.

פאר דער צײַט, וואָס אנטאָן דובאָוויק איז אין באטאליאָן, האָט וועניאמין זאכאריעוויטש שוין באוויזן מאכן אן אויספיר, אז דער עלטערער פּאָליטרוק געהער צו יענע פראַנטאָוויקעס, וואָס אויסהאַקן וואסער פון א שטיין איז, דאכט זיך, גרינגער, ווי ארויסבאַקומען פון זיי א וואָרט וועגן זיך. דערפאר האָט ער זיך אזוי פארוואונדערט, ווען ער האָט אנומלטן געהערט, ווי די סאָלדאטן האָבן גערעדט וועגן דובאָוויקן, דערציילט וועגן אים אזעלכע איינצלהייטן, ווי זיי וואָלטן מיט אים דורכגעמאכט דאָס גאנצע לעבן. יעדער געשיכטע, וואָס זיי האָבן וועגן אים דערציילט, האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אז ער איז א מאזלדיקער.

נאָך אָט דעם געשפּרעך האָט סיוווערן זיך אָנגעהויבן דוכטן, אז אליין דובאָוויק קוקט שוין אויך אף זיך ווי אף א מאזלדיקן. אז מע געפינט זיך, זינט די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכן, אף דער סאמע גרענעץ און נאָך אזעלכע בלוטיקע שלאכטן גייט מען ארויס א לעבעדיקער, — קאָן מען ווירקלעך אָנהייבן גלייבן אין א מאזלדיקן שטערן.

אנטאָן דובאָוויק האָט געוווּסט, אז די סאָלדאטן דערציילן וועגן אים אויך אזוינס, וואָס האָט ביכלאל קיין שייַכעס ניט צו אים, אז זיי טרייַבן א סאך איבער, ער האָט זיך אָבער ניט געקליבן עס אָפּלייקענען, פּונקט ווי ער האָט זיך ניט געקליבן אויסקלאָרן, פונוואנען שטאמען אָט די אלע קלאנגען. נאָר ווען וועניאמין זאכאריעוויטש האָט אים וועגן דעם איינמאָל געפרעגט, האָט ער געענטפערט:

— דיר איז ווען־ניט־איז אויסגעקומען נעכטיקן מיט סאָלדאטן אין איין פּאלאטקע? כ'זאָל זיך נעמען דערמאָנען אלע געשיכטעס, וואָס כ'האָב זיך אָנגעהערט, וואָלט איך פאר א יאָר צייַט ניט באוויזן זיי איבערדערציילן. ציקאָווער פון אלץ איז דאָס, וואָס א סאך פון די געשיכטעס האָב איך ערגעץ געלייענט. די סאָלדאטן האָבן זיי אָבער אזוי איבערגעאַנדערשט, אז ס'איז אומעגלעך זיי צו דערקענען. זייַ זיכער, אז דאָס, וואָס זיי דערציילן איצט וועגן מיר, האָבן זיי שוין מיסטאָם ניט איין מאָל דערציילט וועגן דיר, וועגן אנדערע קאָמאנדירן. מיר זייַנען דאָך אלע אזוי: געפעלט אונדז דער קאָמאנדיר, וועלן מיר אים צושרייַבן אלץ, וואָס איז אונדז געפעלן אין אלע קאָמאַנדירן, וועלכע מיר האָבן ווען־ניט־איז געקענט. אָט אזוי, כאָווער מאיאָר, ווערט געשאַפן א פּאראל־געמיינערט געשטאלט. הייַנט הייסט דאָס געשטאלט אנטאָן דובאָוויק, מאָרגן איוואנאָוו, פּעטראָוו, סיווער... איין זאך דארף מען אָבער דערביַי שטענדיק געדענקען: גענוג, אז דער סאָלדאט זאָל דערזען א סימען פון פארלווירנקייַט צי ניט־זיכערקייַט, פארגעסט ער גלייַך אלע דייַנע פאר־דינסטן און שרייַבט דיר נאָכדעם צו אלץ, וואָס אים איז ניט געווען געפעלן אין אלע זייַנע פרי־ערדיקע קאָמאנדירן. דו ווייסט עס געוויס ניט ערגער פון מיר.

פארשטייט זיך, אז סיווער האָט עס געוווּסט. ער איז אָבער געווען זיכער, אז די דאָזיקע געפאר דראָט ניט דובאָוויקן. דאָס האָט ער דערפילט נאָכן ערשטן שלאכט, אין וועלכן ס'האָט אנטייל גענומען דער עלטערער פּאָליטרוק.

— צו וואָס אָט דער „מיסטאָמע“ דייַנער, — האָט, אָפּקלאָפּנדיק דעם שניי פון די וואָליקעס, זיך ווידער אָנגערופן דובאָוויק, — אז דו קענסט פינקטלעך פעסטשטעלן, ווו איז דייַן מישפּאָכע? צי עפּשער קלערסטו, אז ס'וועט זיך דיר איינגיכן מאכן נאָך א געלעגנהייַט זייַן אין מאָסקווע? פארגעס וועגן דעם, זאכאריטש. נאַראָפאָמינסק איז פאר אונדז די לעצטע גרענעץ. אָדער — אָדער, אָפּטרעטן ווייַטער וועלן מיר שוין ניט. פון נאַראָפאָמינסק איז פאר אונדז פאראן בלויז איין וועג — פאָרויס אף מייַרעוו, און אויב דו וועסט הייַנט ניט אויסניצן די געלעגנהייַט, קאָנען דורכגיין נאָכדעם יאָרן... וואָס? גלייבסט ניט, אז די מילכאָמע קאָן זיך ציִען יאָרן?

סיווער האָט געשוויגן.

— און קיינער פון אונדז, זאכאריטש, איז ניט געזיכערט... די קויל קלייַבט זיך ניט פאנאנ־דער... — ער האָט זיך אָנגעבויגן צום שניי און א קוק געטאָן אפן האנט־זייגערל. — אָהאָ, שוין אָן א פערטל צוויי. אָט וואָס, כאָווער מאיאָר. לויטן סטאטוט האָב איך ניט קיין רעכט דיר צו באפעלן, נאָר דאָס מאָל וועל איך אויוועק זייַן אפן סטאטוט. איך באפעל דיר אויסניצן די עטלעכע שאָ, וואָס זייַנען פארבליבן ביזן פּאראד, אף פעסטשטעלן, ווו איז די מישפּאָכע... רויטארמייער סוכאָ־טין! — זייַן יונגע שטארקע שטים האָט אָפּגעהילכט אין צווייטן עק פּארק.

— רויטארמייער סוכאָטין! — האָט דער עלטערער פּאָליטרוק באפוילן דעם סאָלדאט, — אָט איז א דורכלאָז־שייַן. איר וועט באגלייטן דעם כאָווער מאיאָר. גייט ארויס אפן שליאך און שטעלט אָפּ א מאשין.

דעם רויטארמייער סוכאָטין איז ניט אויסגעקומען איבערכאזערן דעם באפעל. וועניאמין זא־כאריעוויטש האָט אים אָבער אָפּגעשטעלט:

— רויטארמייער סוכאָטין, כ'האָב אַיך, דאכט זיך, געשיקט שלאָפן. איז גייט! פילט אויס מייַן באפעל.

— פאראן גיין שלאָפן.

סיוּוער האָט אָנגענומען דובאָוויקן אונטער דער האנט און הויך, אַז דער רויטארמייער זאָל עס הערן, געזאָגט:

— מאָרגן, ריכטיקער הייַנט, וועלן מיר דורכפירן דעם באטאליאָן פארבייַ קוטוזאָווס שטיבל.

— גוט.

— און איצט, כאָווער עלטערער פאָליטרוק, באפעל איך דיר גיין שלאָפן. ניטאָ דאָ וואָס זיך ארומצודרייען.

— אָט אַז כ׳וועל דיך אריַינזעצן אין א מאשין, וועל איך אומבאדינגט גיין שלאָפן.

זיי זייַנען ארויס פון טויער, דורכגעשניטן דעם פוסטן קייַלעכיקן פלאץ און ארוף אפן ברייטן מאָזשייַסקער שאָסיי.

אנטאָן דובאָוויק האָט אָפגעשטעלט די ערשטע צופעליקע מאשין, וואָס האָט זיך געטראָגן אף זיי מיט אויסגעלאָשענע פארעס, און ניט אָפגעטראָטן פון אָרט, ביז די מאשין מיטן מאיאָר איז ניט פארשוואונדן אין נעפל פון דער ווינטער־נאכט.

# X

די הייַזער אף דער דאָראָגאָמילאָווער זאסטאווע, האָט זיך אויסגעוויזן וועניאמין זאכאריע־וויטשן, ווען ער איז ארויסגעשפרונגען פון מאשין, זייַנען געווען אָן פענצטער, ווי מע וואָלט אלע פענצטער, וואָס גייען ארויס צו דער גאס, פארמויערט מיט ציגל. אין געדיכטן כווישעך האָט זיך אפילע ניט אָנגעזען דער שניי אפן ברוק. פון דער שטילקייַט, וואָס האָט אים דאָ באגעגנט, האָט געגרילצט אין די אויערן, און דאָס האָט אים געצוווּנגען די גאנצע צייַט זיך ארומקוקן, זיך אייַנ־הערן אינעם אָפהילך פון די אייגענע טריט.

פאָרזיכטיק, ווי בייס מע לאָזט זיך אראָפּ אין א קעלער, האָט סיוּוער געמאכט עטלעכע טריט און צוגעשלאָסן די אויגן, גלייַך ער זאָל זיי וועלן צוגעוווינען צו דער פינצטערניש. ער האָט געוואָלט דערוויַיטערן פון זיך די רעגע, ווען ער וועט דערזען די אָפגעריסענע קאליטקע, דעם האלב אייַנגעוואלגערטן פארקן, דעם פוסטן פלאץ אינמיטן הויף, וווּ פאר זייַן אוועקגיין אפן פראָנט האָט גערוישט א סאָד, וועלכן די אייַנוווינער פון די פינפשטאָקיקע קאָרפּוסן האָבן אליין פארפלאנצט און דערנאָך ארומגעגאנגען ארום אים, ווי ארום א ציטעריק קינד. קימאט יעדן זונ־טיק אינדערפרי האָט ער באגלייַך מיט אלע אייַנוווינער פון הויף אָפגעגעבן דעם גאָרטן עטלעכע שאָ, און כאָטש ער האָט זיך שוין ניט וויַניק אָנגעזען אף דער מילכאָמע, איז אים דאָך שווער געווען זיך פאָרשטעלן, אַז עמעצער פון די אייַנוווינער האָט געקאָנט אריַינקומען אין סאָד מיט א האק. צוליב וואָס האָט מען נאָך איבערגעלאָזט אָט די צוויי יונגינקעביימלעך? א זייכער, אַז ס׳איז דאָ געווען אמאָל א גאָרטן? די צוויי ביימלעך, האָט זיך אים אויסגעוויזן, האָבן אויס־געשטרעקט צו אים די נאקעטע צווייַגלעך, ווי זיי וואָלטן געבעטן ניט דערלאָזן, מע זאָל זיי אויס־האקן אף האָלץ, ווי מע האָט דאָ אויסגעהאקט אלץ, וואָס קאָן ברענען: די ביימער, די שטאכעטן, די טישלעך, אף וועלכע מע האָט געשפילט אין דאָמינאָ, די בענק, אף וועלכע מע האָט גערוט, די הוידעלקעס און פערדלעך פונעם קינדערגאָרטן.

די טירן פון די אריַינגאנגען פונעם פערטן קאָרפּוס זייַנען געשטאנען ברייט צעפּראַלט פארן ווינט און שניי. אין דעם עלפטן אריַינגאנג, וווּ סיוּוער האָט געוווינט, איז אינגאנצן קיין טיר ניט געווען, און דער אָנגעטראָגענער שניי האָט דאָ דערגרייכט קימאט ביז די טרעפּ פונעם צווייטן שטאָק און פארדעקט אונטער זיך די באהייצונג־באטארייעס, פון וועלכע ס׳האָט געצויגן מיט א באזונדערס פראָסטיקער קעלט. דער ווינט האָט געבלאָזן דורך דעם אָפענעם אריַינגאנג, דורך די אויסגעהאקטע פענצטער פון די אייבערשטע שטאָקן.

סיוּוער האָט זיך ניט געייַלט אופהייבן צו זיך אפן דריטן שטאָק. אים איז, דאכט זיך, איצט מער אָנגעגאנגען, ווו קריגט מען א לאָפּעטע אף אָפּרייניקן דעם שניי, א טיר, אופצוהענגען זי אף די זאוויסעס, ווי דאָס, וואָס עס טוט זיך בא אים אין דער פוסטער דירע, וווּ עס שפּאצירט מיסטאמע פראנק־און־פרייַ ארום דער ווינט. אין וואנע־צימער, האָט ער זיך דערמאָנט, איז גע־שטאנען א גרויסער דיקט, וועלכן ער האָט געבראכט פאר דאניעלן, וואָס האָט געמייַסטרעוועט א ראדיאָ־אופנעמער. פון אזא דיקט וואָלטן ארויס עטלעכע לאָפּעטעס, נאָר ער איז שוין אוודע אויך פון לאנג אוועק אף הייצונג.

ווי ער איז אָבער ניט געווען זיכער, אַז די טיר פון זייַן וווינונג שטייט אָפן, אַז אויסער שניי און ווינט וועט ער דאָרט גאָרנישט ניט טרעפן, דאָך האָט אים געשראָקן זיך דערנעענטערן צו דער טיר, און ער האָט קימאט אף יעדן טרעפּל זיך אָפּגעשטעלט.

אפן לעצטן טרעפל האָט ער זיך פאַרהאַלטן, ווי ער וואָלט פּלוצעם פאַרגעסן דעם נומער פון דער אייגענער וווינונג. שטיל, קימאַט אַף די שפּיץ פינגער איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, דאָ ווידער געשטאַנען און ערשט דערנאָך זי לײַכט א שטויס געטאָן. די טיר האָט זיך ניט געעפנט. ער האָט געוואַרט א ווײַלע, ווי אַף אָנעמען זיך מיט קויעך, און עטוואָס שטאַרקער זי א שטויס געטאָן. פון אינווייניק האָט זיך דערהערט א שטים. פאַר אים איז עס געווען אַף אַזויפיל אומדער־וואַרט, אז ער האָט ניט דערקענט ברײַנעס קאָל.

— ווער איז עס דאָרטן?

— איך, דאָס בין איך, — האָט ער אין איין אָטעם אויסגעשריִען און, שטייענדיק נאָך אַף דער שוועל, אַרײַנגענומען אין זײַנע צעשפּרייטע אָרעמס די איבערגעשראָקענע האַלב אָנגעטאָ־נענע פרוי.

— וועניוליע, טײַערער מײַנער!

— די קינדער וואָס מאַכן?

— געזונט. אַלע זײַנען געזונט. טײַערער מײַנער!

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט אָראָפּגענומען פון זיך דאָס קורצע פּעלצל און ווידער צוגע־דריקט צו זיך די פאַרווײנטע און גליקלעכע ברײַנע.

— פונוואַנען? וויאַזוי? אַף וויפל? — זי האָט שווער און אָפּגעהאַקט געעטעמט.

— פון דער פאָדערשטער פּאָזיציע. צוויי שאָ האָב איך אין מײַן רעשוס.

— און נאָכדעם?

— צוריק אפן פראָנט.

ער האָט עטוואָס אופגעעפנט די טיר פונעם שלאָפצימער.

— לאָז, כ׳וועל אָנצינדן די שײַן.

— מע דאַרף ניט. זאָלן זיי נאָך שלאָפן. וואַרט צו א ביסל.

ער האָט שטײַף צוגעמאַכט די טיר פונעם שלאָפצימער, אוועקגעזעצט ברײַנען לעבן זיך אַף דער קושעטקע און פאַרגעבן איר איין פראַגע נאָך דער אַנדערער:

— ווי לעבט איר? ווי איז דאָ בא אײַך מיט פּראָדוקטן? הייצונג האָט איר? מיט א קליין קינד אַף די הענט אין אַזא צײַט...

— דײַגע ניט וועגן אונדז. מיר זײַנען מיט אַלץ באַזאָרגט. דערצייל בעסער וועגן זיך.

— אַלץ איז אין אָרדענונג. מע האַלט מילכאָמע. — און א קוק טוענדיק אפן האַנט־זייגערל, ווידער איבערגעכאַזערט איינע און די זעלבע פראַגן, ווי עס טרעפט אָפט מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך לאַנג ניט געזען.

— וואָס האָט איר מיר פּלוצעם אופגעהערט שרײַבן?

— האָסט דאָך מיסטאַמע געהערט, וואָס בא אונדז האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן דעם זעכצעטן אָקטיאַבער. וואָס דאָ האָט זיך געטאָן! צו דעם קאַזאַנער וואָקזאַל איז געווען ניט צוצוטרעטן. קאָפּ אַף קאָפּ. און איך שטופּ זיך מיט א ברעקל קינד אַף די הענט. זײַנען מיר אוועק צופוס...

— וווהין צופוס?

— כ׳ווייס? וווהין אַלע זײַנען געגאַנגען, זײַנען מיר אויך געגאַנגען. געדעכנט זיך דער־קלײַבן קיין ריאַזאַן און דאָרטן פּרוּוון אַרײַן אין א צוג. קוים דערשלעפּט זיך ביז קראַטאָווע. ווײַטער האָב איך שוין ניט געהאַט קיין קויעך, און דאָ איז נאָך אַלעקל פאַרשלאָפט געוואָרן. מיר האָבן זיך דאָרט אָפּגעוואָלגערט צוויי וואָכן און ערשט די טעג זיך אומגעקערט אהיים. כ׳האָב דיר באַלד אַף מאָרגן אָנגעשריבן א גענויעם בריוו. האָסטו אים, הייסט עס, נאָך ניט באַקומען?

זי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אײַנגעקוקט אין זײַנע גרויסע, פאַרטראַכטע אויגן און שטיל געפרעגט:

— מע האָט טאַקע שיר ניט אָפּגעגעבן מאָסקווע?

סיווער האָט געשוויגן.

— כ׳פאַרשטיי, — האָט זי זיך אָנגערופן מער צו זיך, ווי צו אים, — הייסט עס, די געפאַר איז נאָך ניט אַדורך. צי דען וועט מען זיי אָפּגעבן מאָסקווע? דאָס איז דאָך אומעגלעך, וועניע.

די טיר פונעם שלאָפצימער האָט זיך שטיל געעפנט, און איידער וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט נאָך באַוויזן אויסשטרעקן די הענט, איז מאַרגאַריטע שוין געהאַנגען בא אים אפן האַלדז.

— פּאַפּאַ, פּאַפּאָטשקע! אונדזער פּאַפּאָטשקע איז געקומען! — האָט זי, לאַשטשענדיק זיך צו אים, ניט אופגעהערט איבערכאַזערן.

הינטער איר, דעם קאָפּ עטוואָס אַראָפּגעלאָזט אַף דער ברוסט, איז געשטאַנען דאַניע. אין זײַן געדולדיקן וואַרטן, ביז מאַרע וועט אָפּלאָזן דעם פאָטער פון זיך, אין זײַן צוריקגעהאַלטנקײַט און שעמעוודיקײַט, ביז ער האָט זיך צוגעגרירט מיט די פאַרפרעסטע ליפּן צו זײַן פאַרווײנטיקט פּנעם, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש באַמערקט דעם איבערגאַנג פון איין ייִנגלשן צושטאַנד

אינעם צוויטן. די האַנט איז באַ אים געווען אַ שטײַפֿע, אַ קרעפּטיקע, אָבער דאָך נאָך אַ קינ־דערשע.

סיווער וואָלט זיך אַליין ניט געקאָנט ענטפֿערן, פֿאַרוואָס האָט ער באַזונדערס אַזוי געבענקט נאָך דאַניען. צי דען בלויז דערפֿאַר, וואָס באַם זון איז, ווי באַ אים, אַ קײַלעכיק פּאָנעם, געדיכטע ברעמען און גרויסע אויגן? צי דען בלויז דערפֿאַר האָט ער אים שטענדיק אָפּגעגעבן מער צײַט, ווי דער טאַטער, כאָטש ער האָט מאַרען, דאַכט זיך, ניט ווייניקער ליב געהאַט? פֿאַראַן, ווײַזט אויס, פֿראַגן, אויף וועלכע מע קאָן זיך ניט אַלעמאָל געבן קיין ענטפֿער. מאָדנע, וואָס פּונקט איצט, ווען דער גרויסער ווײַזער פֿונעם האַנט־זייגערל באַוועגט זיך אַזוי שנעל, איז אים געקומען אויפֿן זינען די דאָזיקע פֿראַגע.

— פּאַפּאַטשקע, דו ווייסט, אַז דאַניע... — זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ברודער. — זאָגן?

— דערנאָך, טאַכטערקע, דערנאָך. — און וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז אויף די שפּיץ פֿינ־גער אַרײַן אין שלאָפֿצימער.

ברײַנע האָט שטיל צוגעמאַכט די טיר, אָנגעצונדן די שײַן און, אָנעמענדיק דעם מאַן פֿאַר דער האַנט, אים צוגעפֿירט צום וויגל.

דאָס אָנדערהאַלבניאָריק ייִנגעלע זייערס, אַלעקל, איז געלעגן האַלב אָפּגעדעקט, די פֿויסט־לעך אונטערגעלייגט אונטערן פּענעמל און לײַכט געעטעמט. פֿון די ליפּלעך איז נאָך ניט אינ־גאַנצן פֿאַרשוווּנדן דער שמייכל, מיט וועלכן ער איז אײַנגעשלאָפֿן.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך איבערן איבערגעבויגן איבערן וויגל און, אײַנהאַלטנדיק דעם אָטעם, זיך פֿאַרזיכטיק צוגערירט צו אַלעקס וואַרעם קעפּל. פֿון אָט דעם באַריר האָט ער דערפֿילט אַ מאָדנע שוואַכקײַט אינעם גאַנצן קערפּער. אָט־אָט, און ער וועט מער ניט קאָנען זיך באַהערשן. ער וועט אַרויסכאַפּן אַלעקלען פֿונעם וויגל און נעמען אַרומשפּרינגען מיט אים איבערן צימער. ער האָט דערפֿילט, ווי אַלעקלס שמייכל האָט זיך פֿאַרקליבן צו אים אין די אויגן, אין די קנייטשן פֿון זײַן שטערן, אין די מויל־ווינקלען.

ברײַנע האָט נאָך אַלץ געהאַלטן וועניאַמינען פֿאַר דער האַנט און אַכטונג געגעבן, ער זאָל ניט מאַכן קיין צו האַסטיקע באַוועגונג. די אײַנגעצאַמטקײַט, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען באַם וויגל, האָט באַ אים מיטאַמאָל געפּלאַצט, און אַליין ניט באַנעמענדיק, וואָס איז מיט אים געשען, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן ברײַנען אויף די הענט, זי צוגעדריקט צו זיך און באַהאַלטן דאָס פּאָנעם אויף איר וואַרעמען אָנטבלויזטן האַלדז.

— די קינדער קאָנען נאָך אַרײַן, — האָט זי, איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, געשעפּטשעט אים אין פֿאַרפּלאָמטן אויער, — לאָז, כ'וועל צוקייטלען די טיר.

פֿון דעם ניט אויסגעקילטן קאַזאַנטשיק, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן שלאָפֿצימער, האָט געשמעקט מיט פֿאַנאַנדערגעוואַרעמטער ליים, מיט איבערגעברענטע קוילן, מיט צוגעפּרישטן קאָרנברויט און קאַרטאָפֿל־שאָלעכץ. די צונויפֿגעשטוקעוועטע שטיקלעך טרויבן, וואָס זײַנען גע־ווען צוגעפּעסטיקט מיט דראָט צו די ווענט, האָבן זיך לײַכט געוויגט, איינער פֿון די פֿאַרייכערטע דראָטן האָט זיך געהאַלטן אויף אַ צוואַק, אויף וועלכן ס'איז געהאַנגען ביניאַמינס בילד, ווו ער איז געווען פֿאָטאָגראַפֿירט אין אַ לעדערנער קורטקע, אין אַ הויכער שוואַרצער פּאַפּאַכע מיט אַ רויטן באַנט און מיט אַ גרויסער הילצערנער קאָבורע אויפֿן רימען. אויף אָט דעם איינציקן בילד, וואָס האָט זיך באַ אים פֿאַרהיט פֿונעם בירגערקריג, זעען זיך אַרויס פֿון הינטער זײַנע פּלייצעס צונויפֿגעּ־שטוקעוועטע שטיקלעך טרויבן פֿון דער „בורזשויקע", וואָס איז געשטאַנען אין פּאַווילִיאָן פֿונעם זשמערינקער פֿאָטאָגראַף.

— המ... דאָ... — און פּונקט דאָס וואָלט שוין געווען דער ענדגילטיקער ענטפֿער אויף אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעטראַכט, ליגנדיק לעבן ברײַנען אויף דער וואַרעמער קישן, האָט ער ווידער־אַמאָל איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך: — דאָ... — און שטיל אַראָפּ פֿון געלעגער.

דער זייגער האָט שוין געהאַלטן באַלד פֿיר. ווען ער ווייסט, אַז צוריקוועגס קיין פֿילי וועט אים אויך אָפּגליקן מיט אַ מאַשין, וואָלט ער די אָנדערהאַלבן שאָ, וואָס עס דאַרף באַ אים אָפּנע־מען דער וועג צופֿוס, אָפּגעשטאַנען באַ זײַן מיזינעקס וויגל, ער זאָל אויפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרהיטן אין זיך דעם מעכײַעדיקן דופֿט פֿון אָט די וואַרעמע פֿויסטלעך אונטערן בעקל, פֿון אָט די ווייכע פּלאַקסענע הערלעך.

דער גרויסער ווײַזער פֿון דעם האַנט־זייגערל האָט, דאַכט זיך, קיינמאָל אַזוי זיך ניט געײַלט. באָר סיווער רירט זיך ניט פֿון אָרט. ער שטייט מיט שטײַף צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער זאָל זיך אַליין וועלן אויספּרוּוון, צי וועט ער קאָנען אופּשטעלן פֿאַר זיך אָט דאָס וויגל מיטן שלאָפֿנדיקן אַלעקלען.

— בראָניע.

בריינע האָט באַהאַלטן דאָס פּאַנעם אין קישן.

— בראַניע, — ער האָט זיך צוגעזעצט אַפן ברעג בעט און צאַרט דורכגעפּירט מיט דער האַנט איבער אירע אַקסלען, — קינד איינע... — ער האָט אופגעהויבן איר קאָפּ פון קישן און צו־געפּאַלן מיט די ליפּן צו אירע פייַכטע אויגן: — דאָס ערשטע מאָל באַגלייטסטו מיך אַרויס? נו, נו, מע דאַרף ניט... וועסט זען. ס'וועט אַלץ זייַן גוט. נו, טייַערינקע, איך דאַרף שוין גיין.

בריינע האָט זיך אופגעזעצט:

— כ'וועל גיין צושטעלן טיי.

— מע דאַרף ניט. — און אַ פאַרליבטער, ווי ערשט נאָך דער כאַסענע, האָט ער זי גענומען אַף די הענט.

פאַרן אַרויסגיין פון שלאָפצימער האָט בריינע שטייף אַרומגעכאַפּט וועניאַמינען פאַרן האַלדז, אַ קוש געטאָן אים אין די אָפענע ליפּן און שטיל, אַריינקוקנדיק אים אין די אויגן, געפרעגט:

— ווי איז די לאַגע? ווי האַלטן מיר? דעם עמעס, אָבער דעם עמעס.

— דערווייַל איז די לאַגע זייער אַ שווערע. נאָר מיר וועלן זיגן. אין דעם זאָלסטו ניט צווייפלען.

— פּאַפּאַטשקע, דו ווייסט, אַז דאַניע האָט אַנגעגעבן אַ מעלדונג אין וואָיענקאָמאַט, מע זאָל אים שיקן אַפן פראָנט?

— וואָס? — איז סיוועך געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר פונעם שלאָפצימער.

— צו דיר אין טייל האָט ער זיך געבעטן.

דאַניעס פאַרפרעסטע ליפּן, די אויסגעגלייַכטע אַקסלען, דאָס פייַערל, וואָס האָט זיך גע־לויכטן אין זייַנע ברייט צעעפנטע אויגן, האָבן ווי געוואָרנט: „דער באַשלוס איז אַן ענדגילטי־קער און איבערריידן מיך איז ניטאָ וואָס״.

— נו, גוט, — וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט עס אַ זאָג געטאָן, ווי וועגן אַ זייַטיקן איניָען און גענומען איבערשפּיליען די קנעפּלעך פון דער גימנאַסטיאָרקע. מיט דער זעלבער קלוי־מערשטער רויִקייַט האָט ער צוגעגעבן: — באַשטימט איז באַשטימט. אַליין באַשטימט. אַליין אָנ־געשריבן, אַליין אָפּגעטראָגן...

— די מאַמע האָט וועגן דעם געוווּסט, — האָט מאַרגאַריטע געזאָגט, — און אים דערלויבט.

סיוועך האָט זיך אומגעקוקט צום ווייַב. ער האָט זיך ניט פאַרוווּנדערט, ווען ער האָט פון איר דערהערט:

— יאָ, כ'האָב אים דערלויבט.

— ער איז דאָך אָבער קיין זעכצן יאָר נאָך ניט אַלט.

— און וויפל ביסטו אַלט געווען, טאַטע, ווען ביסט אַוועק זיך שלאָגן מיט די ווייַסע?

— דעמאָלט איז געווען עפּעס אַנדערש. די מילכאָמע איז געווען גאָר אַן אַנדערע. האָסטו אים, הייסט עס, דערלויבט, — האָט ער זיך ווידער געווענדט צו בריינען, — נו, און וואָס איז אַזוינס די פאָדערשטע ליניע ווייסטו? און וואָס איז אַזוינס ליגן אַפן פראָסט ביז אַהער־אַ אין שניי, ווען איטלעכע רעגע...

— כ'ווייס.

— און אים דערלויבט?

— איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט. ניט געקאָנט און ניט געטאָרט. קימאַט אַ האַלבער קלאַס באַ זיי האָט אַנגעגעבן מעלדונגען אין וואָיענקאָמאַט.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז צוגעגאַנגען צו בריינען, זי אַנגענומען פאַר אַ האַנט און גאָר־נישט געזאָגט.

— פּאַפּאַטשקע.

— מאַרע, וואַרט צו. האָסטו, הייסט עס, אַנגעגעבן אַ מעלדונג אין וואָיענקאָמאַט? — האָט סיוועך ווי ווייַט מעגלעך רויִק זיך אַנגערופן צום זון.

— יאָ.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס גייט אַ רייד וועגן זייַן דאַניען, וועגן דאַניען, וועמען ער האָט ערשט ניט לאַנג צוריק יעדע צוויי־דרייַ וואָכן אונטערגעשריבן דעם שילערישן טאָגבוך און וועלכער איז, אַף וויפל ער געדענקט, אָן זייַן דער־לויבעניש קיין איין מאָל ניט געגאַנגען אין קינאָ. ער האָט פאַרזען די ענדערונגען, וועלכע זייַנען פאָרגעקומען פאַר די קנאַפּע פינף כאַדאָשים מילכאָמע מיט זייַן זעכצניאָריק באָכערל, און דאָס האָט אים געשטערט זיך ווענדן צו דאַניִען אַנדערש, ווי ער איז ביז אַהער געווען געוווינט. און ער, דאַניע, וואַרט, מע זאָל אַף אים איצט קוקן ווי אַף אַ דערוואַקסענעם, ווי אַף אַ פולשטענדיק דערוואַקסענעם מענטשן. אויך זי, בריינע, וואַרט, ער זאָל זיך צו איר באַציִען אַנדערש, ער זאָל פאַרגעסן, ווי זי איז אָקאָרשט געלעגן מיטן פּאַנעם פאַרגראָבן אין קישן, און פאַרגעדענקען זי אַף

וויַטער אַט אַזאַ, ווי ער זעט זי איצט. זי, וואָס האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, טאָמער פֿלעגט דאַניע זיך ערגעץ פֿאַרהאַלטן אַף אַן איבעריקער שאָ, שיקט אַליין איר זון אין סאַמע פֿײַער, בייס ער האָט נאָך צו זײַן אין דער היים קימאַט צוויי יאָר.

— ווייסט איר, הייסט עס, וואָס איז אַזוינס ליגן ביזן האַלדז אין שניי... ווייסט איר, הייסט עס, וואָס איז אַזוינס טאַנקען, מעסערשמידטן, קױלנוואַרפֿערס, אַנגרײַפֿן, אָפּטרעטן, אַלץ, הייסט עס, ווייסט איר...

מאַרע האָט געזען, ווי באַם פֿאָטער גייען זיך וואָס ווײַטער אַלץ נעענטער צונויף די ברעמען, און ניט געוווסט, וויאַזוי געבן וועגן דעם צו וויסן דעם ברודער, וועלכער האָט, דאַכט זיך, אַפֿילע ניט באַמערקט, ווי באַם פֿאָטער ענדערט זיך די שטים.

— איז עפּשער וועט מיר עמעצער פֿון אײַך זאָגן, פֿונוואַנען האָט איר זיך עס אַלץ דערוווּסט? פֿון די צײַטונגען און זשורנאַלן, פֿון טעאַטער און קינאָ?.. מיינט ניט, אַז איך קלײַב זיך אײַך אָפּריידן, אַנשרעקן! — ער האָט גערעדט מער צו דער פֿרוי, ווי צום זון. — אָבער דער, וואָס בעט זיך אַף דער מילכאָמע, דער דאַרף וויסן, אַז די קויל קלײַבט זיך ניט פֿאַנאַנדער, ווער ס'איז אַ פּריוווּיליקער און ווער אַ מאָביליזירטער, ווען ס'איז זעכצן און ווען ס'איז פֿופֿציק...

— טאַטע!

— וועגן דעם האָט איר אַ טראַכט געטאָן?

— טאַטע, — האָט דאַניע, שטייענדיק פֿאַרן פֿאָטער ווי אַ סאָלדאַט, אים ווידער איבערגעשלאָגן, — מײַן באַשלוס איז ענדגילטיק.

— ענדגילטיק?

— און אויב דו ווועסט מיך ניט נעמען צו זיך...

— דאָס האָב איך אים געראָטן זיך בעטן צו דיר אין טייל.

אַפּאָנעם, דאָס איז געווען דער באַדינג, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש פֿאַרשטאַנען, וועלכן זי האָט געשטעלט דעם זון, וואָס האָט זיך געקליבן גיין אין וואָיענקאָמאַט.

— איז פֿאַרוואָס זשע האָט איר מיר ניט אָנגעשריבן וועגן דעם?

— מיר האָבן דיר אָנגעשריבן, — האָט זי שטיל געענטפֿערט, — האָסט נאָך ניט באַוויזן באַקומען אונדזער בריוו.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַפֿן האַנט-זייגערל, אַפּגיך אַרויסגענומען פֿון דעם פּלאַנשעט אַ בלעטל פּאַפּיר מיט אַ בלײַשטיפֿט און שטרענגער, ווי אים האָט זיך עס געוואָלט, געזאָגט צום זון:

— זעץ זיך צום טיש!

דאַניע האָט פֿאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אַפֿן פֿאָטער.

— שרײַב! האָסט זיך דאָך געוווּנטשן אין וואָיענקאָמאַט, איז דאַרפֿסטו וויסן, ווי צו שרײַבן אַ מעלדונג. ניין, ניין, ניט דאָ, נידעריקער און עטוואָס ווײַטער פֿונעם ברעג, אָט אַזוי:

„דעם קאָמאַנדיר פֿון דעם נ־ער באַזונדערן באַטאַליאָן

דעם מאַיאָר וו. ז. סיווער“

— נידעריקער מיט אַ שורע, יאָ, דאָ...

„שילער פֿונעם נײַנטן קלאַס פֿון דער זעקס-און-פֿערציקסטער מאָסקווער מיטלשול, קאָמירגיסט דאַניעל וועניאַמינאָוויטש סיווער. יאָר פֿון געבוירן 1925“.

— נאָך מיט אַ שורע נידעריקער:

„איך בעט מיך אָנעמען פֿאַר אַ פּריוווּיליקן אין אײַער מיליטערישן טייל. איך זאָג צו ניט שאַנעווען דאָס לעבן פֿאַר דער פֿרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט פֿון אונדזער לאַנד.

7 נאָיאַבער 1941 יאָר“.

צונויפֿגעלייגט די מעלדונג אינצווייען, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש זי איבערגעגעבן דער פֿרוי:

— די מעלדונג וועסטו אָפּטראָגן אין וואָיענקאָמאַט, און דאַניעלן קאָנסטו אָנהייבן גרייטן אין וועג. קיין איבעריקע זאַכן גיב אים ניט מיט. ס'קאָן זײַן, אַז ס'זאָל אויסקומען גיין צו־פֿוס אַ זיבעציק—אַכציק קילאָמעטער.

— וווּהין איז עס זיבעציק—אַכציק קילאָמעטער, פּאַפּאַטשקע?

— אַהין, וווּהין איר שרײַבט מיר בריוו. פֿאַרשטאַנען, טאַכטערקע? דערלאַנג מיר, מאַרעטשקע, דאָס פּעלצל. — און צו דאַניען: — זיבן אינדערפֿרי וועלן מיר דורכגיין דורכן סמאָלענסקער פּלאַץ. אויב איר וועט ביז יענער צײַט ניט איבערטראַכטן... וווּהין קלײַבסטו זיך עס, בראָ־ניע?.. דער זייגער איז פֿיר, און ביז זעקס איז פֿאַרבאָטן גיין איבער דער שטאָט אָן אַ דורכלאָז-שײַן.

— איך וועל דיך נאָר אַרויסבאַגלייטן צו דער קאַליטקע.

שטיל און פֿאַרטראַכט זײַנען זיי ביידע נאָכדעם געשטאַנען באַ דער קאַליטקע פֿונעם אומע־טיק-פֿאַרוואַרלאָזטן הויף, ווי ס'וואָלט זיי צום ערשטן מאָל אין לעבן פֿאַרגעשטאַנען זיך צעשיידן.

## XI

נאָך אײדער דער באַטאַליאָן איז אַריבער די דראַגאָמילאָווער בריק און זיך אױפֿגעהױבן מיטן אַרוף־באַרג צום סמאָלענסקער פּלאַץ, האָט װעניאַמין סיװער זיך שױן געגומען אײַנקוקן אין די פֿאַרבײַגײענדיקע, װאָס האָבן זיך באַװיזן אין דער טונקעלער גרױקײַט פֿונעם פֿאַרנעפּלטן באַגינען. אין יעדן אײנעם פֿון זײ איז ער גרײט געװען דערזען זײַן דאַניען. צוליב װאָס האָט ער פֿאַרן אַװעקגײן געדאַרפֿט אַ זאָג טאָן: „ביז זיבן אינדערפֿרי איז נאָך פֿאַראַן גענוג צײַט אױף זיך באַטראַכטן און איבערטראַכטן" און אַז „אױף דער מילכאָמע איז ניט שטענדיק אַזױ, װי ס'װערט באַשריבן אין די צײַטונגען און באַװיזן אין קינאָ".

— אַפּאָנעם, איבערגעטראַכט, — האָט דער מאַיאָר אַ זאָג געטאָן צו זיך אַלײן, װען ער האָט אױפֿן ראָג פֿון פּליושטשיכע, װי זײ האָבן זיך געהאַט דערעדט, ניט געטראָפֿן דאַניען. — קינדער בלײַבן קינדער. הײַנט אַזױ, מאָרגן אַזױ, אָבער זי, ברײַנע...

אײגנטלעך איז סיװער אַפֿילע געװען צופֿרידן, װאָס ס'האָט זיך אַזױ געענדיקט. ער האָט אָבער ניט געװאָלט, אַז זײַן ייִנגל זאָל װען־ניט־איז אַ טראַכט טאָן װעגן אים בלױז נאָר װי װעגן אַן איבערגעגעבענעם פֿאָטער, האָט ער געזוכט אױף װעמען אַרױפֿװאַרפֿן די שולד.

„צי האָבן זײ ניט איבערגעטראַכט דערפֿאַר, — האָט ער אַ קלער געטאָן, שפּאַנענדיק בײַ דער זײַט פֿון דער קאָלאָנע לעבן פֿאַרשנײַטן טראָטואַר, — װאָס זײ האָבן ניט דערװאַרט, ס'זאָל זיך אַזױ גיך און אַזױ אומגעריכט אַלץ ענדיקן". ער האָט זיך געפּרוּװט פֿאָרשטעלן, װאָס איז געשען אין שטוב נאָך זײַן אַװעקגײן. אָנגעהױבן האָט, פֿאַרשטײט זיך, מאַרע. „זי װעט ניט לאָזן דאַניען אַװעקגײן" און מיסטאָמע געגומען איבערכאַזערן װאָרט אין װאָרט אַלץ, װאָס ער האָט געזאָגט, און באַזונדערס, אַז די קױל קלײַבט זיך ניט פֿאַנאַנדער, װער ס'איז אַ פֿרײַװיליקער און װער ניט, װעמען ס'איז זעכצן און װעמען ס'איז שױן פֿופֿציק. און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, האָט מאַרע געװיס געדראָט, אַז זי װעט אױך אַװעק אױפֿן פֿראָנט, און מע זאָל ניט מײנען, אַז ס'איז בלױז געזאָגט, גענומען אָפּקלײַבן פֿון אַלמער אירע זאַכן. דאַניע האָט איר, פֿאַרשטײט זיך, דערױף געענטפֿערט: „מײן ניט, אַז איך װעל דיך אָפּרײדן, מײדלעך האָבן אױך אָנגעגעבן מעלדונגען אין װאָיענקאָמאַט". אָבער ברײַנע האָט דאָך ניט געקאָנט איר נאָכגעבן...

„איבערגעטראַכט איז איבערגעטראַכט", — און װעניאַמין זאַכאַריעװיטש האָט זיך געלאָזט אָניאָגן די ערשטע ראָטע.

אין אײנער פֿון די פֿאָדערשטע רײען האָט סיװער דערזען דעם רױטאַרמײער, װעלכן ער האָט באַנאַכט געטראָפֿן בײַ די אײַזערנע שטאַכעטן פֿון פּאַרק. ער דערמאָנט זיך, אַז װען דער באַטאַליאָן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿונעם פּאָקלאָנעם באַרג און זיך גענומען לינקס צו קוטוזאָװס שטיבל, און אױך דערנאָך, װען ער האָט דורכגעפֿירט דעם באַטאַליאָן פֿאַרבײַ דעם טיף פֿאַרוקטן טונקל־רױטן שטיבל מיט די צוגעמאַכטע לאָדנס, האָט ער אַלץ ניט אױפֿגעהערט צו טראַכטן װעגן אָט דעם יונגן רױטאַרמײער. ער האָט װעגן אים געטראַכט אױך דעמלט, װען ער האָט בײַ דער שײַן פֿון דעם אָנגעצונדענעם האַנט־לאַמטערנדל געלײענט אױף אַ קאָל די שורעס, װאָס די גרענאַדיאָרן האָבן אױסגעקריצט אױף דעם שטײנערנעם פּאָסטאַמענט, און װען דער עלטערער פּאָליטרוק דובאָװיק האָט דערמאָנט די סאָלדאַטן, אַז מיטן שאָסײ, מיט װעלכן זײ װעלן זיך פֿונדאַנען לאָזן צום רױטן פּלאַץ, האָט קוטוזאָװ געפֿירט פֿון באָראָדינאָ די ניטבאַזיגטע רוסישע אַרמײ.

— מיר קאָנען ניט און טאָרן ניט אָפּגעבן מאָסקװע! — האָט דובאָװיק פֿאַרענדיקט זײַן רעדע. און אַ יונגע הילכיקע שטים, װעלכע אַלע האָבן באַלד אונטערגעכאַפּט, האָט אױסגעשריִען:

— מיר װעלן מאָסקװע ניט אָפּגעבן!

די זעלבע שטים האָט איצט פֿאַרצױגן אַ ליד. דאָס האָט געזונגען סוכאָטין, װאָס האָט מיטן אױטאָמאַט אױפֿן אַקסל געשפּאַנט אין דער קאָלאָנע איבערן שטילן פֿאַרשנײַטן אַרבאַט.

װעגן װאָס האָט זיך עס פֿאַרטראַכט סוכאָטינס שאָכן, װאָס ער הערט ניט די קאָמאַנדע און פּלאָנטערט מיט די פֿיס? און דער, מיט דער אַרױסגערוקטער טשופּרינע פֿון אונטער דער אושאַנקע, װעגן װאָס האָט ער זיך עס פֿאַרטראַכט? ס'איז מילכאָמע. ס'קאָן אַלץ פּאַסירן. ס'קאָן טרעפֿן, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן אין דער צײַט זאָל שױן סוכאָטין צי אָט דער יונגינקער לײטענאַנט פֿונעם צװײטן װזװאָד, צי ער אַלײן, סיװער... ס'איז מילכאָמע. דער קאָמאַנדיר פֿונעם צװײטן װזװאָד איז אַן ערך אין אײנע יאָרן מיט סוכאָטינען. צװאַנציק, אײן און צװאַנציק. ניט מער. זײ זײַנען אָבער עלטער פֿון זײַן דאַניען! אױף פֿיר־פֿינף יאָר עלטער...

װעניאַמין זאַכאַריעװיטש פּרוּװט שױן מער ניט אױסבאַהאַלטן פֿון זיך, אַז ער איז, אײגנטלעך, צופֿרידן, װאָס ער האָט אױפֿן ראָג פֿון פּליושטשיכע און סמאָלענסקער פּלאַץ ניט באַגעגנט דעם זון, און ניט דערפֿאַר, װאָס דער פֿאָטער האָט אין אים געגומען די אױבערהאַנט איבערן מילי־

טערמאַן, — איטלעכער אַף זײַן אָרט, יאָ, איטלעכער אַף זײַן אָרט, וואָס ווייסט, וואָס איז אַזױנס פּראַנט, וואָלט אַזױ געטראַכט. וױאַזױ האָט ער עס באַלד אַפֿן אָרט ניט געענטפֿערט דאַניען דאָס, וואָס מע ענטפֿערט אין אַזעלכע פֿאַלן אײנעם וואָיענקאָמאַט? ער זאָל ניט געווען געבן זײַן האָס־קאָמע, וואָלט דאָך אים איצט ניט אויסגעקומען זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַרן עלטערן פֿאָליטרוק. און וואָס זאָל ער אים זאָגן? זיי האָבן פּלוצעם איבערגעטראַכט?

— אײנס, צוויי, אײנס, צוויי. — סיוואָער באַמערקט אַליין ניט, ווי ער צווינגט די גאַנצע קאָ־לאָנע און זיך אַליין בײַטן דעם פּוס.

— דערלויבט, כאָווער מאַיאָר!

די שטים איז אים געווען געננג באַקאַנט, ער זאָל זיך דאַרפֿן אומקוקן, און דאָך האָט ער זיך אומגעקוקט און פֿאַרכידעשט באַטראַכט זײַן אָנגעפּעלצט באַכערל מיטן פֿאַרשנורעוועטן לײַוונ־טענעם רוקזעקל אַף דער פּלייצע, וועלכער איז אַפֿן ראָג פֿון אַרבאַט און קאַלאַשינער געסל צוגע־גאַנגען צו אים און אונטערגעטראָגן די האַנט אין דער געשטריקטער הענטשקע צו דער אושאַנקע.

— אין ציווילע קליידער גריסט מען זיך ניט מיליטעריש... — נאָר דאָ האָט ער דערזען בא זײַן באַכערל אַף דער אושאַנקע אַ נײַיִנק רויט שטערנדל, און ער האָט אויך אופגעהויבן די האַנט צום היטל.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט צוגערופֿן צו זיך דעם קאָמאַנדיר פֿון דער פֿאַרבײַמאַרשירנדי־קער ראָטע און אים אָנגעוויזן אַף דאַניען:

— אָט דעם נײַיִנקן נעמט דערווײַל צו זיך אין ראָטע, זײַן פֿאַמיליע איז סיוואָער. דאַניעל סיוואָער.

אַפֿן לינקן פֿלאַנג פֿון דער דריטער ראָטע האָט מיט אַ לײַוונטענעם רוקזעקל אַף דער פּליי־צע, ווי מיט אַ שילערישן ראַנעץ, דורכגעשפּאַנט פֿאַרבײַ לענינס מאַוזאָליי דער רויטאַרמייער דאַ־ניעל סיוואָער פֿון דעם נ־ער באַזונדערן באַטאַליאָן, וואָס איז גלײַך נאָכן פּאַראַד אַוועק אַף דער פֿאָדערשטער ליניע.

## XII

— כ'וויל ניט! כ'וויל ניט, און שוין.

בא וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן איז ניט געווען קיין מינדסטער ספֿק, אַז דאַניע האָט עס געזאָגט ניט פֿון שלאָף. ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגערופֿן. ער איז געלעגן מיטן פּאָנעם צום נאַקעטן פֿענצטערל פֿונעם פֿאַרוואָרלאָזטן דאָרפֿישן שטיבל און, ווי פֿריִער, נאָכגעשפּירט נאָך די ווײַטע טונקעלע שטערן. ער האָט ניט געזוכט צווישן זיי קיין פֿאַרדעכטיקע פֿײַערלעך פֿון פֿרעמדע עראָפּלאַנען, ניט געטראַכט וועגן דער אייביקייט פֿון דער אויסגעשטערנטער הייך און ניט וועגן דעם גלײַכגילט, מיט וועלכן זי קוקט זיך צו צו אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אַף דער ערד, פֿון זינט זי איז אַנטשטאַנען. ס'האָט אים ניט געגומען קיין שלאָף. און ווען אין פֿענצטער קוקט אַרײַן אַ שטי־לע פֿרילינגדיקע נאַכט, איז ווי שטאַרק מע זאָל ניט צושליסן די אויגן, עפֿענען זיי זיך טייקעף צוריק און עס גיט זיך נאָכדעם אויס, אַז די שטרעקע צווישן פֿענצטערל און דער הייך ווערט קלע־נער, די שטערן — גרעסער. נאָר אַזעלכע גרויסע העלע שטערן, ווי שאַבייסענאַכטס ערעוו דער מילכאָמע, איז אים מער ניט אויסגעקומען צו זען. זיי האָבן זיך אים פֿאַרגעדענקט צוזאַמען מיט די וועלדלעך און לויכטנדיקע פֿענצטער פֿון די פּילשטאַקיקע מויערן, וואָס זײַנען געשטאַנען מיטן קאָפּ אַראָפּ אינעם געקנייטשטן וואַסער. דאַניע מיט מאַרען זײַנען געזעסן אַנטקעגן אים אין דעם מאָטאָר־שיפּל און געפּרוווט כאַפּן די לעוואָנע, וואָס איז געשווומען אונטער זייערע פֿינגער. אַף מאָרגן איז דער הימל אויך געווען אַן אויסגעשטערנטער, די שטערן האָבן זיך אָבער אַזוי דער־ווײַטערט פֿון דער ערד, קוים וואָס מע האָט זיי געזען!

איצט האָבן די ווײַטע טונקעלע שטערן אַרײַנגעקוקט אין פֿענצטערל פֿון דעם דאָרפֿיש־שטיבל, אין וועלכן דער פּאָדפּאָלקאָווניק וועניאַמין סיוואָער און זײַן אָרדינאַרעץ דאַניעל סיוואָער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף נאַכטלעגער. מיטאַמאָל האָט זיך אים אָנגעהויבן אויסדוכטן, אַז דאָ, אין דעם באַפֿרײַטן דערפֿל, איז דער הימל אַ סך אַ ליכטיקערער, ווי אַף יענער זײַט וואַלד, וואָס איז נאָך באַם דײַטש. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער הימל וואָלט פּונקט, ווי די ערד, געהאַט גרע־נעצן, צײַטווײַליקע גרענעצן, וואָס קומען אויף און גייען פֿאַרבײַ, ווי דורכשוועבנדיקע וואָלקנס. מיט צוויי טעג צוריק איז דאָס דערפֿל, וווּ עס שטייט איצט אײַן סיוואָערס פּאָלק, נאָך געווען אַף יענער זײַט גרענעץ, מאָרגן וועלן זײַנע סאָלדאַטן איבערטראָגן די גרענעץ נעענטער צום וואַלד.

פון דאָרטן — ווייַטער אַף מייַרעוו. א לאַנגן שווערן וועג שטייט נאָך פאָר דורכצומאַכן, ביז די גרענעץ וועט ענדלעך זיך אָפּשטעלן אַף איר אָרט.

און עס קומט אים פּלוצעם אויף אַפן זינען א פּאָסעק, וואָס האָט זיך אים פאַרגעדענקט פונעם כומעש: „און זיי וועלן זיך מערן און פרוכפּערן, ווי די שטערן אין הימל". צי ניט דערפון נעמט זיך עס, וואָס מענטשן האָבן זיך אייַנגערעדט, אַז פאַר יעדן איינעם פון זיי איז פאַרגרייט א שטערן? איז ער אָבער צו קליין, דער הימל, ער זאָל יעדן איינעם קאָנען באַזאָרגן מיט א מאַזלדיקן שטערן. ווי ס'זאָל דאָרט ניט זייַן, נאָר אָט דער בלויער שטערן אַנטקעגן דעם גרויסן בער, וועלכן ער, סיווער, האָט אין א שפּאַס אויסגעקליבן פאַר זיך, האָט אים נאָך דערוויַיל ניט אונטערגעפירט. דעם אַנדערן שטערן, וואָס לויכט זיך אַזוי העל באַם האָריזאָנט, האָט ער אויסגעקליבן פאַר דאַ־ניען, אָדער, ווי מע רופט אים אין פּאָלק, דעם יונגן סיווער.

שוין באַלד א האַלב יאָר, ווי זיי זייַנען צוזאַמען. ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש האָט געמאַכט דאַ־ניען פאַר זייַן אָרדינאַרעץ, ער זאָל אים שטענדיק האָבן לעבן זיך. צי האָט ער אַף דעם רעכט? ער האָט ניט געסאָפּעקט אין דעם.

ברייַנע האָט אים ניט אַרויסגעשטעלט קיינע באַדינגונגען, ווען זי האָט אָפּגעלאָזט פון זיך דאַניען. אויך אין אירע אָפּטע בריוו האָט זי זעלטן ווען זיך דערלויבט ווענדן צו אים מיט וועל־כער־ס'איז־ניט ביטע בענוגייע דעם זון. אָבער פון דאַניען האָט זי עס אויסבאַהאַלטן. אַלע אירע בריוו צום זון האָבן זיך געענדיקט מיט דעם, ער זאָל זי ניט פאַרשעמען, ער זאָל אין אַלץ פאָלגן דעם פאָטער, און אַז ווענימאַמין סיווער קאָן שיקן דעם אייגענעם זון אין רעכטן פייַער, אויב ס'וועט זייַן אין דעם א נויטווענדיקייַט, האָט געוווּסט ניט נאָר זי איינע. ס'האָבן וועגן דעם געוווּסט אויך אַלע, ווען ס'איז אַזוי צי אַנדערש אויסגעקומען זיך צוקוקן צו די באַציִונגען צווישן דעם פּאָל־קאָווניק און זייַן אָרדינאַרעץ.

אָפּטער פון אַלעמען איז אויסגעקומען זיך צוקוקן צו דאַניעס אויפירונג דעם קאָמיסאַר פון פּאָלק, אַנטאָן דובאָוויק, און ס'האָט אים ביז גאָר געוווּנדערט, וואָס ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש זעט ניט, צי ער וויל ניט זען די ענדערונגען, וואָס זייַנען פאַרן האַלבן יאָר פאָרגעקומען מיטן ייִנגל. אַנטאָן האָט אים שוין ניט איין מאָל געמאַכט אויפמערקזאַם אַף דעם, נאָר ווענימאַמין זאַכאַריעוויטשן האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז דאַניעס פאַרטראַכטקייַט און שווייַגן נעמט זיך דערפון, וואָס ער בענקט נאָך דער היים. האָט ער זיך באַמיט אַרויסווייַזן דעם זון מער פאָטערלעכע זאָרג, ניט באַמערקנדיק, אַז דערמיט ווערן נאָך מער אָנגעצויגן זייערע באַציִונגען. אַלנפאַלס, זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס, וואָס דאַניע האָט דאָ נאַרוואָס געזאָגט, פון שלאָף צי ניט פון שלאָף, האָט א שייַכעס צו אים, צו ווענימאַמין זאַכאַריעוויטשן, האָט ער בעשום־אויפן ניט געקאָנט, און דערפאַר האָט ער ניט געייַלט זיך אָפּרופן. ס'איז דורך א היפּשע צייַט, ביזוואַנען ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש האָט, ליגנדיק אַלץ נאָך מיטן פּאָנעם צום אויסגעשטערנטן הימל, א פרעג געטאָן:

— איז וואָס, זאָג מיר נאָר, ווילסטו ניט? שלאָפסט? נו, נו, שלאָף.

און דעמלט, ווען ער איז שוין גרייט געווען גלייבן, אַז דער זון האָט ווירקלעך גערעדט פון שלאָף, האָט דאַניע זיך אויפגעזעצט אַפן געלעגער און קימאַט ווי אויסגעשריִען:

— יאָ, כ'וויל ניט! כ'וויל ניט זייַן באַ דיר קיין אָרדינאַרעץ. כ'וויל ניט זייַן קיין אָרדינאַרעץ, און שוין.

— ווילסט ניט?! — ווענימאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך אויך אויפגעזעצט, פאַרשטעלנדיק מיט דער פּלייצע דעם אויסגעשטערנטן הימל אין פענצטערל. — ווילסט ניט?! נו און דייַנע כאַווירים, מייַנסטו, ווילן זיך וואַלגערן אין די אָקאָפּעס און טראַנשייען, זיך ווייקן אונטערן רעגן, פרירן אַף דער קעלט? אין דער אַרמיי פרעגט מען ניט, צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט. פאַרגעס, אַז דו ביסט א פרייַוויליקער. אין דער אַרמיי זייַנען ניטאָ קיין אויסנאַמען. איין דיסציפּלין פאַר אַלע־מען. פאַרשטאַנען?

— כ'וויל אַפן פראָנט.

— אַפן פראָנט? און וווּ ביסטו איצט?

— כ'וויל אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס. גענוג זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דייַנע פּלייצעס.

— וואָס?

— כ'וויל ניט זייַן קיין אויסנאַם.

— דיר האָט עס עמעצער פאָרגעוואָרפן?

— קיינער האָט מיר גאָרנישט פאָרגעוואָרפן. שיק מיך אָפּ אין אַן אַנדערן טייל.

— רויטאַרמייער סיווער, איך פאַרווער מיר אָנווייַזן וואָס צו טאָן. קלאָר?

— קלאָר.

— איז שלאָף.

— פאראן, כאַוּער פּאַדפּאַלקאָווניק! — און דאַניִעל האָט זיך איבערגעדעקט מיטן שינעל איבערן קאָפּ.

נאָך אַט דעם באַנאַכטיקן געשפּרעך האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש געגומען זיך נעענטער צוקוקן צו זײַן זון, נאָר אַזוי, אַז דאַניע זאָל עס ניט פּילן. אייגנטלעך, האָט ער אויך פריִער זיך אופמערקזאַם צוגעקוקט צו אים, אָבער הויפּטזאַכלעך בלויז ווי אַ פאָטער, און דאָס האָט אים געשטערט זען, אַז אין דאַניען איז שוין קימאַט גאָרנישט פאַרבליבן פון דעם, וואָס קאָן דערמאָנען אַ באַכערל פון קנאַפּע זיבעצן יאָר. זײַן טראָט, זײַנע אויגן, דער צוגעקומענער קנייטש אַפן שטערן האָבן ווי געפאָדערט: „געגוג שוין צו קוקן אַף מיר ווי אַף אַ קינד. פאַרגעס, אַז דו האָסט מיך ערשט ניט לאַנג צוריק געזען מיט אַ שילעריש רענצל אַף די אַקסלען. פאַרגעס עס, טאַטע. איך בין אַ סאָלדאַט, און נאָר ווי אַף אַ סאָלדאַט זאָלסטו איצט אַף מיר קוקן, טאַטע!“. און וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט ביסלעכווײַז זיך צוגעוווינט קוקן אַזוי אַף דאַניען. אים האָט געפרייט, וואָס ער האָט מיט יעדן טאָג אויסגעפונען אין זײַן יינגל עפּעס ענלעכס צו זיך. ער האָט אפילע אַ פּאָר מאָל געפּרווט אוועקשטעלן זיך אַף דאַניעס אָרט. וויפל איז ער עס אַלט געווען, ווען ער איז פרײַוויליק אוועק אין דער רויטער ארמיי און אָנטייל גענומען אינעם ערשטן שלאַכט הינטער קרעמענטשוק? אַן ערעך אַזויפיל ווי דאַניע. איז ווי וואָלט ער זיך, אַשטייגער, באַצויגן צו דעם, ווען דער קאָמאַנדיר פון דעם רויטאַרמייִשן טייל וואָלט געווען זײַן פאָטער און דער פאָטער וואָלט אים די גאַנצע צײַט געהאַלטן לעבן זיך?

ס׳האָט אָבער געקאָנט זײַן גאָר אַן אַנדער סיבע, פאַרוואָס דאַניע האָט אים דעמלט גע־בעטן, ער זאָל אים שיקן אַף דער פאָדערשטער ליניע אָדער אַריבערפירן אין אַן אַנדערן טייל. דער געשפּרעך מיט דאַניען האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן דערמאָנט אין אַ צווייטן געשפּרעך, וואָס ער האָט אַנומלטן געהאַט מיטן זון, ווען יענער האָט אים פּלוצעם אַ פרעג געטאָן: „טאַטע, וואָס איז עס אַזוינס אַ ייִד?“

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך ניט גערירט, אַז אים, ביניאַמין זכאַריעס, וועלכער איז געבוירן און אויסגעוואַקסן אין קריוקאָוו, אין שכיינעס מיט אַזאַ שטאָט, ווי קרעמענטשוק, וועט זײַן שווער צו דערקלערן זײַן זון, וואָס אַזוינס איז אַ ייִד. אין דעם ווײַטן פּעטראָפּאַוולאָווסק, ווו ער האָט געדינט און פונוואַנען מע האָט אים מיט אַ קורצער צײַט פאַר דער מילכאָמע אַריבער־געפירט קיין מאָסקווע, האָט זײַן דאַניע, וואָס איז דאָרט אויסגעוואַקסן, דאַכט זיך, גאָר קיין ייִדן ניט באַגעגנט. אַף דער דאָראָגאָמילאָווער זאַסטאַווע אין מאָסקווע האָבן אויך געוווינט ווייניק ייִדן. און וואָס, אייגנטלעך, האָט ער אים געקאָנט ענטפערן, דאַניען, אַז ער אַליין, וועניאַמין זאַכאַריע־וויטש, וואָס האָט אין אַלע זײַנע אַנקעטעס אָנגעוויזן, אַז ער איז אַ ייִד, האָט שוין קימאַט פאַר־געסן ריידן ייִדיש, פאַרגעסן דעם טאַטנס ניגונים, דעם טאַטנס מינהאָגים. צווישן די, מיט וועלכע זײַן דאַניע האָט זיך געכאַווערט אין מאָסקווע, זײַנען געווים אויך געווען ייִדישע קינדער, זיי האָבן זיך אָבער מיט גאָרנישט אויסגעטיילט פון אַנדערע, אַז זײַן דאַניע זאָל פון דעם זיך קאָנען שאַפן אַ פאָרשטעלונג, וואָס אַזוינס איז אַ ייִד. אים איז עס ביכלאַל דעמלט ניט אָנגעגאַנגען. וואָס זשע האָט געקאָנט געשען, וואָס ער האָט אים פּלוצעם פאַרגעבן אַזאַ פראַגע? צי דען דערפאַר, וואָס די דײַטשן ראָטן אויס ייִדן?

אַף דעם וואָלט אים סיוּוער געקאָנט ענטפערן אַן ערעך דאָס זעלבע, וואָס דער קאָמיסאַר פון פּאָלק אַנטאָן דובאָוויק האָט אַנומלטן אין אַ פּאָליטשמועס מיט די רויטאַרמייער געזאָגט: „דער, וואָס פּלאָנצט סינע צו פעלקער, פּלאָנצט סינע צו זיך. די פאַשיסטן זײַנען ערגער פון די סאַמע ווילדסטע כײַעס“. ער האָט אָבער געפילט, סיוּוער, אַז דאַניִעל וואַרט פון אים הערן אַזוינס, וואָס נאָר ער, דער פאָטער זײַנער, קאָן עס אים זאָגן.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט דעמלט לאַנג און געגוי גערעדט מיט דאַניען וועגן זאַכן, וועל־כע ער, סיוּוער, האָט פאַר דער מילכאָמע ניט צוגעגעבן קיין שום באַדײַט. ער האָט נאָכאַמאָל גע־פּרוּווט אויסקלאָרן, וואָס איז פאָרט די ווירקלעכע סיבע, וואָס דאַניע האָט אים אַרופגעפירט אַפן דאָזיקן געשפּרעך. צי איז עס ניט פאַרבונדן דערמיט, וואָס דאַניע האָט דעמלט, ווען ער האָט זיך געבעטן אַריבערפירן אים אין אַן אַנדערן טייל, אַ זאָג געטאָן: „איך וויל ניט זײַן קיין אויסנאַם. געגוג זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דײַנע פּלייצעס“? נאָר דאָס האָט דאָך אים קיינער ניט פאַרגע־וואָרפן. איז, הייסט עס, די סיבע, וואָס דאַניע בעט זיך אַף דער פאָדערשטער ליניע, די זעלבע, וואָס האָט אים צו זעכצן יאָר געבראַכט אין וואָיענקאָמאַט. און דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק וועניאַ־מין זאַכאַריעוויטש סיוּוער האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל אַריבערפירן זײַן אָרדינאַרעץ, דעם רויטאַר־מייער דאַניִעל סיוּוער, אין דער דריטער ראָטע פונעם ערשטן באַטאַליאָן.

# XIII

ס'איז געווען אַ הייסער סאָף־זומערדיקער טאָג. סיווער האָט זיך נאָרוואָס אומגעקערט פונעם שטאַב פון דער דיוויזיע, וועלכער האָט זיך געפונען דרייַ קילאָמעטער דאָרעמדיקער פונעם גרויסן כאַרעוון כוטאָר, וואָס זייַן פּאָלק האָט מיט איייניקע טעג צוריק פאַרנומען. בײַ זיך אפן טישל, אינעם קליינעם שטעלכל מיטן איינציקן שייַבל — אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן פונעם פאַרברענטן כוטאָר, — האָט ער געטראָפן אַ דרייַעקיקן קאָנווערט אָן אַן אַדרעס. אינעם ניט־פאַרכאַסמעטן קאָנווערט איז געלעגן אַ צעקנייטשט בלעטל פּאַפּיר. די גרויסע ברייט צעשטעלטע אויסיעס זייַנען אַף אַזויפיל געווען ענלעך און ניט ענלעך אַף דאַניעס האַנטשריפט, אַז ער האָט צוויי מאָל נאָכאַנאַנד דורכגעלייענט דאָס בריוול:

„ליבע, טייַערע מאַמע!

איך בעט דיך, זאָלסט זיך ניט באַומרויִקן, אויב דו וועסט אופהערן באַקומען פון מיר בריוו. מע וואַרפט מיך אַריבער אין אַזאַ אָרט, פונוואַנען כ'וועל דיר ניט קאָנען שרייַבן. דער טאַטע וועט דיר נאָכדעם אַליין אַלץ דערציילן. איצט אָבער זאָלסטו אים וועגן דעם ניט פרעגן.

זייַ געזונט. איך קוש דיך שטאַרק, שטאַרק, טייַערע מאַמוליע מייַנע.

דייַן דאַניע“

די טיר האָט זיך לייַכט געעפנט, און אין שטעלכל איז מיט שטילע טריט אַרייַנגעקומען אַנטאָן דובאָוויק.

סיווער האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן צעקנייטשטן בריוול אין דער האַנט, און ווי ער וואָלט נאָך אַלץ ניט באַנומען, פון וועמען און צו וועמען איז דאָס בריוול, דערשראָקן געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

דער קאָמיסאַר האָט אויסגעטאָן דאָס היטל און נידעריק פאַרנייגט דעם קאָפּ.

— וואָס איז געשען?!

אַנטאָן דובאָוויק האָט אופגעעפנט די טיר פון שטעלכל און שטיל אַ רוף געטאָן:

— רויטאַרמייער סוכאָטין!

איגאָר סוכאָטין איז געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר, ווי אין אַ ערן־קאַראַול, און, ניט אויסבאַהאַלטנדיק די טרערן, וואָס זייַנען גערונען פון זייַנע אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געזאָגט:

— בײַ מיר אַף די הענט איז ער אויסגעגאַנגען, — און באַהאַלטן דאָס פאַרוויינטע פּאָנעם אין דער קאַסקע.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז געבליבן שטיין בײַם טישל, מיטן צעקנייטשטן בריוול אין דער האַנט, און אויסער דעם שטאַרצנדיקן פאַרזשאַווערטן צוויאַק אַף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט האָט ער פאַר זיך גאָרנישט געזען. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַפן אַקסל אַ שטייַפע האַנט. ער האָט זיך אָנגעשפאַרט אָן טישל און מיט אַ פאַרשטיקט קול באַפוילן סוכאָטינען:

— דערציילט, אַלץ דערציילט.

— אַרום עלף אינדערפרי האָט פונעם וועלדל, וואָס אַנטקעגן אונדזערע פּאָזיציעס, זיך פּלוצעם באַוויזן אַן עראָפּלאַן. ער איז געגאַנגען אַזוי נידעריק, אַז מיר האָבן געמיינט, אָט־אָט וועט ער זיך פאַרטשעפּען אָן די ביימער. „זע, ס'איז דאָך אונדזערער אַ קוקורוזניק, — האָט דאַניע מיך אַ שטורכע געטאָן אין פּלייצע און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון טראַנשיי, — אונדזערער אַן „אור־דווא“. יאָ, כאָטש פאַדפּאָלקאָווניק, ס'איז געווען אונדזערער אַן „אור־דווא“ מיט שטערנס אַף די פליגל. ער איז אָבער געגאַנגען מיט אַן אויסגעשלאָסענעם מאָטאָר, און די דייַטשן האָבן אים ניט באַשאָסן. דאָס האָט אונדז פון אָנפאַנג אויסגעזען ביז גאָר פאַרדעכטיק. מיטאַמאָל, ווי פאַרלירנדיק דאָס גלייַכגעוויכט, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן פון איין זייַט אַף דער אַנדערער און געגעבן אַ פאַל אַראָפּ אַף דער לאָנקע, אַ מעטער צוויי הונדערט פונעם וועלדל, וואָס געפינט זיך בײַ די דייַטשן.

— ווייַטער.

— צוויי הונדערט מעטער פון די דייַטשן, — האָט סוכאָטין איבערגעכאַזערט, — און בײַ אַ הונדערט מעטער פון אונדזערע פּאָזיציעס. די דייַטשן זייַנען ניט אָנגעפאַלן אַפן עראָפּלאַן. זיי האָבן, ווייַזט אויס, באַשטימט צוּוואַרטן ביז נאַכט. מיר אָבער האָבן ניט געקאָנט וואַרטן. דער עראָפּלאַן איז דאָך אונדזערער, און דער פליִער איז דאָך אויך אונדזערער. קיינער האָט שוין, פאַרשטייט זיך, ניט געמיינט, אַז דער „קוקורוזניק“ איז אַן אונטערגעשיקטער. נאָר מיר האָבן דאָך געמוזט אויסקלאָרן, וואָס איז געשען מיטן פליִער. ער איז אומגעקומען צי שווער פאַרוווּנדעט? „דערלויבט מיר עס אויסקלאָרן“, — האָט דאַניע זיך געווענדט צום וזוואָדנעם, און איידער ער האָט נאָך באַקומען אַ דערלויבעניש, איז ער שוין געווען אַף יענער זייַט טראַנשיי. צי די דייַטשן

אין וועלדל האָבן אים ניט באמערקט, צי זיי האָבן אויסגערעכנט אים געמען א לעבעדיקן, נאָר געשאָסן האָבן זיי ניט. ס'איז געווען אזוי שטיל, אז מיר האָבן געהערט, ווי דאָס גראָז אף דער לאָנקע שאָרכעט אונטער דאניען...

— וויַיטער.

— דער פליער איז געווען פארווונדעט. דאניע האָט אים געהאָלפן ארויסקליַיבן זיך פון דער אָפענער קאבינע, אים ארומגעכאפט מיט איין האנט און זיך געלאָזט צוריק. ווען ער האָט שוין אָפּגעפויזעט א מעטער צוואנציק—דריַיסיק, האָבן זיך פון וועלדל דערהערט עטלעכע שאָסן מיט־אמאָל. דאניע האָט באוויזן אָפּצופויזען פונעם וועלדל נאָך אף א מעטער פופציק און געבליבן ליגן. צוזאמען מיט די סאניטארן בין איך אויך ארויסגעקראָכן פון טראנשיי. די קויל האָט גע־טראָפן דאניען אין נאקן. ער האָט נאָך אָבער געלעבט...

סוכאָטין איז אנשוויגן געוואָרן.

וועניאמין זאכאריעוויטש האָט געזען, ווי באם רויטארמייער איז ארויסגעפאַלן די קאסקע פון דער האנט און ער הייבט זי ניט אוף; ווי דער קאָמיסאר האָט דורכגעפירט מיט דער צעקנייטשטער פּילאָטקע איבערן געזיכט. בלויז ער, סיווער, איז, ווי פריִער, געשטאנען אנגעשפּארט אָן טישל און, אלץ ניט דערקענענדיק די אייגענע שטים, געפאָדערט:

— וויַיטער.

— מיר האָבן אים אריַינגעטראָגן אין טראנשיי. דאָס ערשטע, וואָס דאניע האָט מיך געבעטן, ווען ער איז געקומען צו זיך, איך זאָל אים געבן פּאפּיר מיט א בליַישטיפט. דאָס בריוול האָט ער געהייסן איבערגעבן איַיך, כאָווער פּאָדפּאָלקאָווניק, איר זאָלט עס אָפּשיקן דער מוטער... אפן וועג צום סאנבאט איז דאניע אויסגעגאנגען. בא מיר אף די הענט איז ער אויסגעגאנגען...

צווישן די באפריַיטע יישווים, וואָס זיַינען אף מאָרגן געווען אויסגערעכנט אין דער מיטיי־לונג פון דער סאָווינפאָרמביוראָ, איז אויך געווען אָנגעוויזן דאָס גרויסע רוסישע דאָרף, פונוואנען דער מיליטערישער טייל פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק וועניאמין סיווער האָט נאָך דאניעס לעוויַיע ארויסגעיאָגט דעם דיַיטש.

נאָכן שלאכט האָט וועניאמין זאכאריעוויטש ארויסגערופן איגאָר סוכאָטינען, אים אריַינגע־זעצט צו זיך אין דער מאשין און זיך אומגעקערט מיט אים אין כאָרעוון כוטאָר, וווּ מע האָט נעכטן באם זון־פארגאנג געבראכט צו קווורע דעם סאָלדאט דאניעל סיווער.

לעבן דער ווינטמיל מיט די אָפּגעהאַקטע פליגל, באם אריַינפאָר אין כוטאָר, האָט דער פּאָד־פּאָלקאָווניק אָפּגעשטעלט די מאשין און מיט לאנגזאמע טריט זיך דערנענטערט צום אנגעשאָטע־נעם בערגל, וואָס האָט זיך געשוואָרצט אינעם הויכן גראָז פון דער לאָנקע.

די פארגייענדיקע זון האָט מיט א לעצטן שטראָל אונטערגעצונדן דעם וואָלקן, וואָס האָט געבראכט מיט זיך צו טראָגן אָן אויסגעבלייכט שטיקל לעוואָנע. דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין בא־וויזן איינצלנע שטערן. נאָר וועניאמין זאכאריעוויטש איז אלץ נאָך געשטאנען בא דעם אריַינגע־שטעקטן בערעזענעם שטענגל מיט דער קאסקע און ניט געקאָנט דורכקומען מיטן אייגענעם הארץ, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט גלייבן, אז אונטער אָט דעם בערגל ליגט דאניע.

קורץ איז דער אופשריפט אפן צוגעקלאַפּטן ברעטל, נאָר סיווער קוקט זיך איַין ווידער און ווידער אין די עטלעכע ווערטער, ווי ער וואָלט האָפן אויסלייענען פון דאָרט דעם ענטפער אף יענע אלע פראגן, וואָס קומען אוף בא א פריש פארשאָטענעם קייווער...

דער שאָפער און סוכאָטין, וואָס זיַינען געשטאנען מיט אנטבלויזטע קעפּ און אנגעלאָדענע אווטאָמאטן, האָבן געזען, ווי זייער קאָמאנדיר האָט עטלעכע מאָל דורכגעפירט מיט דער האנט איבערן צוגעקלאַפּטן ברעטל, ווי ער וואָלט וועלן אָפּווישן דעם אופשריפט.

זיצנדיק אין דער מאשין, וואָס האָט זיך געטראָגן צוריק צו דער פאָדערשטער ליניע, האָט וועניאמין זאכאריעוויטש אפן וויַיטן האָריזאָנט, אנטקעגניבער דעם גרויסן בער, דערזען אופגיין דעם העלן פינקלענדיקן שטערן...

## XIV

די מינדסטע איינצלהייַטן פון יענעם סאָף־זומערדיקן אָפּדערנאכט און פון אלץ, וואָס איז גע־שען ביז דעם און נאָך דעם, זיַינען אציַנד אדורך פארביַי וועניאמין זאכאריעוויטשעס אויגן, ווי ס'גייען דורך סאָלדאטן פארביַי זייער קאָמאנדיר, און אים אזוי דערוויַיטערט פון דעם, וואָס האָט אין דער דאָזיקער מינוט אים ארומגערינגלט אינעם טונקל באלויכטענעם קאבינעט פון זיַין שטאָטישער דירע, אז ער האָט קימאט אינגאנצן פארגעסן אין אלעק, וואָס איז דאָ געזעסן אפן

דיוואַן מיטן זעלבן פאַרוווּנדערטן און פאַרלוירענעם אויסזען, מיט וועלכן ער איז אַהער אַרײַן. אַלעק האָט זיך אַפילע אויסגעוויזן, אַז נאָך איידער ער האָט רעכט צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר פונעם קאַבינעט, האָט דער פּאָטער שוין אָן אים פאַרגעסן, און דאָס האָט אים נאָך מער געצוווּנגען זיך פאַרטראַכטן, וואָס האָט געקאָנט אַזוינס פּאַסירן, וואָס דער פּאָטער האָט אים פּלוצעם אַרויסגערופן צו זיך פון דער דאַטשע און שטרענג אָנגעזאָגט מאָרען אויסבאַהאַלטן עס פון דער מוטער. זאָל אַלעק איר זאָגן, אַז בײַ אים אין אינסטיטוט איז הײַנט באַנאַכט אַ „וואָסקרעסניק", צי אַן אַנדער סיבע צוטראַכטן.

דאַכט זיך, ער האָט זיך פאַרן פּאָטער מיט גאָרנישט ניט פאַרזינדיקט, אין אינסטיטוט איז בײַ אים אויך אַלץ אין אָרדענונג. איז וואָס זשע פּאָרט האָט געקאָנט געשען? און אַז געשען איז עפּעס זייער וויכטיקס, האָט אַלעק אַרויסגעזען פון דעם, ווי דער פּאָטער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן קאַבינעט און פון מאָל צו מאָל זיך אָפּגעשטעלט בײַ דאַניעס בילד, וואָס איז געהאַנגען איבערן טיש באַנאַנד מיטן בילד, ווו ער, וועניאַמין סיווער, איז פאָטאָגראַפירט אין אַ לעדערנער קורטקע, אין אַ הויכער שוואַרצער פּאַפּאַכע און מיט אַ גרויסער הילצערנער קאָבורע אויפן ברייטן רימען.

עפּשער האָט דער טאַטע זיך פּלוצעם דערוווּסט אַזוינס, וואָס אויסער אים, אַלעקן, קאָן ער עס דערווײַל מער קיינעם ניט פאַרטרויען?

ער, אַלעק, איז דער איינציקער אין דער מישפּאָכע, וועלכער האָט דאַניען קיינמאָל אין לעבן ניט געזען. דאָס געשטאַלט פון זײַן אומגעקומענעם ברודער האָט ער זיך אויסגעמאָלט פון די פאָטאָגראַפיעס, וואָס דאַניע האָט צוגעשיקט פון פראָנט, און פון דעם, וואָס דער פּאָטער האָט דערציילט. איינע אַזאַ פאָטאָגראַפיע דאַניעס איז געהאַנגען בײַ אַלעקן איבערן בעט צווישן די בילדער פון טאַלאַליכינען, גאַסטעלאָן און זאָיען. ער האָט די בילדער נאָך קינדווײַז אויסגעשניטן פון די צײַטונגען און אָנגעקלעפּט אויף דער וואַנט בײַ זיך אין צימער. אויף יענער פאָטאָגראַפיע זעט דאַניע אויס נאָך ייִנגער, ווי אויף דער, וואָס הענגט בײַם פּאָטער אין קאַבינעט, און כאָטש אַלעק ווייסט, אַז דעם רויטאַרמייער מיט די העלע אויגן איז געגאַנגען ערשט דאָס זיבעצעטע יאָר, קאָן ער זיך פּאָרט ניט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז זײַן ברודערל איז דעמאָלט געווען ייִנגער פון אים.

אָט די ברייט צעעפנטע אויגן, וואָס קוקן איצט אויף אים פונעם בילד אונטערן גלאָז, דערמאָנען אין דאַניעס לעצטן בריוו, וואָס די מוטער האַלט פאַרשלאָסן אין איר שופלאָד.

ווען אַלעק האָט געהאַט דערציילט באָריסן וועגן דאַניעס לעצטן בריוו, האָט באָריס געזאָגט:

— און עפּשער איז טאַקע עמעס דאָס, וואָס ער שרײַבט? אויפן פראָנט האָט אַלץ געקאָנט טרעפן...

דעמאָלט האָט אַלעק אין דעם ניט געגלייבט. איצט, ווען ער האָט געטראָפן דעם פּאָטער שטיין בײַ דאַניעס בילד... אויפן פראָנט האָט אַלץ געקאָנט טרעפן. וויפל מענטשן, וועלכע מע האָט שוין געהאַלטן פאַר אומגעקומענע, האָבן זיך נאָכדעם צוריקגעקערט אַהיים. אָבער דער פּאָטער זײַנער האָט דאָך אַליין געבראַכט דאַניען צו קווורע. שוין זשע...

— וויאַזוי? וויאַזוי האָט דאָס אַלץ געקאָנט געשען? וויאַזוי?!

לויט דעם, ווי דער פּאָטער האָט עס געפרעגט, האָט אַלעק פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע איז פאַרגעבן געוואָרן ניט אים. דאָס רעדט דער פּאָטער זיך דורך מיט זיך אַליין.

די פראַגע איזווירקלעך פאַרגעבן געוואָרן ניט אַזוי אַלעקן, ווי גופע זיך. דאָס האָט וועניאַמין סיווער געפּאָדערט בײַ זיך אַן ענטפער אויף די אַלע פראַגן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט נאָך דעם באַזוך צו שעווען אין שפּיטאָל און נאָכן געשפּרעך, וועלכן ער האָט געהאַט מיט באָריסן.

פּלוצעם, ווי ס'וואָלט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַנטקעגן אים אויפן דיוואַן זיצט ניט אַלעק, נאָר באָריס לאַגונאָוו, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש צוגעדעקט מיט דער האַנט די אַקוראַט צונויפגעלייגטע כעזשבוינעס אויפן טיש און צוגעמאַכט די אויגן. נאָר אויך אין דער פינצטער האָט ער געזען די צעווירעטע צײַטלעך פּאַפּיר מיט די אַקוראַט פאַרפּילטע שורעס, וואָס האָבן אים דערמאָנט די ראַפּאָרטן פונעם „פּראָדסטאָל". פון דער רובריק „אָט קאָטלאַ" האָט ער זיך שטענדיק געקאָנט דערוויסן דעם טאָגטעגלעכן באַשטאַנד פונעם פּאָלק, און פון ברײַנעס כעזשבוינעס, וואָס ער טרעפט איצט בײַ זיך אויפן שרײַבטיש, — די טאָגטעגלעכע פרײַזן אויף קאַרטאָפל, פלייש, ציבעלעס, פּעטרעשקע... „וויאַזוי, וויאַזוי איז דאָס אַלצדינג געשען? ווען און וויאַזוי איז ער דערגאַנגען צו דעם, וואָס ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן פּאָדערן פון ברײַנען אַ פּינקטלעכן כעזשבן, וויפל און אויף וואָס האָט זי אויסגעגעבן געלט, און ביז אַ קאָפּעקע רעשט?"

די בלייכע שײַן, וואָס איז געפאַלן פון דער בראַ אויף די צונויפגעלייגטע כעזשבוינעס, האָט אים איצט דערמאָנט, אַז צוליב אָט דער צווייל־אָמפּיקער „געדעעראָווסקער" בראַ האָט ער אין מעשעך פון אַ גאַנצן כוידעש, טאָג־אײַן, טאָג־אויס געקלונגען אין „גום", קעדיי, כאָלילע, ניט דורכלאָזן די שאָ, ווען זיי וועלן זיך באַווײַזן אין פאַרקויף; אַז צוליב אָט דעם פּינלענדישן דיוואַן



איז ער עפּשער אַ מאָל צוואַנציק געגאַנגען אין מעבל־קראָם זיך רעגיסטרירן אין דער ריי. קימאַט אַלע זײַנע באַקאַנטע האָבן געוווּסט, אַז בײַ אים אין שטוב שטייט אַ ראַדיאָ־אויפנעמער און אַ טעלעוויזאָר, וועלכע מע קאָן זען נאָר בײַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע טוער.

די כּעזשבוינעס, וואָס ער האָט איצט פון זיך אַליין אויסבאַהאַלטן, צודעקנדיק זיי מיט דער האַנט, האָבן אים אויך דערמאָנט, ווי מאַרע האָט זיך געפלײַסט אים אײַנריידן, אַז ער טאָר אַליין ניט אַראָפּנעמען דאָס טרײַבל פונעם טעלעפאָן, ביז עמעצער פון די שטוביקע וועט זיך ניט דערוויסן, ווער עס קלינגט, און אַז איר, מאַרען, איז ניט דערלויבט זיך צו פאַרליבן אין אַ מענטשן, וועלכער מעג זיצן אין טעאַטער ווײַטער פון דער פּערטער ריי... „וויאַזוי האָט דאָס אַלצדינג געקאָנט געשען? ווי האָט ער דערלאָזט, אַז בײַ אים זאָל אויסוואַקסן אַ טאָכטער, פאַר וועלכער ער אַליין האָט, דאַכט זיך, צײַטנווײַז מוירע געהאַט? ווי האָט געקאָנט געשען, אַז בײַ אים, וואָס האָט ניט איין מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן, זאָל אויסוואַקסן אַ זון, וועלכער ווערט באַשולדיקט אין פּאַכדאָנעס, אין פאַראַט, ווען קיינער פון זײַנע שול־כאַווײרים דערלאַנגט ניט די האַנט?

ווי האָט געקאָנט געשען, אַז ווען מע האָט אים, סיוועריִן, נאָך דער מילכאָמע אַרויסגערופן און געפרעגט, וואָס קאָן ער דערציילן וועגן אַנטאָן דובאָוויקס פײַנטלעכער טעטיקײַט אויפן פראָנט, האָט ער בלויז געענטפערט: „איך ווייס ניט", געענטפערט אַזוי ניט זיכער, אַז דער אויספאָרשער, ווי אים האָט זיך נאָכדעם געדוכט, האָט זיך אָפּגערוקט פון אים?.."

— וויאַזוי, וויאַזוי האָט דאָס אַלץ געקאָנט געשען? — האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש ווידער און ווידער געפרעגט.

דאָס מאָל האָט אַלעק אופגעכאַפּט אין דעם פּאָטערס שטילן קאָל עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים אַ הייב געטאָן פונעם דיוואַן. ער איז געבליבן שטיין מיט אַ נידעריק אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אומדערוואַרט פאַר זיך געענטפערט:

— אַז איך ווייס ניט וואָס.

— ער ווייסט ניט וואָס!

— ערן־וואָרט, איך ווייס ניט וואָס...

— פּאַכדאָנים האָבן ניט קיין ערן־וואָרט. פאַרשטאַנען? פאַרשטאַנען, פרעג איך דיך?!

„באַרקע, דאָס האָט באַרקע אים אויסגעגעבן! באַרקע, צי עמעצער אַנדערש?“ פּלוצעם האָט ער דערזען, אַז אויף דער וואַנט איבערן טיש, דאָרט, וווּ ס'זיינען געהאַנגען דאַניעס און דעם פּאָטערס פּאָרטרעטן, פעלט אויס זיין פאָטאָגראַפיע, וועלכע ער, אַלעק, האָט געשענקט דעם פּאָטער נאָכן פאַרענדיקן די שול.

איצט איז אים שוין קנאַפּ־וואָס אָנגעגאַנגען, ווער האָט דערציילט, וואָס האָט מען דערציילט.

— איז ווי? וועסט מיר פונדעסטוועגן ענטפערן?

— איך בין דען איינער געווען אין טראָליי‌בוס?

— דאַניע איז אויך ניט געווען איינער אין טראַנשיי.

— אַ טראָליי‌בוס איז ניט קיין טראַנשיי.

— וואָס?

וועניאַמין סיווער האָט אַזוי אַ זעץ געטאָן איבערן טיש, אַז דער שאָטן פון דער ברא איז איבערגעלאָפן אינעם צווייטן עק קאַבינעט.

— דו וואַגסט זיך נאָך פאַרענטפערן?.. דו ווייסט, אַז פאַר פּאַכדאָנעס פלעגן מיר שטעלן צום וואַנט? וויאַזוי וואַגסטו באַרעכטיקן פּאַכדאָנעס? וויאַזוי, פרעג איך דיך?!

ער איז אָפּגעגאַנגען פונעם טיש און גענומען אַרומשפּאַצירן איבערן קאַבינעט מיט שווערע טריט, איבערכאַזערנדיק נאָכאַנאַנד: „דאַטשע, אינסטיטוט, אינסטיטוט, דאַטשע“...

— אַ סאָף! גענוג, גענוג! — איז ער געבליבן שטיין אינמיטן צימער. — זעץ זיך צום טיש און שרייב!

אַלעק האָט פאַרוווּנדערט אופגעהויבן אויפן פּאָטער די אויגן, גענומען דאָס הענטל־פען און זיך איבערגעבויגן איבערן ריינעם זייטל פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אָנגעגרייט פאַר אים.

— שרייב: „דעם דירעקטאָר פונעם מאָסקווער געאָלאָגישן אינסטיטוט“. דורכגעלאָזט אַ שורה? שרייב ווייטער: „פון דעם סטודענט פונעם ערשטן קורס אַלעקסאַנדער סיווער.

מעלדונג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס איך פאָר איבער קיין סיביר, בעט איך מיר אומקערן די דאָקומענטן“. וואָס קוקסטו אויף מיר? יאָ, אומקערן די דאָקומענטן. זיך געכאַסמעט? נו, און די דאַטשע? יאָ, די הייַנטיקע דאַטשע.

ער האָט אַרויסגענומען פון טיש־קעסטל אַ קאָנווערט, אַרייַנגעלייגט אַהין די מעלדונג און ניט פאַרקלעפּטערהייט דערלאַנגט דעם קאָנווערט אַלעקן:

— וועסט אַליין אָפּטראָגן די מעלדונג, — און מיט אַ האַרב קאָל, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונגען, געוואָרנט:

— מיין ניט, אַז דו פאָרסט קיין סיביר אויף אַ יאָר צי צוויי אויסקויפן, אַזוי צו זאָגן, די זינד און דערנאָך אומקערן זיך צוריק אַהער, אין אינסטיטוט. דיין אינסטיטוט איז איצט דער זאַוואָד, די טייַגע, די צעלינאַ! איך אין דיינע יאָרן האָב שוין געהאַט אַן אייגענע ביאָגראַפיע. און דו? גענוג זיך צו באַניצן מיט מיינער, גענוג! מע דאַרף האָבן אַן אייגענע ביאָגראַפיע!..

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז נאָכדעם לאַנג געשטאַנען באַם פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום ראָג פון דער ברייטער גאַס. דער זייגער האָט שוין געוויזן אָנהייב צוועלף, פונקט די שאָ, ווען אויף די האַלב שלעפעריקע גאַסן און געסלעך נעמען זיך קלייַבן יונגע באָכערים, מיידלעך, באַיאָרטע מענטשן און אַלטע לייַט נאָך פונעם פאַבריק יאָרהונדערט, וואָס פירן אַרויס אויפן שפּאַציר זייערע הינט. מיט דריבנע אייַליקע טריט לויפן זיי נאָך זייערע געפּעסטעטע הינט, וועלכע רייַסן זיך פון די „אַשייניקעס[1]. דאָס געביל פון די הינט דערמאָנט איצט וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן אַ פינצטערע האַרבסטיקע נאַכט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן דערפל, און ווי ער זאָל וועלן זיך אַליין איבערצייַגן, אַז דאָס גיט זיך אים נאָר אויס, אַז אינדערעמעסן איז ער איצט בא זיך, אין דער גערעמער וווינונג פונעם פילגאָרנדיקן מויער אויף איינע פון די סאַמע באַלעבאַטסטע און שענסטע

[1] האַלדז־קייטלען.

מאָסקווער גאסן, רוקט ער נאָך טיפער אריַין דעם קאָפּ אין פענצטער. אָ, ער איז שוין דאָ, דער קודלאטער „בארבאָס“ מיט די שווארצע פלעקן אפן שטערן. לעבן אים דרייט זיך אום „מילקע“ — א ברוינבייַכיק הינטל מיט פארפלאָכטענע צעפּלעך און מיט א גלעקל אפן האלדז. אָן א זייַט שטייט צוגעבונדן צו א נידעריק פארקנדל א הויכער אויסגעקאָרמעטער בולדאָג, וואָס קוקט זיך איַין אין יעדן פארבייַגייענדיקן מיט ברענענדיקע אויגן, ווי ער וואָלט ניט קאָנען פארטראָגן, וואָס ער איז ניט איינער אף דער וועלט. „בעבי“ רופט מען אים. און די באלעבאָסטע זייַנע, דאָס ווייַבל אינעם ניילאָנאָוון מאנטאָ און פוכיקן היטעלע, הייסט וויוועיא לעאָנארדאָוונא. איינגאנצן יעטלעכע מאָל האָט ער דאָ ארומגעשפּאצירט מיט מארעס ליבלינג, מיט „טוזיקן“, און ער קען שוין קימאט אלעמען בא די נעמען. דורך „טוזיקן“ האָט ער זיך באקענט מיט אָט די אלע ווילד־פרעמדע מענטשן. נאָר וועגן וואָס האָט ער מיט זיי גערעדט, נאָכלויפנדיק „טוזיקן“, וואָס האָט אים געשלעפּט פונעם טראָטואר אפן ברוק, פונעם ברוק אפן טראָטואר און אים געצוווּנגען אונטערשפּרינגען ווי א ייִנגל, דאָס קאָן ער בעשום־אויפן זיך ניט דערמאָנען. דאָס איינציקע, וואָס אים האָט זיך פארגעדענקט פון אָט די אלע באנאכטיקע געשפּרעכן, זייַנען די נעמען פון די הינט.

ס׳קאָן זייער זייַן, אז אָט דער דרייַלינג, וואָס שטייט אונטער זייַנע פענצטער און האלט קוים איַין פאר די רימענס די הינט, שמועסט איצט וועגן זייַן קלייניוואָקסיקן סאמעטענעם „טוזיקן“ מיט די לאנגע ארָאפּהענגענדיקע אויערן, וועלכער קריכט צו אלעמען זיך קושן. אָט באלד דארף צופאָרן אהער א מאשין, און פון איר וועלן ארויסשפּרינגען צוויי הויכע בולדאָגן, ווי די קעלבער די גרייס, און אוועקשלעפּן מיט זיך איבערן שאָסיי דעם באיאָרטן מאנצבל אינעם קורצן מאנטל מיטן אָנגערוקטן בערעט אפן קאָפּ און דאָס יונגע ווייַבל זייַנס אינעם קאראקולנעם מאנטאָ און אין די טופליעס מיט די לאנגע נעזער...

וועניאמין זאכאריעוויטש האָט ארָאפּגעלאָזט די שווערע שטאָרן, געשטאנען א ווייַלע און מיטאמאָל א שלייַדער געטאָן פונעם טיש די אקוראט צונויפגעלייגטע כעזשבוינעס צוזאמען מיט די זילבערנע און מעשענע מאטבייעס.

(פאָרזעצונג קומט)



# יאנקעוו שטערנבערגן — 75 יאָר



אז ווויל איז דעם קינסטלער, וואָס צו זיין נאָמען קאָן מען ניט זיין גלייכגילטיק.

יאנקעוו שטערנבערג — דער דיכטער, יאנקעוו שטערנ־בערג — דער דראמאטורג און רעזשיסער, דער פובלי־ציסט און ליטעראטור־קריטיקער, דער רעדאקטאָר און געזעלשאפטלעכער טוער — איז שטענדיק געשטאנען און שטייט אין ווירבל פון לעבן, און דריבער — אין שטרייטן. אזוי שוין 55 יאָר — זינט ער האָט אָנגע־הויבן זיין אלזייטיקע טעטיקייט און זיך געמאָלדן און געוואָרן אין דער באַרישער רומעניע דער דיכטער פון קאלע־וואקארעשט, דער זינגער פון די אונטערדריקטע און באאוולטע, פון די, אין וועמעס הערצער עס ברויזט דער גייסט פון א נייעם מאָרגן.

און פון דאן ביז היינט איז זיין וואָרט קעסיידער ניי, טראָגט מיט זיך וויזיע, געדאנק און טעמפעראמענט, און דעריקער — עס איז טאָמיד ליידנשאפטלעך און קעמפעריש. און דאָס איז אויך די סיבע, וואָס מע קאָן צו זיין וואָרט גלייכגילטיק ניט בלייבן.

וועגן שטערנבערגן איז א סאך געשריבן געוואָרן — באגייסטערט און פּאָלעמיש פארשארפט. עס דארפן אָבער נאָך קומען די אָפּהאנדלונגען, וואָס וועלן אָפּשאצן אין דער גאנצער גרייס דעם צושטייער, וואָס ער האָט אריינ־געטראָגן אין אונדזער ליטעראטור און אין דער טעאטער־קונסט, באזונדערס פאר די לעצטע 25 יאָר, ווען ער האָט זיך פעסט איינגעוואָרצלט אין דער סאָוועטישער ווירק־לעכקייט און אין אונדזער שרייבער־מישפּאָכע אלס איינער פון די אָנגעזעענסטע פּאָעטן און עסייסטן. היינט, אינעם טאָג פון זיין רומפולן יובילײ, גיבן מיר דאָס וואָרט דעם באל־יויוול אליין.

מיר ווינטשן איין, טייערער יאנקעוו שטערנבערג, לאנגע שעפערישע יאָר, שעפערישע יונגקייט ביז הונדערט און צוואנציק.

רעדקאָלעגיע און רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד".

---

יאנקעוו שטערנבערג

# שוועסטער מײַנע

פונעם ציקל „ניט פארגעסן"

1

ס׳ברענט א קאנעץ, ס׳ברענט אין הרובע,
און אין קראנקן בעט — א שוועסטער.
ווער זשע פון די אלע פלאַמען —
אין זיין הייליקייט איז גרעסער?

ווער זשע פון די אלע פלאַמען
איז גויראָלעסדיקער, עלטער?
איינגעוועבט אין וואנט א שאָטן
פון קאדמוינים... בענטשט ער? שעלט ער?

ס׳פאלט א שיין... כ׳זע טיש און בענקל,
און א קוואָרט, א טאָפּ א ליימענער,
וואָס פון זיי ביז הייל פון אורמענטש
ציט זיך דין א שטראַל געהיימער.

איך באריר אים... ווי א סטרונע
ענטפערט ער מיט קלאַנגען־ציטער.
אָף דעם שטראָל כ׳שפּיל פאר דער
קראנקער
אין דער נאכט מיט שניי־געוויטער.

ס׳ברענט א קאנעץ, ס׳ברענט אין הרובע,
און אין קראנקן בעט — א שוועסטער.
ווער זשע פון די אלע פלאַמען —
אין זיין הייליקייט איז גרעסער?

## 2

כאַרעווע, אַ שוועסטער מײַנע!
יעדער קרעכץ פון דײַנע ביינער
איז דער ווינט, וואָס פון רויִנען
רײַסט אַרויס די לעצטע שטיינער.

ליג איך, און איך הער דעם שטורעם,
וואָס ער ברומט אין דײַנע גלידער,
יאָגט אַרום דאָרט און צעוואָלגערט —
אָט אַ בייזער, אָט אַ מידער.

שרײַען אויך פון זאַווערוכעס
דיר צוקאָפּנס שטעט פאַרוויסטע:
„נאָר ניט פאַלן אין געראַנגל —
דו, וואָס אונדזער שוועסטער ביסטו!

לײַב פון אונדזער לײַב צעשטערטן —
אונדזער לײַב אַמאָליק שלאַנקן!..״
...הערסט? די גאַנצע וועלט זיך ראַנגלט,
שוועסטער, אין דײַן גוף דײַן קראַנקן.

## 3

ווי אַ וואָלף די נאָז עס טוליעט
צו אַ שויב אין דאָרף און טרויערט,
האָט אַצינד דער פראָסט באַלאַגערט
אונדזער פענצטער און ער לויערט

אפן לײַב פון קראַנקער שוועסטער,
וואָס אין קאָלדרע־דעקן הילט זיך,
און ווי אין באַהעלט'ניש, דאַכט זיך,
מיטן טויט אַזוי זי שפּילט זיך,

ווי געשפּילט זיך מיט איר לעבן,
אונטער שלייערס עס באַהאַלטן
זויבער־ריין און זיך געגליכן
מיט די איידלסטע געשטאַלטן.

שטייט דער פראָסט, אַף רויב הײַנט
וואַרט ער...
אויך דאָס וואַרטן איז אים טײַער.
פּלוצעם גלײַך אים אין די אויגן
טוט אַ זעץ אַ כוואַליע פײַער —

דאָס אַקשאָנעס פון דער יונגפרוי,
אָט די אורקראַפט פון בערייִשעס...
כ'זע אין שרעק, ווי טויט מיט לעבן
שפּילן זיך... די שפּיל ווי הייס איז!

## 4

פאַר דער העל־צעברענטער הרובע,
אָפּגעשלאָסן אין איר איגל,
אײַנגעהילט אין שימער, זיצט זי,
קוקט אין פלאַם, ווי אין אַ שפּיגל.

— זאָג, וואָס זעסטו, שוועסטער מײַנע,
ווען דו טוסט אין פײַער קוקן?
זאָג, וואָס צויבערסטו באַם זיצן
צו דער טונקל מיטן רוקן?

קישעפסטו אַרויס פון פײַער,
רופסט אַרויס פון אָט די פלאַמען
יענע זומער־נעכט אַף לאַנקעס —
מיט די כאַווערטעס צוזאַמען?

יענע נעכט, ווען ס'איז דאָס שטעטל
ווײַט אַהינטער אײַך געבליבן
און גערעדט האָט איר פון פרויען,
וואָס נעקראַסאָוו האָט באַשריבן,

און געזונגען האָט איר לידער,
וואָס באַשערט זיי טפילעס ווערן:
„שטיל די נאַכט, גאָטס שטים דער מידבער
האָרכט, און שטערן רעדט מיט שטערן...״[1]

אָבער ווײ! די זעלבע שטערן
זײַנען דאָך ניט אויסגערונען,
ווען מע האָט פון אײַך אַזויפיל
טויטע אַפן וועג געפונען,

אויסגעטאָן ביז הויל און נאַקעט...
די פאַרשעמטע, די פאַרלענדטע, —
זייער נאַקעטקײַט, מײַן שוועסטער,
זעסטו איצט אין פלאַם צעברענטן?

ס'רײַסט זיך אויס פון דיר אַ יאָמער,
אַף אַ קאָל צעוויינסט זיך ביטער.
ווייס איך, אַז דו קלאָגסט, וואָס לעבן
ביסט געבליבן... כ'טו אַ ציטער.

נאָר איך וואָג ניט עפּעס זאָגן,
כ'האַלט אַף דיר נאָר אין איין קוקן,
ווי אין קרײַז פון דײַנע פרײַנדנס
זיצסט צום כוישעך מיטן רוקן.

## 5

נאַכט. אין טונקל פאַר דער הרובע —
הײַנט איר איינציקער נאָך שפּיגל —
ווי פאַר אופגעברויזטער פיאַנע
זיצט זי אין איר פײַער־איגל.

פרויען נאָר אַזוי, מיר דאַכט זיך,
קענען טרוימען אַף רויִנען...
וואָס די מאַמע ניט דערטרוימט האָט,
טוסטו, שוועסטער, ווײַטער שפּינען.

איך געדענק זי, אונדזער מאַמע,
ווען אַ קראַנקע שוין, אַ בלינדע,
זי פלעג זיצן מיט אַ שמייכל,
גלײַך איר פּאָנעם ווינטלעך לינדע

[1] אַ פערזן פון לערמאָנטאָווס באַרימטער ליד «Выхожу один я на дорогу»

האָבן צאַרט געגלעט און סוידעס
איר אַרײַנגערעדט אין אויער...
ניט פֿאַרשטאַנען האָבן מיר נאָך,
אַז זי שפּילט זיך מיטן טרויער,

ווי אַ קינד זיך שפּילט מיט ליאַלקע,
גיט דער שפּיל צו טויזנט זינען...
וואָס די מאַמע ניט דערטרוימט האָט,
טוסטו, שוועסטער, הײַנט דערשפּינען.

איינמאָל נאָר (דאָס לעצטע מאָל שוין!)
זײַנען מיר באַנאַנד געשטאַנען.
איר געזיכט האָט דאַן געפֿלאַקערט
אין דער שײַן פֿון גסיסע־פֿלאַמען.

לאַנג געראַנגלט זיך, — מיט גוורע
אומגעקערט צו זיך די שיינקײַט:
און ווי צו דער כופּע יונג נאָך,
און ווי פֿון אַ קינד — די ריינקײַט!

פּלוצעם האָבן טרערן גרויסע
זיך צעפּלייצט פֿון אירע אויגן
אַפֿן פּאָנעם, און איר קערפּער
האָט דורך גוואַלד זיך אויסגעצויגן,

ווי דער פּלאַם אַצינד אין הרובע,
וואָס פֿאַר איר, אין טונקלען צימער,
זיצסט, ווי פֿאַר אַ פּיאַנע, שוועסטער,
זיצסט און שפּילסט, געהילט אין שימער.

כאָטש אין דײַנע זיבן איילן
שטילער איז, ווי אין אַ טורעם
אַ פֿאַרלאָזטן, — גרייכט דײַן שפּילן
צו מײַן אויער, ווי אַ שטורעם.

שטיל. דאָס פֿײַער לעשט זיך, שוועסטער,
מיט באַגינען־צאַר טוט גרינען...
פֿרויען נאָר אַזוי, מיר דאַכט זיך,
קענען טרוימען אַף רויִנען.

6

אַף איר אָרט, ווי יעדן אָונט,
אין איר איגל אָפּגעשלאָסן,
עטוואָס אָנגעבויגן זיצט זי,
מיט אַ רויטער שײַן באַגאָסן.

וואָס האָט זי אַזוי פֿאַרקוקט זיך?
וועמען ווידער אין די פֿלאַמען
זעט זי, ווען זי זיצט געבויגן,
גלײַך ווי איבער וויג אַ מאַמע?

7

...סטעפּ. עס טרײַבט די זאַווערוכע
אירע פֿערד די אויסגעדאַכטע,
וואָס זיי בײַסן איינס דאָס צווייטע,
מיט די טלאָען פֿירן שלאַכטן.

און אין סטעפּ — צוויי מענטשן־טעכטער,
נאַקעטע, פֿון היים פֿאַרטריבן...
זיי דערזען — די זאַווערוכע
אַף אַ ווײַל איז שטיין געבליבן.

ס׳דרייען אויס זיך פֿון די שלייעס
אירע פֿערד די אויסגעדאַכטע,
קריכן מער ניט איינס אַף צווייטן,
פֿירן שוין ניט מער קיין שלאַכטן.

און זיי שפּאַנען נאָך דער זעונג:
אַט דעם צאַרטן אומשולד־פֿרילינג
פֿון אין פֿראָסט אַרומגעיאָגטן
לײַב אַנטבלויזטן יונגפֿרוי־צווילינג.

8

ס׳ברענט דער פֿראָסט איצט בלאָ און גרויזאַם
אין דעם שפּיגל פֿון מײַן שוועסטער,
זי — אין סאַמע סטעפּעס־מאַלכעס
צווישן בוג דעם טײַך און דניעסטער.

דאָ איעדער קוסט פֿאַרשטאָכן
האָט זיך אין איר לײַב. צעבלעטערט
איידעס זאָגט, ווי כײַע־מענטש האָט
זיך רעציכיש־ווילד צעוועטערט...

ניט געקוקט גאָר אַף דער זון האָט,
אַף די ריינע מאָרגן־טויען,
אַף דעם פּאַסטעך, וואָס באַהאַלטן
האָט געוויינט אין די פּאַפּשויען,

אַף דער שעפֿע פֿון די טאָלן,
אַף דער העלקײַט פֿון די טײַכן,
אַף דער מילדקײַט פֿון די ברונעמס,
ווען אַ הייב געטאָן די שליאַכן

האָט ער אַף האַריגעס ווילדע —
העק און שאַרפֿע מעסער־בליצן...
ניט די טוווּעס, ניט די וועלדער
ניט געלאָזט האָט פֿאַר אַ שיצונג.

אַט אַזוי איז דורך אַ זומער,
און אַן אָסיען איז פֿאַרלאָפֿן,
און, מיט הויכן שניי פֿאַרשאָטן,
טוט די ערד אַ מידע שלאָפֿן.

און זי האָרכט ניט, ווי די טויטע
כאַפּן אויף זיך אַף די וועגן,
קוקן נאָך דעם שוועסטער־צווילינג
און זיי שושקען זיך און פֿרעגן:

„ווער געוועזן איז זייער טאַטע?
ווער די מאַמע? ווער דער זיידע?“
ווי אַ טײַך עס רוישט דאָס לאָשן
פֿון דער אופֿגעוואַכטער איידע.

יעדעס וואָרט שטייט אויף צום לעבן —
א באַלסימכע און אן אָוול, —
אפן פראָסט מיט בלוט און פײַער
ווערט פארקריצט, ווי אף א טאָוול.

און דורך זיי אינײַנעם הערט מען
ס׳גאנצע פאָלק פארזאַמלט ריידן.
און די רייד, ווי כוואַליעס יאָגן —
איינס מיט צווייטן זיך ניט שיידן.

## 9

הער איך אײַן זיך אין דעם לאָשן
רוישיקן — א טײַך אָן ברעגן.
כ׳מיש זיך אויס מיט די הארוגים,
אופגעשטאַנענע אף וועגן.

כ׳זע אליין מיט מײַנע אויגן
גיין אין שניי דעם שוועסטער־צווילינג
נאקעטן און מיט איין שאַלכל
אפן קאָפּ אָנשטאָט א הילונג.

און איך גיי זיי נאָך פון הינטן,
איבער הרודעס שניי איך היפּער,
און איך שרײַ מיט די הארוגים,
און מיר דאכט, איך שרײַ זיי איבער.

— ווער זשע, — פרעג איך אויך, —
געוועזן איז
זייער מאמע, טאטע, זיידע?

...ווער? אָן עלטערן געקומען
זײַנען זיי אין לאַגער ביידע.

זעכצן יאָר קוים אַלט געוועזן.
ס׳האָט דערפאר דער קאט באפוילן
ביידע שוועסטער, אז זיי זאָלן
זעכצן טעג אין העמד אין הוילן

פאר זײַן גאנעק גיין שפּאצירן,
און די לידער פונעם טאטן,
וואָס א כאזן איז געוועזן
ערגעץ דאָרט אין די קארפּאטן,

זאָלן זיי, ווי סערענאַדעס,
זינגען אים פאר זײַנע פענצטער,
ווײַל אזוי עס וויל דער היגער
האר און אָפיצער דער שענסטער.

ס׳איז א טאָג און צוויי פאַריבער,
האָט געשיקט דער טאַליען זאָגן:
ביז אין טיפער נאכט ער׳ט וואַרטן,
ביז ס׳וועט אָנהייבן צו טאָגן.

מיטן פינגער זאָלן זיי נאָר
קוים די פענצטער־שויב באַרירן,
ער אליין וועט גיין אנטקעגן
און זיי עפענען די טירן.

קיינער וועט פון דעם ניט וויסן,
קיינער וועט פון דעם ניט ריידן.
דאָ, אין גענעם, וועט ער שאַפן
פאר זיי ביידן דעם גאנײַדן...

שטיל און רויִק דעם שאַליִער
האָבן אויסגעהערט די שוועסטער
און געענטפערט: „נעמט און וואַרפט אונדז
בעסער לעבעדיק אין דניעסטער

אָדער שנײַדט דאָס לײַב אף שטיקער —
ס׳וועט אונדז טויזנט מאָל זײַן ליבער".
איז אוועק א טאָג א צווייטער,
און א דריטער איז פאַריבער.

„ניין! — צעלאַכט האָט זיך דער ראָשע. —
כ׳וועל ניט שנײַדן זיי, ניט בראָטן,
אויך דאָס העמד זאָל זיי ניט הילן, —
נאקעט גיין — איז זיי געבאָטן!"

זײַנען זיי געזעסן ביידע
אין איין שאַל פון סאמע לעכער
און געציטערט, ווי אין הארבסט־צײַט
נאַסע פייגל אף די דעכער.

אין דעם קרוע־בלוע־אײַנהיל
האָבן ביידע זיך געטוליעט.
ווער געקוקט אף זיי — געוויינט האָט,
נאָר דער אויסוואורף האָט געהוליעט.

איינמאָל נאָר האָט אים דאָס לאַכן
ווי א שלייף דעם האלדז פארצויגן:
ס׳האָבן ביידע שוועסטער — זעט ער —
אויסגעשטאָכן זיך די אויגן.

ווײַל פאר זיי געוואָרן טאָמע
איז דאָס ריינע לײַב דאָס בלאַנקע,
וואָס פארדעקן עס ניט קענען
אויך די שוואַרצע האָר די לאַנגע...

— — — — — — — — — — — —

טעג נאָך טעג האָבן געשלעפּט זיך,
פײַנפול זיך פארקניפּט אין וואָכן,
ביז א שניי איז אויסגעפאַלן
און א פראָסט האָט אויסגעבראָכן.

האָט מען אין א נאכט אַזוינער
אופגעפראַלט דעם שווערן טויער
און דעם צווילינג כאווע־נאקעט
אַפּגעלאָזט אין קעלט אין בלויער...

## 10

שטיין געבליבן בא דעם טויער
זײַנען ביידע בלינדע שוועסטער,
פלוצעם זיך ארומגענומען,
זיך צעקושט אין פרייד דער גרעסטער.

בלינדע — און עס דאכט, זיי זעען:
מיזרעך, מײַרעוו, צאָפן, דאָרעם...
און זיי נעמען „אונטערפירערכץ"
ביידע זיך אַליין אין אָרעם.

האָט דער ווינט זיי אופגעהויבן,
ווײַט אין פעלד אַרײַן פארטראָגן,
אַז דער ווילדער יעגער זאָל ניט
קענען מערער זיי דעריאָגן.

מאָלט זיך זיי, זיי זײַנען הירשן
פון אַן אויסגעגנייט פּאָרויכעס,
צי פון טאטנס קלויז אין פלאמען
זייער גוף — דער לײַכטסטער רויך איז.

צי פון אופגעטרענטע קישנס,
דאָ איניינעם מיט די שנייען,
איצט די פעדערן זיי זײַנען,
וואָס מיט זיי אין סטעפּ זיך דרייען.

זייער שאַל אַף ביידנס אקסל
ציטערט, פלאטערט, שאַלט געזאנגען,
שפרייט זיך אויס און ווערט א כופּע,
וואָס דער ווינט האַלט, ווי אַף שטאנגען.

און די מיליאָסן שטערן
טראָגן ליכט מיט פלעמלעך שארפע,
נאָר פארגעסן האָבן ביידע,
וויפל מאָל זיך דרייען דאַרף מען.

מער פון זיבן מאָל אוודע,
מער פון זיבן, פערצן, זעכצן...
און פארוואָס זשע קלאָגן, כליפּען
פלייט און באס — און ביטער קרעכצן?

און פארוואָס מע הערט ניט זאָגן
שוין דעם מאזלטאָוו דעם גרויסן —
זיי און אויך דעם פאָלק דעם גאנצן,
וואָס עס טוט זיך שטופּן, שטויסן

ענגער, הייסער און געדיכטער
זיי ארום, ארום, ארומער?
און דעם קיניג דאָווידס פידל,
וואָס געבליבן איז א שטומער?

צײַט דעם קאַלע־טאנץ גיין טאנצן
דאָ אין שנייִקן אינדרויסן —
אַף דער קעלט ארויסגעשטופּטע,
פון דער וועלט ארויסגעשטויסן...

און דעם לעצטן, גרעסטן קויעך
טוען אָן זיך ביידע מיידלעך,
און זיך דרייען אין א וויכער
פון קאַפּאָטעס, טיכלעך, קליידלעך,

טיש און בענק און אלמערס, שטולן,
פריזבעס, גאנעקעס און וויגן,
גאסן, ווו מעכאַדעש זײַנען
די לעוואָנע איצט בלויז ציגן...

לאָמפּן, לײַכטער — גלײַכע, קרומע —
(ס'גאנצע ליים און מעש און זילבער
היימישע — אצינד אין טאָל איז)
לויכטן אזוי אײדל־פּילבאר.

איבער אַלעם דעם דער פלאקער
פון געפלאָכטענע מענוירעס —
ברענענדיקע רעטענישן,
נאָכצודענקען פאר די דוירעס.

טוט דער קאָפּ ווײַ בא די מיידלעך
פונעם לײַכטער־טשאד דעם שווערן,
און זיי נעמען זיך ניט אונטער
איצט פון רעטענישן קלערן.

פלוצעם מיט לאמטערן בלינדן
קומט דער קאברען, און — אויס ליכטער...
גאָר אינמיטן טאנץ די שוועסטער
זעען מער ניט קיין געזיכטער.

און אין פינצטערניש זיי האלטן
ס'קאַלע־טיכל אויסגעדאכטע,
און זיי דרייען זיך און דרייען
מיט די קדושים אומגעבראכטע.

ווילן זיי א קאַלע־ווײַן טאָן,
נאָר געפאלן אין כאלאָשעס
זײַנען זיי, ווי ס'פּאסט פאר קאַלעס,
און שוין גאָרניט מער זיי קאָשע איז...

בא דעם וועג אוועקגעפאלן,
ווו נאָך עמעץ איז געשטאנען
נאקעט... טויזנט יאָר אוודע
דאָ אין סטעפּ איז ער פאראנען.

פון זײַן ציילעם־ברעט דער שמאָלער,
ווו ער הענגט מיט הענט צעשפּרייטע,
זעט ער די צוויי שלאנקע טעכטער
נאקעטע אין פעלד פארשנייטע.

און פארוויינס — אָן אויג פון פײַער
האָט געטאָן א בליק אין פיבער:
ס'איז א וואָלף, וואָס קוקט דאָ איצטער
מיטן נאקעטן זיך איבער...

## 11

זיבן טעג דערציילט מײַן שוועסטער,
זיבן טעג אזוי פארלאָפן.
(אונטער פענצטער אַלץ דער זעלבער
שניי־געוויטער, ווי אַף צאָפן).

און אין לעצטן טאָג, אין אונט,
אײַנגעהילט אין זעלבן שימער,
האָט געגרוט מײַן שוועסטער. צארטער
רו־טאָג האָט געשוועבט אין צימער.

האָב איך שוין געזען: געקומען
איז מײַן ריי אצינד צו ריידן.

זיצן מיר אזוי באם פײַער,
אף זײַן פלאם מיר קוקן ביידע.

כ׳ווייס, אז קלאָרע ווערטער דארף איך
פאר מײַן אויסטערלישער מײַסע...
...ווו פארלאָפן? בא דער וואָלגע.
קיינמאָל נאָך אזוינע ווײַסע

האָב איך ניט געזען קיין שנייען
אין דער שײַן פון א לעוואָנע,
וואָס איר ווילדע שיינקײַט כויזעקט,
לאכט פון הייליקסטער מאדאָנע.

אין די נעכט די העלע, וואכע,
ווען מע האָט דעם זיג געבוירן,
זײַנען מיר דאָ ניט געשלאָפן,
און א נאכט א יאָר פלעג דויערן.

אינעם הויז דעם ניט-באהייצטן,
נאָך אן ארבעטסטאָג א לאנגן,
פײַערלעך — פון איינס צום צווייטן
זײַנען מיר ארומגעגאנגען

ווארעמען די הענט אף פליטקעס,
און אזוי מיט ריין געוויסן,
האנט צו האנט, מיט איין מאכשאָווע —
זיך די „לעצטע נײַס" דערוויסן;

צי באם אָקרעפ זיך געטראָפן
אינעם ערשטן שטאָק אין קיכל,
ווו ארום דעם „קוב" געטריקנט
מ׳האָט א שטיוול צי א שיכל.

און געזעסן אין דער טונקל
זײַנען מענטשן און דערקענט זיך
לויט דער שטים און לויטן פּאָנעם,
ווען דאָס פײַער האָט צעברענט זיך

אין דעם טירל פונעם קעסל,
און ס׳איז ליכטיקער געוואָרן...
זיך געמישט דער ברייטער וואָלגער
דיבער מיטן מאָסקווער קלאָרן.

קריג, סטראטעגיע און פּאָליטיק,
פּאָלקס-לעגענדעס און געשיכטע,
מאטעמאטיק, פילאָסאָפיע,
וועלט, ראסייא, וואָר און דיכטונג...

ווער זשע זײַנען זיי, די מענטשן,
וואָס פון זיי איעדער, יעדער
האָט דאָס פּאָלק אין זיך געטראָגן
אונטער וואטניק, פּעלץ צי לעדער?

פּארטיזאנער? צי שעליכים
וויכטיקע, נאָר פראָסט פארשטעלטע?
ווער זשע זײַנען זיי — די אלע
מיט א גרויסער שײַן באהעלטע.

וואָס מיט זיי איך בין געזעסן
און מיט זיי געוואכט, געשלאָפן?
איינס מיר קלאָר נאָר: איך מיט רוסלאנדס
גאָלדן הארץ האָב זיך געטראָפן.

אין די נעכט דאָרט בא דער וואָלגע,
ווען מיט שנייען א פּארוויטע
רוסלאנד האָט פאר וועלט געבלוטיקט,
שלאָגן זיך ביז טויט א גרייטע...

— — — — — — — — — — —

איך דערצייל... מײַן קראנקע שוועסטער
אויסגעגליכן איז געזעסן,
און בא אירע לײַדן שווער איך:
קיינמאָל, קיינמאָל ניט פארגעסן!

מ ײַ ע ר   י ע ל י ן

# פֿינף מינוט נאָך צוועלף

די רעגירונגס־קרײַזן פֿון באָן קלײַבן זיך אָנ־
הייבנדיק פֿונעם 8 מײַ 1965 באַטראַכטן די היט־
לעריסטישע פֿאַרברעכנס אַלס פֿאַרעלטערטע און
מער ניט באַשטראָפֿן די קריגס־פֿאַרברעכער...
(פֿון דער פּרעסע)



אָס נעענטער צו דער „שלוס־דאַטע", אַלץ זעלטענער האָבן זיי זיך געענ־
מען באַווײַזן... ביז זיי האָבן בכלל אויפֿגעהערט קומען.

גאָטהאָלד צור לינדע, דער פֿאַקטישער באַלעבאָס פֿון דער ווילע אויף אַריִער־וועג, 9 און דער איינציקער באַל־דייע אין דער מישפּאָכע צור לינדע, האָט זיי גוט פֿאַרשטאַנען, באַנומען זייער לאַגע... פֿונדעסטוועגן האָט אַ ווערעמל פֿון פֿאַריבל אים געגנאָגט: יאָרנלאַנג זײַנען די טירן פֿון זײַן סאַלאָן געווען ברייט אויפֿגעפּראַלט פֿאַר אָט די מענטשן. מע האָט צוזאַמען פֿאַרבראַכט אי פֿריידיקע שאָען, אי דורכגעלעבט ניט ווייניק רעגעס פֿון מוירע. אין די אָוונטן פֿלעגט מען זיך ביז שפּעט פֿאַרזיצן באַם טעלעוויזאָר, באַ די קאָרטן־טישלעך, געזופּט שטאַרקע קאַווע און זיך געקוויקט מיט די אַאודיציעס פֿון דער ראַדיאָסטאַנציע „פֿרײַע איראָפּע", דיסקוטירט וועגן דײַטש־לאַנדס פֿאַרגאַנגענהײַט און צוקונפֿט, אויפֿגעשטעלט נײַע פּלענער צו ראַטעווען דאָס פֿאָטערלאַנד...

ס'האָט זיך געהאַט אײַנגעשטעלט אַ טראַדיציע צו באַגעגענען באַ גאָטהאָלדן נײַ־יאָר. באַ אים פֿלעגט מען הוליען, טומלדיק פֿאַרברענגען די ערעוו־פּייסעך־צײַט מיט אירע מאַסקאַראַדן און קאַרנאַוואַלן... ער האָט ניט געקאַרגט: די שפּײַזן זײַנען שטענדיק געווען ערשטקלאַסיק, די געטראַנקען — ספּעציעל אָפּגעקליבן און שטאַרק. וויפֿל פֿלעגט ער אויסגעבן בלויז אויף פּרעסע און דרוק־זאַכן! פֿאַר די פֿרויען אויסגעשריבן די טײַערסטע אויסלענדישע שטוב־ווירטשאַפֿט־ און מאָדע־זשורנאַלן. פֿאַר די מענער — פּיקאַנטע איליוסטרירטע אויסגאַבעס. אַ ביסעלע עראָטיק, אַ ביסעלע פּאָרנאָגראַפֿיע — צו פֿאַרשײַנען די גרויע אַלטעגלעכקײַט.

און אָט, אַז עס רוקט זיך אָן דער לאַנג דערוואַרטער טאָג... ווערט מיטאַמאָל נעלעם דער לאַנגאָטש, דער אַלטער באָכער און לײַדיקגייער ערווין פּעטערס, פֿאַר וועמען אַריִער־וועג, 9 איז געווען אַ צווייטע היים און זײַן, גאָטהאָלדס, פֿרוי — אַן אומצווייפֿלהאַפֿטע „סימפּאַטיע". וואָס איז די סיבע? צי האָט ער זיך פּלוצעם דערמאָנט אין די שטורמיש פֿאַרבראַכטע יאָרן אויפֿן מיזרעך? אָדער ס'איז פֿאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס ער, פּעטערס אַליין, ווייסט נאָר? ווי עס זאָל ניט זײַן, איז דער „לאַנגער פּעטער" פֿאַרשוווּנדן מיט אַ טערעך: ער האָט באַקומען אַן אײַנלאַדונג צו אַ טור־ריסטישער רײַזע איבער די בײַערישע אַלפּן — דער לעצטער פֿעסטונג פֿונעם אונטערגייענדיקן דריטן רײַך...

אַנדערש האָט געמאַכט פֿלייטע דער צווייטער אַלטער באָכער פֿון צווישן גאָטהאָלדס שטענ־דיקע געסט, דער קליינוווּקסיקער, אײַנגעשרומפּענער דאָקטער רײַנע. ער האָט פֿאַרגעסן דעם „זײַ־געזונט". קענטיק, אַז די פּראַקטיק פֿון אַן עסעס־דאָקטער האָט שוין אינגאַנצן צעשטערט זײַן רו און גלײַכגעוויכט. שטייט טאַקע איצט לײדיק זײַן באַליבטער דריי־שטול, פֿון וועלכן ס'איז אים געווען באַקוועם צו קערן און ווענדן זיך אין אַלע זײַטן, צילנדיק דערבײַ אין אַלעמען מיט זײַנע אויגן — רויטלעכע און צעשראָקענע, ווי באַ אַ האָז.

און דער צירלעך־מאַנירלעכער שול־אינספּעקטאָר יאָאַכים שולצע און זײַן עלעגאַנטע פֿרוי, וועמעס מוסטערהאַפֿט צוזאַמענלעבן ציט זיך נאָך פֿון דער געמיינזאַמער דינסט אין די קאָנצ־

לאגערן, — ווו זײַנען זיי אהינגעקומען? וואָס אזוינס אויסערגעוויינלעכס דריקט דער געוויסן פון אָט די צווײ טײַבעלעך?

עס ווײַזט זיך אויך ניט דער אײַנגעהאַלטענער, געלאַסענער יוסטיץ־ראַט קאַרל פאָן טרעפּאָוו. לאָזן אים מער ניט רוען די אורטיילן, וואָס ער האָט ארויסגעטראָגן, בייס ער איז געווען ריכטער אינעם דריטן רײַך? מאָדנע, די ביז־איצטיקע דערפאַרונג ווײַזט דאָך, אז קיין גרויסע געפאַר דראָט ניט אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד אזוינע מענטשן. פונדעסטוועגן האָט ער פּלוצעם זיך געכאַפּט קלאָגן אף דער לעבער, גערעדט וועגן אורלויב און קור־ערטער...

ס'איז קלאָר: אלע, אלע האַלטן זיי זיך באַם קלאַל, אז גאָט היט דעם, וואָס היט זיך אליין. דערצו זאָגט נאָך אַן אַלט שפּריכוואָרט: „אלץ פאַרשטיין — הייסט פיל פאַרגעבן". גאָטהאָלד צור לינדע פאַרשטייט, ער איז מויכל, און דאָך האָט ער פאַריבל אף זײַנע אַלטע, אזויגערופענע גוטע־פרײַנט. ווו איז די קאַמעראַדשאַפט פון קעמפער פון איין „בלוט־אַרדען"? די שיף טרינקט זיך ניט, און זיי, ווי די מײַז, זײַנען זיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק אף גאָטס באַראָט א קאַמפּס־כאַוער. זיי ווייסן דאָך ניט, אז ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט א טעכניש פּולקומע באהעלטעניש, ווו ער קאָן צו יעדער מינוט פאַרשווינדן. דראָט א געפאַר? טאָ וואָרנט א פרײַנט! איז ניין. אַנטלויפן זיי, וועט מע זעט באַשײַמפּערלעך, אז פאַר די מאַכט־אָרגאַנען דאַרף מען ניט מוירע האָבן. עמעס, אונטערן דרוק פון דער אזויגערופענער עפנטלעכער מיינונג, וואָס ווערט באַווירקט פון קאַריעריסטישע זשורנאַליסטלעך, ווערן לעצטנס אָפטלעך פאַרפירט פּראָצעסן. מע נעמט זיך צו געוויסע פּאַר־שטייער פון עסעס. דער אורטייל איבער הימלערס אַדיוטאַנט, דער מישפּעט אין פראַנקפורט איבער די אָשווענטשים־אָנגעשטעלטע איז א וואָרענונג... ס'איז טאַקע אומבאַקוועם אויסצובײַטן א ווייכן פּאָטעל אף דער האַרטער באַשולדיקונגס־באַנק, אָבער די וואַרשײַנלעכקײַט געטראָפן צו ווערן איז דאָך גאָר ניט אזוי גרויס, מע זאָל מעגן וואָרפן א פרײַנט און אַנטלויפן. סײַדן זיי האָבן בעשײַטע ניט געאַרבעט גענוג גרינטלעך: געלאָזן לעבעדיקע אײדעס, ניט פאַרווישט אלע שפּורן...

צוליב דעם פאַריבל, אויך צוליב טאַקטישע מאָטיוון האָט גאָטהאָלד ניט טעלעפאָנירט צו קיינעם פון זײַנע פרײַנט.

דערווײַל האָט דער קאַלענדאַר פאַרלאָרן נאָך א בלעטל, און אָט איז שוין דער זיבעטער מײַ 1965.

אין דער קיך אף אריער־וועג, 9 האָט מען, ווי שטענדיק, דערוואַרטנדיק א יאָמטעוודיקן אופנעם פון געסט, פון באַגינען אָן געקאָכט, געבראָטן, געבאַקן.

הילדעגאַרד, פאַרוואונדערט פונעם מאַנס פּאַראָרדענונג גרייטן פונעם שענסטן און בעסטן, האָט א פרעג געטאָן:

— גאָטהאָלד, צו וואָס אזאַ פאַרנעם?

— איך פאַרזיכער, ס'וועט זײַן די גאַנצע געזעלשאַפט. אלע, אויך דער צווייטמעטערדיקער דראַנג.

— דו ביסט שטענדיק בא אונדז גערעכט, — איז מאַסקים געווען הילדעגאַרד און פאַרשול־דיקט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס האָט זי זיך ווידער פאַרטיפט אינעם קאָכבוך. אויב עס וועט זײַן באַשערט צו פײַערן היינט אָוונט, וויל זי א גלאַנץ טאָן מיט איר קונסט.

פריש ראַזירט, אָנגעפּאַרפומט, אָנגעטאָן אין א העל־ברוינעם לײַכטן שטוב־רעקל און א ווײַסן אויבערהעמד, — איז גאָטהאָלד פון באַגינען געווען אף די פיס. צוערשט קאָנטראָלירט די באַהעל־טעניש: צי דער מעכאַניזם פון די פּאַרמאַסקירטע אַרײַנגאַנג־טירלעך אַרבעט ווי געהעריק, צי די ווינדע פירט אין אונטערערד אַראָפּ, צי דער געהיימער ארויסגאַנג פאַר א נויטפאַל איז אין אָר־דענונג...

אַרופגעקומען פון קעלער, איז זײַן ערשטער באַזוך געווען אין סאַלאָן. דאָ, אף זײַן אָרט באַם עלעקטרישן קאַמין, איז געזעסן דער פאָטער — קסאַווער צור לינדע — א ציטיקער, גרײַז־גראָער אַלטיטשקער, און, ווי געוויינלעך, מיט זיך אליין געשפּילט אין דאַמינאָ — פאַר דער לינ־קער און רעכטער האַנט.

— גוט־מאָרגן, פּאַפּאַ!

אַנשטאָט צו ענטפערן אף דער באַגריסונג האָט דער אַלטער געשטעלט זײַן אַלטעגלעכע פראַגע:

— די דיווידענדן פליסן אַרײַן רעגולער?

— אָ, יאַ, יאַ, — איז אויך דאָס מאָל געווען גאָטהאָלדס ענטפער.

— איז גוט, גוט! ווײַטער מאַכן! — האָט דער אַלטער שוין געוואָלט פאָרזעצן זײַן שפּיל, נאָר פּלוצעם גענומען שמעקן די לופט: — אלץ איז הערמעטיש? אונדזער גאַז איז עפעקטיוו!

— אין דער קיך איז הײַנט לעבעדיק, — האָט גאָטהאָלד באַרויִקט דעם פֿאָטער און אין זיך געטראַכט: גערעכט דער אַלטער. זײַן מיט יאָרן צוריק געגרינדעט כימיש פֿאַבריקל איז עפֿעקטיוו ביז הײַנט. אין דעם פֿיורערס צײַטן אָפּגעקויפֿט דורך דער „דײַטשישער אונטערנעמונג צו באַקעמפֿן שעדיקער“, פֿאַרזאָרגט עס די גאַנצע מישפּאָכע צור לינדע אַ לעבן־לאַנג. זייער פֿאַבריקל... איצט אײַנגעגלידערט אין דער מאַסקירטער אונטערנעמונג „גאַז־פֿליטעס־געזעלשאַפֿט מיט באַגרענעצטער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט“...

— אַזוי, אין דער קיך. לעקאָוועד דער פֿײַערונג... מײַן בעסטער זון, — איז דער אַלטער געווען איבערגליקלעך, וואָס גאָטהאָלד שמועסט מיט אים, — איז עס ווירקלעך אַזוי, אַז פֿון מאָרגן...

— פּאַפּאַ! כ׳האָב דיך טויזנטער מאָל געוואָרנט, אין אונדזערע אינטערעסן וואָרן איך דיך נאָכאַמאָל: מיט פּאָליטיק זיך ניט פֿאַרנעמען!

דער אַלטער איז, ווי אַ באַשטראָפֿט קינד, באַליידיקט צוגעפֿאַלן צום טישל און צעמישט די דאָמינאָ־קלעצלעך.

ניט לייגנדיק קיין אַכט אַפֿן געשפּרעך צווישן איר מאַן און איר זון, האָט די אַלטע אילזע צור לינדע, אַ הויכע, אַ מאָגערע, פֿאַרפֿינצטערטע פֿרוי, געטאָן דאָס אייריקע — איבערגעביטן בלומען אין אַ וואַזע, וואָס איז געהאַנגען אונטער אַ גרויסן אייל־בילד: אַ בלאָנדער יונג מיט אַ פֿרעכן בליק און קרומלעך פֿאַרביסענע ליפּן האָט אַרויסגעקוקט פֿון אַ דיקער טרויער־ראַם.

— ריכאַרד, אָרעם זונעלע מײַנס, — האָט די זקיינע געסקריפּעט מיט איר טרוקענער שטים, — ווען דו נעמסט זיך ניט דאָס לעבן... מאָרגן וואָלסטו שוין געווען אַ בירגער מיט אַלעמען גלײַך. פֿופֿציק יאָר וואָלט דיר אין אווגוסט געוואָרן. וואָלסט געהאַט אַ פֿרוי, קינדער... און פֿאָרגעזעצט די אַדעליקע פֿאַמיליע צור לינדע...

די אַלטע האָט זיך צעוויינט. גאָטהאָלד האָט זי צאַרט באַרויִקט:

— מע טאָר אַזוי זיך ניט ערגערן, מאַמאַ. מע טאָר ניט...

— זאָג עס, זאָג עס נאָכאַמאָל, — האָט זי זיך געווישט די טרערן, — טרייסט דײַן אָרעמע מוטער. גאָטהאָלד, מײַן קינד, וואָס וועט זײַן מיט דײַן ערנעזן?

גאָטהאָלד איז ווי פֿאַרשטיינט געוואָרן. די אַלטע, ניט באַמערקנדיק עס, האָט ווײַטער געטײַנעט:

— האַ? וואָס קאָן זי וויסן וועגן דיר, וועגן ריכאַרדן, וועגן אַדאַלבערטן? ווײ, ווײ, מיר האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל אויסקויפֿן אונדזער אַלעמענס שולד... טאָג און נאַכט ליגט זי אָפּ אין די קאַפֿע־הײַזער, שלעפֿט זיך אַרום איבער די טאַנץ־לאָקאַלן, טאַנצט נאָר מיט ייִדן און נעגערס און האָט צו טאָן מיט אַ שוואַרצן פֿון די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן... בררר... גאָטהאָלד, מײַן זון, דער פּאַפּאַ זאָגט, אַז פֿון מאָרגן אָן ווערן אַלע זינד פֿאַרגעבן. וואָלסט געדאַרפֿט זוכן פֿרידן מיט דײַן טאָכטער, מיטן אייניציקן אָפּשפּראָץ פֿון אונדזער אַדעליקן שטאַם. מיט גוטן, מיט גוטן, קינד מײַנס, וועט זי פֿאָלגן.

— מאַמאַ! — האָט גאָטהאָלד אויפֿגעכאַפּט זיך ווי פֿון גליוועת, אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט, ווי מיט אַ האַק, — איך האָב ניט מער קיין טאָכטער!

אים איז אײַנגעפֿאַלן, אַז מיסטאָמע אויס מוירע פֿאַר ערנען האָבן זײַנע פֿרײַנט אים גענומען אויסמײַדן. ער איז נאָכאַמאָל אוועק קאָנטראָלירן, צי ס׳עפֿנט זיך לײַכט דער אַרײַנגאַנג אין דער באַהעלטעניש. פֿאַרייִנס אויסגעפּרוּווט דעם לופֿט־צופֿלוס אין דער אונטערערד.

ער האָט געזוכט אַ באַשעפֿטיקונג, ס׳זאָל לײַכטער זײַן אַדורכצושטופּן דעם לעצטן, סאַמע קריטישן טאָג. ער האָט אײַנגעשלאָסן די שײַן אין דער קאַרניזן־באַלײַכטונג פֿונעם סאַלאָן און איבערגעביטן אייניקע רערלעך, וואָס פֿלעגן פֿאַרשפּעטיקן אָנצוצינדן זיך, אַרײַנגעדרייט העלערע לאָמפּן אין די בראַקעטן בײַ די סאָפֿעס, אין די טאָרשערן איבער די קאָרטן־טישלעך. אויסגעפּרוּווט די אײַנריכטונג פֿון קאָנדיציאָנירטער לופֿט. אויך הײַנט וועט מען דאָך ביז צוועלף באַנאַכט זיצן בײַ פֿאַרמאַכטע פֿענצטער. און אין דרויסן איז וואַרעם, מײַ.

אַרומנישטערנדיק אַזוי איבער ביידע שטאָקן פֿון דער ווילע, האָט ער פֿאַרבלאָנקעט אַפֿן בוידעם און אָן עפֿן געטאָן די טיר פֿון אַדאַלבערטס מאַנסאַרדע־צימערל.

זײַן ברודער, אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער, האָט, ווי שטענדיק, עפּעס געמײַסטערט בײַ אַן אָנגעוואַלגערטן טיש מיט אײַזנוואַרג און שלאָסערײַ־אינסטרומענטן.

אַפֿן סקריפּ פֿון דער טיר האָט אַדאַלבערט אויפֿגעצאַפּלט און אויסגעשטרעקט צום אַרײַנגעקומענעם אַ רער מיט צוגעפּראַוועטע צו איר ווענטילן און קלאַפּאַנעס, ענלעך אויף אַ פּאַגאָט.

— אַ האַרמאַט! פּיף־פּאַף! — האָט גאָטהאָלד אַ שפּאַס געטאָן, וועלנדיק דערמונטערן זײַן גײַסטיק קראַנקן ברודער. שוין לאַנג האָט ער אים ניט געהאַט באַזוכט.

אָבער אַדאַלבערט האָט פינצטער אָנגעקוקט דעם אַרײַנגעקומענעם, און זײַנע הענט, פאַר־קראַמפטע אַרום דער רער, האָבן קאָנוואָלסיוו גענומען ציטערן. אין אַ ווינקל פון מויל האָט זיך געבלעזלט שפּײַעכץ... גאָטהאָלד האָט פאַרקלאַפּט די טיר און, איבעריהיפּנדיק טרעפּלעך, האַסטיק אַראָפּגעלאָזט זיך אין שטוב.

— גאָטס אָנשיקעניש, — האָט ער אַ מרוקע געטאָן. ער האָט זיך ווידער איבערצײַגט, אַז דאָס דינען אין דער עסעס־דיוויזיע „טויטנקאָפּ“ האָט דעם ברודער געקאָסט זײַן קלאָרן זין. קאָנ־טיק, אַזוינס זיך אָנגעזען... דעם לעצטן שאָק האָט ער אָבער באַקומען פונעם נירנבערגער פּראָ־צעס. ווען דער דיקטאָר פון ראַדיאָ האָט גענומען מעלדן די אורטיילן: „טויט דורך הענגען פאַרן האַלדז“, „טויט דורך הענגען פאַרן האַלדז“, האָט אַדאַלבערט גענומען וואָיען. שוים האָט אַ זעץ געטאָן פון זײַן מויל. מיט יעדן הענט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדז, ווי געוואָלט פאַנאַנ־דערײַסן אַן אומזעבאַרן, שטיקנדיקן שלייף. ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן און זיך גענומען דרייען, דרייען אַף איין אָרט, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אין כאַלאַשעס... פון דאַן אָן האָט ער זיך אָפּגעזונדערט אינעם מאַנסאַרדע־צימערל, ווו דער פאָטער האָט אַמאָל אײַנגעאָרדנט אַ כימיש און מעכאַניש וואַרשטאַטל. ער האָט זיך געמאַכט אַ הויכן קראַגן פון שטײַפן בלעך, און ווען ס'באַפאַלט אים טויט־שרעק, טוט ער אָן דעם דאָזיקן קראַגן.

„אַ שוואַכלינג. אַלעמאָל געווען אַזאַ“, — האָט געפּאַסקנט גאָטהאָלד און ניט געקאָנט זיך שענקען, האַלעמײַ ער האָט אים גאָר אַרײַנגעצויגן אין דער עסעס.

נאָכן שלימאַזלדיקן באַזוך אַפן בוידעם האָט גאָטהאָלד קאָנטראָלירט די פּאַטאָ־עלעמענטן באַם אײַזערנעם צוים־מויערל פונעם גערטנדל פאַר דער ווילע. באַטאָג צי באַנאַכט, שטענדיק סיגנאַליזירט די דאָזיקע אײַנריכטונג, אויב עמעצער פאַרהאַלט זיך באַם אַרײַנגאַנג.

און אַזוי איז ענדלעך דער טאָג פאַרבײַ.

אויסער דעם שטאַרקן רייעך פון זשאַסמין, האָט די אָוונט־דעמערונג אָנגעווייעט אין דער שטילקײַט פון די ווילע־צימערן אַ גרויען אומעט. דער אומעט איז אַלץ מער איבערגעוואַקסן אין אַן אומרו. עפּעס האָט מען דאָ דערוואַרט. עפּעס האָט דאָ געזאָלט געשען.

אַ טעלעפאָן־קלונג האָט צעבויטעט די מאָרעשכוירעדיקע שטילקײַט. גאָטהאָלד האָט אופגע־הויבן דאָס טרײַבל.

— העלאָ, פּאַ! — האָט אופגעהודעט אין דער מעמבראַנע ערנעס שטים. — קאָנסט מיך באַ־גריסן. מיר האָבן זיך מיט דזשאָנין הײַנט פאַרעגיסטרירט, און אין עטלעכע מינוט אַרום פאָרן מיר אָפּ פונדאַנען. אין זײַן הײמאַט. גרוסן דער פראַו מאַמאַ, דער אַרעמער גראָסמוטער. אַדיע, הער שטורמבאַנפיורער!

— וואָס איז, וואָס? — האָט הילדעגאַרד, דערזעענדיק, ווי איר מאַן האָט אַ שלײַדער געטאָן דאָס טרײַבל אַפן אַפּאַראַט, כוישעד געווען עפּעס ניט גוטס.

— גאָרניט! געשעפטלעך... — האָט גאָטהאָלד געענטפערט.

הילדעגאַרד האָט אים נאָכגעקוקט אַזוי, ווי זי וואָלט זאָגן: „אומזיסט וואַרטן מיר. קיינער וועט ניט קומען“.

גאָטהאָלד האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן די שטוביקע ענגשאַפט. ס'האָט אים אַרויסגע־טראָגן אַפן הויף.

איבער די פענצטער פון דער ווילע זײַנען געווען אַראָפּגעלאָזט די זשאַליוזי־לאַדנס. אַזוי, אַזוי, מע דאַרף זיך צוריקהאַלטן, פירן זיך באַשיידן, ניט ציִען קיין אופמערקזאַמקײַט. ניט וואַרפן זיך אין די אויגן. ווי ריכטיק ס'איז געווען, וואָס ער איז ניט צוגעשטאַנען צו אַ וועלכן־ניט־איז פּאַ־רײַען פון „געוועזענע“, ניט רעאַליזירט קיין איינעם פון די ברילײַאַנטן, וואָס ער האָט דערוואָרבן אין צײַט פון קריג. ער איז ניט געפאָרן אין קיין קור־ערטער, ניט געפלירטעוועט מיט פרעמדע פרויען. נאָכן פאַל מיט אייכמאַנען האָט ער זיך נאָך מער איבערצײַגט, ווי וויכטיק עס איז אויס־צומײַדן ראָמאַנטישע אינטריגעס. אַ ביסעלע דאַרף מען אָפּוואַרטן. טאַקע בלויז אַ ביסעלע גע־בליבן. ביז צוועלף באַנאַכט. ביז מאָרגן. אַמאָל הייבט זיך דאָס לעבן ווידער אָן צו צוויי און פופ־ציק. ער האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אַף אַ יונגיטשקער העלהאָריקער בלומען־פאַרקויפערן מיט זאַפטיקע ליפּן און אַ פוקלע קערפּערל...

ס'איז שטיל, רויִק אַרום. אומזיסט די מוירע, אַז עס קאָן עפּעס געשען האַרט פאַר צוועלף... פון דאַך ביז דער ערד איז זײַן ווילע באַהאַלטן אין געדיכטע צעבלעטערטע ווילדע ווײַנטרויבן. צו וואָס דער אומרו, די נערוועזע שפּאַנונג? שטיל, רויִק טוקן זיך אין גרינס די ווילעס פונעם שטאָטישן אַדל אַף דער גאַס, וואָס האָט איר אַלטן נאָמען „גרינער וועג“ געביטן אַפן זינפולן „אַריִער־וועג“, נאָך דעם, ווי דער לעצטער אײַנוווינער פון צווייפלהאַפטן ראַסישן אָפּשטאַם איז פונדאַנען אַרויסגעהויבן געוואָרן.

אַלץ, אַפּילע דער נאַציִשער נאָמען פון דער גאַס, איז בעשאָלעם איבערגעקומען די צוואַנציק געפאַרפולע נאָכמילכאָמע־יאָרן. אַלץ... ס'זײַנען געבליבן די זעלבע אײַזערנע צוימען פון די גערטנדלעך פאַר די הײַזער, די זעלבע זאָרגעוודיק אַרומגעשוירענע דעקאָראַטיווע קוסטעס און ביימער, די זעלבע קאַשטאַן־ביימער לענגויס ביידע זײַטן גאַס, בלויז מיט פולערע קרוינען, ווי זיי וואָלטן נאָכגעמאַכט די מאָדערנע אויפגעפּוישטע פרויען־פריזורן... אַלץ איז געבליבן אומבאַריִרט. פאַרשוווּנדן זײַנען בלויז די ראָמאַנטישע גאַז־לאַמטערנס, וואָס פלעגן אָנפילן די באַנאַכטיקע גאַס מיט אַ געלבלעכער שײַן. זיי זײַנען פאַרביטן געוואָרן אויף שלאַנקע, גראַדליניקע לאָמפּן מיט בלוילעך־לײַכטנדיקע נעאָן־רערלעך. און ווער קאָן גאָר כוישעד זײַן, אַז אינווייניק, אין די דאָזיקע פאַרעלטערטע, שפּיצדאַכיקע הײַזער האָט מען אַזוי קונציק אײַנגעשפּאַנט די לעצטע דערגרייכונגען פון דער טעכניק, זיי זאָלן באַפרידיקן קאָלערליי גלוסטעניִשן און נויטן פון מענטשן...

אינווייניק איז דער אַמאָל פאַרשוווּנדן. זײַן איינציקע איבערבלײַבעניש, דער אַלטערטימלעכער, אין אַ געשניצטן קאַסטן אײַנגעראַמטער שוואַרצוואַלדער זייגער האָט געגעבן פיר דומפּע צייכנס, אָנזאָגנדיק אַ פולע שאָ, און דאַן גענומען אויסשלאָגן „צען“.

צו די דאָזיקע קלאַנגען איז טייקעף צוגעשטאַנען דער ראַדיאָ־הילכער. די סטאַנציע „פרײַע אייראָפּע“ האָט טראַנסלירט די לאַנג דערוואַרטע מעלדונג, פון וועלכער גאָטהאָלד האָט געשלונגען יעדעס וואָרט: „הײַנט האַלבע נאַכט טרעט אַרײַן אין קראַפט דאָס פאַרעלטערונגס־געזעץ פאַר אַלע... מיטבאַטייליקטע אויך אין דער טעטיקײַט פון עסעס, עסדע, געסטאַפּאָ... מיט אָט דער „שלוס־דאַטע“ ווערט פאַרענדיקט אַ קאַפּיטל... ווערט געעפנט אַ נײַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דײַטשלאַנד... ווי פולבאַרעכטיקטע בירגער ווערן צוריקגעקערט צום פאָלקס־לעבן...“

ס'האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן.

— האַלאָ, גאָטהאָלד! — איז דער לאַנגער פעטער זייער האָפערדיק געווען. — איך האָב די ערע... צוריקגעקומען פון דער רײַזע פונקט צו דער צײַט... האָפנטלעך, איז מיר נאָך דערלויבט אַריבערטרעטן די שוועל פון דײַן הויז...

נאָך אים האָט מיט אַ ריזיקן בוקעט בלוט־רויטע טולפּאַנען זיך אָנגעמאָלדן דירעקט אין שטוב אַרײַן דער צווייטער אַלטער באָכער, דאָס קליינע דאָקטערל רײַנע.

און אַזוי זײַנען אַראָפּגעקומען אַלע שטענדיקע געסט, אַלע, ווי גאָטהאָלד האָט פאָרויסגעזען. אַלע אין שוואַרצע אָנצוגן, אין שניי־ווײַסע אויבערהעמדער, פײַערלעך געקליידט, אויך פײַערלעך געשטימט. בלויז אַ ביסל אָנגעצויגן.

שווײַגעוודיק־צוריקגעהאַלטן, פילנדיק זיך שולדיק פאַרן באַלעבאָס, האָט איטלעכער פאַרנומען זײַן באַליבט אָרט. בלויז דאָקטער רײַנעס דריי־שטול איז געבליבן פרײַ. דער דאָקטער האָט זיך באַשיידן פאַרוקט אין אַ ברעג פון דער האַלברונדער סאָפע.

דער שול־אינספּעקטאָר שולצע האָט זיך צוגעכאַפּט צו זײַן ליבלינג — דעם אַלטערטימלעכן זייגער. ער האָט גענומען ריידן וועגן די עלעמענטן פון דער שוואַרצוואַלדער נאַטור אין דער אָרנאַמענטיק פונעם זייגער־שראַנק, געפונען אין דער רײַכער שניצונג אַלעגאָריעס אַפן לעבן, אָנגערעגטע דורכן גערמאַנישן בלוט, וואָס האָט געשפּײַזט די פאַנטאַזיע פונעם מײַסטער.

מיט זײַנע אויספירן האָט דער שול־אינספּעקטאָר צוגעצויגן בלויז די אויפמערקזאַמקײַט פון די פרויען. די מענער האָבן זיך בעסער צוגעהערט צום יוסטיץ־ראַט פאָן טרעפּאָוו, וועלכער איז, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פון מויל איז בא אים די גאַנצע צײַט אַראָפּגעהאַנגען אַ ציגאַר, געווען דעם אָוונט ביז גאָר באַריידעוודיק.

— איר פאַרשטייט, מײַנע הערן, הײַנט צוועלף באַנאַכט!.. דער פרינציפּ פון פאַרעלטערונג... ער כאַפּט אַרום אַלץ און אַלעמען. די לעבעדיקע און טויטע. קיינע געריכטלעכע פאַרפאָלגונגען, מײַנע הערן, קעגן קיינעם מער! אַן עק צו די פּראָצעסן, וואָס האָבן פאַרשוואַרצט דײַטשלאַנדס פּאָנעם און אָנזען!

דערווײַל האָט מען אַרײַנגעפירט אין סאַלאָן טישלעך מיטן אָוונט־ברויט. אין גאַנג זײַנען אַוועק די סאַמע טײַערסטע סערוויזן. אַנטיקע גאָפּל־מעסער, קרישטאָלענע קעלישקעס און בעכערס. גאָטהאָלד האָט געעפנט אַ פלאַש קאָניאַק מיט אַן אויפשריפט, וואָס איז ווערט באַוווּנדערט צו ווערן: „אײַנעם אָוונט פון אַדאָלף היטלערס קומען צו דער מאַכט איז אָט דער דײַטשישער ווײַנבראַנט אַראָפּ אין קעלער“.

— מײַנע הערן, — האָט ער אויפגעהויבן דעם ערשטן בעכער, — מיר, וועלכע געפינען זיך דאָ, האָבן אויסגעהאַלטן דעם אויספּרווו. געוווּסט איינער וועגן צווייטן ניט ווייניק, און קיינעם פון אונדז האָט עס אויף קיין האָר ניט געשאַדט. ווי דער פעניקס־פויגל, שטייען מיר אויף פונעם אַש, באַנײַטע... יאָ, מײַנע הערן. אונדזער אַמאָל האָט געהאַט עפּעס אַזוינס, ריינס און דערהויבנס... נאָכאַמאָל ווערן באַשטעטיקט דעם זעליקן פירערס ווערטער, אַז די, וואָס פאַרקערפּערן די ווערט

פון ראסע און פערזאָן, די, וואָס היטן אָפ די ריינקײַט פון זייער גײַסט און בלוט, וועלן מיט א מאטעמאטישער געזעצמעסיקײַט קומען צו דער מאכט!

די ארומיקע, מיט די בעכערס אין די הענט, געווענדט צו גאָטהאָלדן, האָבן אויסגערופן „הײַל", „וואָלאוף", „האָך".

דער אלטער צור לינדע איז אופגעשפרונגען, באגײַסטערט אויסגערופן:

— פראָזיט, נײַ־יאָר!

מע האָט געלאכט. שוין לאנג האָט מען דאָ ניט געלאכט אזוי געשמאק. מע האָט געטרונקען, געגעסן. די געטראנקען און שפײַזן זײַנען בעעמעס געווען אויסערגעווײנלעך. דער לאנגער פעטער האָט פארנומען דעם פרײַען דריי־שטול און איז איצט, קערנדיק און ווענדנדיק זיך אין אלע זײַטן, געוואָרן דער הויפט־רעדנער. געוואָרפן זיך אין מויל שטיקער פיש, מארינירטע אין האָלענדישן מאיאָנעז, און געברײַעט וועגן „קריסטלעכן מײַרעוו", ווען עס פעלט דער אײַזערנער פויסט. דאָס אלץ איז פאר די אָנוועזנדע ניט געווען נײַ. ער האָט גענומען לייגן זיך אין טעלער שטיקער דופטיק געווירצט, אין רויטווײַן געבראָטן פלייש.

— און גענוג מיטן אנטלויפן פון לעבן, — האָט ער אזש א קלאַפ געטאָן מיטן מעסער אין טעלער־ראנד. — ווי זאָגט געטע: „אן אומנוציק לעבן איז א פריִער טויט". יאָ, עס מוז פאר אונדז ווידער אָן אָנהייב זײַן! — דאָס האָט שוין פאר די אָנוועזנדע געקלונגען נײַ.

פעטערס האָט גענומען אנטוויקלען די אידיי קאָנקרעט: שאפן א נײַעם שלאָגעוודיקן קאמף־בונד מיט גאָטהאָלדן אין דער שפיץ. ווײַל פון זיי אלעמען האָט גאָטהאָלד דעם העכסטן מיליטער־רישן ראנג, די שטארקסטע נערוון און ברייטסטע האנט. ער האָט פאָרגעשלאָגן אָנצורופן דעם דאָזיקן בונד „סקאָרפּיִאָן".

— א זינפולער נאָמען, — האָט אונטערגעכאפט דער שול־אינספעקטאָר און גענומען דער־קלערן, מיט וואָס עס אונטערשיידט זיך א סקאָרפּיִאָן פון א געוויינלעכער שפין.

נאָר ווער האָט אים געהערט! דאָס מאָל האָט דער לאנגער פעטער אין שיינרײדערײַ ארי־בערגעשטיגן אפילע דעם יוסטיץ־ראט. ניט אופהערנדיק ארבעטן מיט די קינבאקן און מיט דער צונג, האָט ער געשריִען, אז ער קאָן מער ניט פארטראָגן די ענגשאפט פון די איצטיקע גרענעצן פון דײַטשלאנד, און גערופן די פאטריִאָטישע קרעפטן ענדלעך זיך אנטפלעקן. ער האָט געפאָדערט באזײַטיקן פון לעבן אלע פרעמדע עלעמענטן און געבן א טויט־קלאַפ דעם פארעטערישן לאָזונג וועגן „בײַקומען די נאצישע פארגאנגענהײַט".

פעטערס, שוין גוט שיקער, האָט זיך אופגעשטעלט אין זײַן גאנצער הייך. געטאָן א וואָרף אראָפ דאָס רעקל, פאנאנדערגעכראסטעט דאָס העמד און מיט שטאָלץ באוויזן דעם אויסטאטויִרטן עסעסישן ייִכעס־צייכן אונטער דער לינקער פאכווע.

אלע האָבן אראָפגעלאָזט די קעפ. קיינער פון די מענער האָט ניט געוואגט אים נאָכטאָן. דעם דאָזיקן צייכן האָבן זיי אלע געהאט אויסגעשניטן מיט הויט און פלייש.

פעטערס איז ארײַן אין קוראזש. ער איז געשטאנען מיט געבײַלטע פויסטן און געפאָדערט מאכן א סאָף צו דער לעגענדע וועגן די אָשווענטשימס, טרעבלינקעס און מײַדאנעקס.

— ריכטיק. דאָס אלץ איז קאָמוניסטישע אויסטראכטענישן, — האָט ארויסגעפײַערט דער שול־אינספעקטאָר, וועלנדיק, מע זאָל ענדלעך שענקען אופמערקזאמקײַט אויך זײַנעם א וואָרט. — קאָמוניסטישע פראָפאגאנדע! אויך די לעגענדע וועגן די זעקס מיליאָן אויסגעראָטע יודן.

— יאוואָל, מײַנע הערן. די געפונענע אין די קאָנצלאגערן גאז־קאמערס און קרעמאטאָריִומס זײַנען בלויז קאָמוניסטישע בוטאפאָריע! — האָט קאטעגאָריש דעקלארירט דער יוסטיץ־ראט און, אָנצינדנדיק א נײַעם ציגאר, געזוכט באהאלטן דעם שמייכל, וואָס האָט זיך צעשפילט אף זײַנע ליפן.

דער אלטער שווארצוואלדער זייגער האָט דוירעס־לאנג געוויסנהאפט געטאָן דאָס זײַניקע. אויך איצט האָט ער גלײַכגילטיק געציילט די מינוטן, דומפ געשניטן פונעם רולאָן פון דער צײַט די פערטל, האלבע, דרײַ פערטל שאָען, און ווען ער האָט גענומען אויסשלאָגן „עלף", האָט די ראדיִאָ ווידעראמאָל איבערגעכאזערט די מעלדונג וועגן דער „שלוס־דאטע". אדאנק דעם, ווי אויך אדאנק די אויסגעליידיקטע פלעשער און אָפגערייניקטע טאצן, איז די שטימונג אינעם סאלאָן אופגעשרויפט געוואָרן. יעדער איינער האָט מיט אפלאָמב דערקלערט, וויאזוי ס'דארף, לויט זײַן מיינונג, ענדלעך פארווירקלעכט ווערן דעם פיורערס טעזע וועגן דער טויזנטיעריקער ראסיש־באגרינדעטער דײַטשישער אימפעריע, איצט שוין דעם „פירטן רײַך"...

ס'האָט עמעצער ארײַנגעוואָרפן א וואָרט וועגן נוקלעארן וואָפן און אטאָם־באָמבעס, וועלכע מע דארף זיך צוערשט אײַנשאפן. האָט פעטערס א געשריי געטאָן:

— דער דײַטשישער ווילן איז שטארקער פון יעדער באָמבע!

עפעס א גערזשום האָט פלוצעם ארײַנגעבויערט זיך אינעם פריילעכן טומל און אָפגענומען בא

אַלעמען דאָס לאָשן: די פּאָטאָ־עלעמענטן האָבן סיגנאַליזירט, אַז עמעצער איז באַם צוים־טויערל. דער זייגער האָט געוויזן פֿינף מינוט פֿאַר צוועלף...

ס׳האָט זיך צעקלונגען דאָס גלעקל באַם אַרײַנגאַנג.

— מיסטאַמע ערנע, — איז אײַנגעפֿאַלן דעם יוסטיץ־ראַט.

— זי וועט ניט קומען. אַוועקגעפֿאָרן אויף לאַנג, — האָט אַ ברום געטאָן גאָטהאָלד, אײַלנדיק צו אַ געהיימען עקראַנדל.

— אָן פּאַניק, מײַנע דאַמען און הערן! — האָט ער אָנגעזאָגט אַלעמען. — ס׳איז אַ מיידל פֿון טעלעגראַף.

דאָס גלעקל האָט ווידער געלאָזט זיך הערן.

מע וואָלט געקאָנט עפֿענען דאָס טויערל, אַ דריק טוענדיק דאָ אויפֿן אָרט אַ קנאָפּקע. גאָטהאָלד האָט אָבער אַרויסגעשיקט צום מיידל פֿון דער פּאָטשט אַ באַדינערן. אַליין איז ער געבליבן באַם פֿאַרמאַסקירטן אַראָפּגאַנג אין דער באַהעלטעניש און נאָכגעפֿאָלגט אויפֿן עקראַנדל, ווי די באַדינערן נעמט צו אַ טעלעגראַמע, שרײַבט זיך אונטער.

באַלד איז ער דערשינען אין סאַלאָן, זיגעריש פּאָכנדיק מיט אַ טעלעגראַמע־בלאַנק:

„פֿיל גרוסן פֿון מאַדריד. דערוואַרט מיך מאָרגן. ריקאַרדאָ“.

— ריקאַרד! — האָבן אַלע אויסגעשריִען אין איין קאָל.

— ריקאַרדליין! — האָט סאָלאָ אַ קוויטש געטאָן די אַלטע צור לינדע. — מײַן קינדעלע! — און איז היסטעריש צוגעפֿאַלן צום זונס פּאָרטרעט.

— בראַוואָ, ריקאַרד, בראַוואָ! — איז דער יוסטיץ־ראַט פֿול געווען מיט עקסטאַז. — הויכ־גראַדיקע קאָנספּיראַציע! יאַוואָל, די „שלוס־דאַטע“ גילט אויך פֿאַר די, וואָס זײַנען יורידיש אָנערקענט געוואָרן אַלס טויט און פּאַקטיש לעבן זיי. בראַוויסימאָ!

— איצט וועט מען דאַרפֿן בײַטן די ראַם פֿון פּאָרטרעט אויף אַ גאָלדענער, — האָט באַמערקט דער שול־אינספּעקטאָר.

ס׳האָט זיך אָנגערוקט די אַזוי לאַנג געגאַרטע שאָ פֿון האַלבער נאַכט.

הילדעגאַרד האָט אײַליק אַרײַנגעפֿירט אַ טישל און אָפּגעדעקט דאָס אויסגענייטע סערוועטל. אויף אַ זילבערנער טאַץ איז געלעגן אַ גרויסער פּיראַמידיקער רויטער טאָרט. אויבן — אַ קרײַז פֿון ווײַסן קרעם מיט אַ שוואַרצן האַקנקרייץ אין דער מיט. אַפּלאָדירנדיק, האָבן אַלע באַגריסט די פֿאָן פֿונעם דריטן רײַך, וואָס איז אויף אַזאַ אָריגינעלן אופֿן דערשינען צו דער הײַנטיקער פֿײַערונג.

דער זייגער האָט גענומען אויסשלאָגן די פֿולע שאָ...

מיטן אויסרוף „דײַטשלאַנד, דערוואַך!“ האָבן גאָטהאָלד און פּעטערס, די איינציקע אינעם סאַלאָן קאַוואַלערן פֿונעם „ריטער־קרייץ“, אָנגעטאָן אויף די העלדזער די אָרדענס, וואָס זיי האָבן באַקומען פֿאַר קריגס־פֿאַרדינסטן אויפֿן אָסט־פֿראָנט. אַלע האָבן זיך דאַן געכאַפּט צו די אָנגעגאָסענע באָקאַלן מיט אײַז־קאַלטן שאַמפּאַניער.

— מײַנע דאַמען און הערן! — איז גאָטהאָלד ווידער אַרויס מיט אַ טאָסט, — גענוג האָבן זיך געפֿרייט אונדזערע פֿײַנט! מאָרגן וועלן זיי אָפּמערקן דעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פֿון זייער זיג. דאָס מאָל פֿײַערן מיר אָבער אונדזער זיג מיט אַ טאָג פֿריִער!

אַ געלעכטער, גאַנצע קאַסקאַדן געלעכטער האָבן גענומען זעצן פֿונעם דאָקטער רײַנע און צעשטערט די ערפֿאָרכטיקײַט פֿון דעם מאָמענט. שטוינונג, פֿאָרוווּרף, פֿאָרורטייל איז געווען אין אַלעמענס בליקן, פֿאַראַכטונג צום קליינעם רײַנע, וואָס האָט אויפֿגעהויבן אַזאַ טומל מיט זײַן גרויסן, פֿולן מויל גאָלדענע ציין. דער דאָקטער, געוואָרן פֿון אַ געלעכטער־ספּאַזם, האָט זיך פֿאַרענטפֿערט:

— איך... ניין, ניין... ניט איך... כ׳בין ניט רײַנע, מײַנע דאַמען און הערן... — ער איז אויפֿגעשפּרונגען, גענומען לויפֿן אַהין און צוריק, באַפֿאַלן פֿון אַ ווילדער פֿרייד: — מײַן ריכטיקער פֿאַמיליע־נאָמען איז גאָר רײַנעקע! דאָקטער רײַנעקע!.. יאָ, יאָ, מײַנע דאַמען און הערן. דער דאָקטער פֿונעם „גנאָד־טויט“ און פֿון די פֿענאָל־שפּריצן...

באַם אַרײַנגאַנג אין סאַלאָן האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשאַרט די דראַפּירונג און אויף די דעמבענע טרעפּלעך, וואָס האָבן געפֿירט פֿון צווייטן שטאָק אין סאַלאָן, האָט זיך באַוויזן אַדאַלבערט. די האָר — פֿאַרקעמט מיט אַ שרונט אין דער רעכטער זײַט, עטלעכע פּאַסמעס צוגעפּלאַטשט צום שטערן, אונטער דער נאָז — מיט שוואַרצער פֿאַרב אָנגעמאָלענע דיקע וואָנצעס. אויפֿן האַלדז — דער אײַזערנער קראַגן. אין די הענט — די רער מיט ווענטילן און קלאַפּאַנעס, ווי בײַ אַ פֿאַגאָט.

אויף אַלעמענס ליפּן איז אַרופֿגעקומען אַ שמייכל.

— זײַט וויסן, מײַנע דאַמען און הערן, איך בין היטלער דער צווייטער! — האָט אַדאַלבערט הילכיק אויסגערופֿן מיט זײַן אַמאָליקער שנײַדיקער שטים. זײַן בליק איז אָבער באַלד פֿאַרכמור־

רעט געוואָרן. אויפן פּנים — אַ גרימאַסע, ווי צום וויינען. די שטים — איַנגעבראָכן: — היטלער דער ערשטער האָט אונדז אָפּגענאַרט. איַנגענומען סאַם. געמאַכט די „פאָר־איינס“, די „פאָר־צוויי“, און שוין. בלאָף, ניט קיין וואָפן. בלאָף! איך האָב געשאַפן די „פאָר־דריַי“! צו באַערן אונדזער פּיַיערטאָג געשאַפן! איך וועל שטעלן די וועלט אויף די קני!

אַדאַלבערט האָט גענומען צילן מיט דער רער אין פּעטערסן.

— גאָטהאָלד, נעם אים צו! — האָט פּעטערס, אַן איַנגעקאָרטשעטער, גענומען אָפּטרעטן אויף הינטערוויַילעכס.

אַדאַלבערט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איין קני און זיך אָנגעשטרענגט צו עפענען אַ קלאַפּאַן.

גאָטהאָלד האָט זיך אַ ריס געטאָן צו אים:

— אידיאָט! קרעטין!

ס'איז אָבער שוין געווען שפּעט. אַדאַלבערטס אויסגעמיַיסטערטער פלאַמען־וואַרפער האָט אויסגעשאָסן און אַ פּאַטש געטאָן דעם צולויפנדיקן ברודער מיט אַ שטיק ברענענדיקער מאַסע איבערן פּנים.

— אַכטונג, גיפטגאַז! — איז מיט אויפגעהויבענע הענט אַרויפגעקראָכן אויף אַ שטול דער אַלטער צור לינדע.

אַדאַלבערט האָט גענומען פירן דעם פיַיער־שטראַל אין אַלע זיַיטן. אַלץ אַרום איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון פלאַמען...

דאָס מאָל האָט זיך ניט באַשטעטיקט דאָס באַוווּסטע ווערטל: „די שטוב ברענט, און דער זייגער גייט“. די וויַיזערס פונעם שוואַרצוואַלדער זייגער — די רעליקוויע פון דער אַדעליקער מישפּאָכע צור לינדע — זיַינען געבליבן שטיין אויף פינף מינוט נאָך צוועלף.

---

# כראָניק

אין מאָסקווע איז פונעם 3 ביזן 7 מאַרט פאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די שריַיבער פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 429 דעלעגאַטן, פאָרשטייער פון 67 שריַיבער־אָרגאַניזאַציעס פון רספסר. געעפנט דעם צוזאַמענפאָר האָט מיכאַיל שאָלאָכאָוו.

מיט אַ פאָרטראָג „די סאָוועטישע ליטעראַטור און די דערציִונג פון דעם נײַעם מענטשן“ איז אַרויסגעטראָטן דער פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שריַיבער־פאַרבאַנד פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע לעאָניד סאָבאָליעוו.

רייִדנדיק וועגן די אויפגאַבן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור, האָט דער פאָרטרעגער געזאָגט: „מיר דאַרפן אַריַינפירן אַלס ערשטן פונקט אינעם מאָראַלישן קאָדעקס פונעם שריַיבער: שאַפן פאַרן היַינט — לעסוויוועס דער צוקונפט, זאָרגנדיק וועגן דעם היַינט“.

אין די לעבהאַפטע דעבאַטן זיַינען אַרויסגעטראָטן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע שעפערישע דוירעס און נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן.

●

דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעוויילט אַ נײַע פאַרוואַלטונג פונעם שריַיבער־פאַרבאַנד פון רספסר און דעלעגאַטן אויפן פערטן אַלפאַרבאַנדישן שריַיבער־צוזאַמענפאָר.

●

איינעם פון די עלטסטע בײַ אונדז אין לאַנד ליטעראַריש־קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע זשורנאַלן „נאָווי מיר“ איז געוואָרן פערציק יאָר.

אין די 480 העפטן, וואָס דער כויִדעש־זשורנאַל האָט פאַר די יאָרן אַרויסגעלאָזט, זיַינען אָפּגעדרוקט אַ סאַך ווערק, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די לעבעדיקע געשיכטע פון אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אויף די זיַיטן פון „נאָווי מיר“ זיַינען צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַזעלכע ווערק, ווי מאַקסים גאָרקיס ראָמאַן „דאָס לעבן פון קלים סאַמגין“ (צווייטער טייל), מ. שאָלאָכאָווס „אויפגעאַקערטע רויערד“, אַ. טאָלסטאָיס „פּיאָטער דער ו“, ל. לעאָנאָווס „דער וועג צום אָקעאַן“ און „אינוואַזיע“, ק. פעדינס „ערשטע פריידן“ און „אַן אויסערגעוויינלעכער זומער“, אַ. נאָוויקאָוו־פּריבאָיס „צוסימאַ“, מאַלישקינס „מענטשן פון דער פּראָווינץ“ אאַ.

אין „נאָווי מיר“ האָבן מיטגעאַרבעט ד. פורמאַנאָוו, אַ. סעראַפימאָוויטש, ע. באַגריצקי, מ. פּרישווין, י. באַבעל, פ. גלאַדקאָוו. אין משך פון אַ ריי יאָרן האָבן דאָ געדרוקט זייערע ווערק ס. מאַרשאַק, מ. סוועטלאָוו, אַ. טוואַרדאָווסקי, ק. פּאַוסטאָווסקי, נ. טיכאָנאָוו, אי. ערענבורג, וו. קאַווערין, ק. סימאָנאָוו אאַ.

●

דעם 12 פעברואַר איז אין מינסק, אינעם קלוב פונעם שריַיבער־פאַרבאַנד פון וויַיסרוסלאַנד, פאָרגעקומען אַ גרויסער ליטעראַרישער אָוונט, געווידמעט דעם אָנדענק פון די דיכטער זעליק אַקסעלראָד, אַלעס דודאַר און וולאַדימיר כאַדיקאָ אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער 60־טן געבורטסטאָג (די פּאָעטן זיַינען אומגעקומען אין די יאָרן פון פּערזאָנען־קולט).

דאָס אַריַינפיר־וואָרט וועגן לעבן און שאַפן פון די דיכטער האָט געהאַלטן דער באַוווּסטער וויַיסרוסישער פּאָעט אַלעס זוואָנאָק.

מיט אַן אינטערעסאַנטער איַינהאַלטסריַיכער רעדע וועגן זעליק אַקסעלראָדן איז אַרויסגעטראָטן דער פאָלקס־שריַיבער פון וויַיסרוסלאַנד מיכאַס לינקאָוו.

דער דיכטער כאַיִם מאַלטינסקי האָט פאָרגעלייענט אַ ליד, געווידמעט זעליק אַקסעלראָדן.

# אינדערפֿרי



איך טרעט דיר אָפּ די שטילקייט
פֿון ערעוו אינדערפֿרי,
פֿון פֿייַכטן בלאָט די מילדקייט,
דעם האַסט פֿון פֿויגל־פֿלי.

איך טרעט דיר אָפּ די פֿרישקייט
פֿון טוי אַף ווילדן מאָך,
דעם האָניק־טאַם, געמישטן
מיט קלעוווערדיקן שאָרך.

איך טרעט דיר אָפּ די גרינגקייט
פֿון וואָלקנדיקן גאַנג,
פֿון יונגן פֿעלד די גרינקייט,
די שטאָלצקייט פֿון אַ זאַנג.

איך טרעט דיר אָפּ די האַרטקייט
פֿון האַנט, וואָס גלעט אַ שטיין,
איך טרעט דיר אָפּ דאָס האַרץ מייַנס,
און ווייַטער... טרעט אַליין.



מענטשהייַט, כ׳האָב דיך ליב פֿאַרטרויט און שטום,
מיט ליבע פֿון אַ יאָסעם און אַ וואָגלער.
מייַן בלוט פֿאַרפֿלעקט האָט הייסן זאַמד בא וואָלגע,
דאָס אייַז פֿון ווייסלע — אין אַ צייַט אַרום.

איך ווייס געננוי: עס וועט מיר קלעקן מוט
אַרויס אַנטקעגן נייַעם בליץ פֿון פֿייַער...
מענטשהייַט, כ׳האָב דיך ליב!
דו ביסט מיר טייַער,
נאָך טייַערער פֿון אייגן לייַב און בלוט!

איז נעם מיך אָן אַזאַ, ווי איך בין איצט:
מיט גרויען קאָפּ, מיט לידער מייַנע יונגע,
מיט אַטעם־בראַנד אין שאָטן פֿון די לונגען,
מיט האַרץ, וואָס — ווי אַמאָל — איז אומבאַשיצט.

■ ■ ■

מיט יעדן טאָג איך טראַכט אַלץ מער —
ניט וועגן אויסגעדאַכטע גליקן:
וואָס איז פון דיר, יונגאַטש, דער מער,
צי, ווי באַ אונדז מע זאָגט, דער טיקן?

שוין איבער פערציק ציילסט, מײַן העלד,
און גרויקייט איז דײַן נאָנטסטער קאַרעוו...
אַ וועלכע נעסט האָסט אויפגעשטעלט?
אַ וועלכע פעסט געמאַכט האָסט כאַרעוו?

דעם קויעך דײַנעם אַלץ דו פּרוּווסט,
מיט גוטעפרײַנט דו טרײַבסט קאַטאָוועס...
געפלויגן ביסט אַף וועמעס רוף?
געוויינט אַף וועמענס קיווער־אָוועס?

אַזויפיל אָפּגרונטן — מײַן גאָט! —
נאָר צוליב ווילדן שפּרונג פּאַרטיליקט,
אַף וועלטס אומענדלעכן באַראָט
זיך אַלץ ניט אָפּגעזוכט קיין צווילינג...

אָ, נאַרישער פאַרבלענדטער מענטש!
אין גוירלדיקער שפּיל פון לעבן
מ'האָט דיך מיט שטאַרקע הענט געבענטשט
און גאַרנישט אין די הענט געגעבן.

איז נעם מיט זיי אַרום די ערד,
פאַרוואַרף זיי צו די ווײַטסטע שטערן
און גלייב:
עס האָט דײַן זײַן אַ ווערט —
ס'קאָן נאָך די צײַט דײַן ליד דערהערן...

■ ■ ■

ניט פאַרגעסן כ'וועל ביז סאָף פון לעבן
ערשטן ווייטעק־שניט און ערשטע פלאָג,
און שאַרפע זוניקייט פון יוני־טאָג,
און שטאָלצע רויִקייט פון וואַלד דערנעבן.

אַזויפיל יאָר אַדורך פון יענער צײַט!
ביז איצט כ'האָב מוירע איינס אַף איינס זיך טרעפן
מיט שטילן וואַלד אין גרינעם בלעטער־צײַג,
פאַר זונען־גוס ביז אָדער — טיף צעעפנט.

אין ביימער־קרײַז עס פעלט מיר אויס אַ מענטש
מיט האַרץ מיט אומרויִקס, מיט וואַכן זינען, —
אין זײַנע אויגן כ'קוק אַרײַן און בענטש
די בלאַנקע זון,
דעם וואַלדס פאַרשײַטע גרינען.

■ ■ ■

א זוניקער טאָג —

און ס׳צעבלִיִען זיך ווײַנשל!

די קלאָרקייַט אף צווייַגן — אזוי אומבאהאָלפן...

זי בלײכט זיך אקעגן א טונקעלן וואָלקן,

די צארטע, פון שווארצערד געבוירענע, ווײַסקייַט.

און קיינער עס קאָן ניט די בליִונג באפארבן

לויט ווילן לויט זייַנעם,

די קלאָרקייַט פארמעקן!

...און דו, ליבער פרייַנט, מאכסט צונישט דייַן פארמעגן:

צו בלייַבן א מענטש פון געבוירן ביז שטארבן...

■ ■ ■

„א יונג מיט דלאָניעס פון א גיבער

אזוינע קורצע שורעס שאפט —

א מאָדנע זאך.

איך מוז, פארגיב מיר,

דיר דאָס באטאָנען שטרענג און שארף.

אף דיר עס ווארט א וועלט מיט ארבעט:

קנעט אייַזן, רייַס פון דר׳ערד איר ארץ,

נאָר דו — ווי פון דער וואנט אן ארבעס —

דו גראָבסט זיך אלץ אין אייגן הארץ...״

— ניט ערגער זיך, מייַן ליבער ריכטער,

צו קורצע שורעס גיי איך לאנג:

פון ערעוו פרי —

אין יענער ריכטונג,

וווּ אוונט זיפט דעם זון־פארגאנג.

און דאן נאָר, אויב עס סטייַעט אָטעם

און ליפּן אופּפראלן איך קען, —

איך זינג, און האָב ניט קיין כאראָטע,

און ס׳רוט די וועלט אף מייַנע הענט.

■ ■ ■

און ווידער קומען אפן זינען ווערטער —

פארגעסענע, פארלאָשענע פון צייַט...

און איך, איך בענק נאָך יענע, ניט געהערטע,

וואָס האָבן ניט צעבויטעט נאָך די ווייַט.

איך שפיר זיי אינעם ווינט,

אין פייגלס טרעלן,

אין שאָרך פון גראָז, אין אויסגוס פון דער נאכט,

אין פייַערדיקן אופברויז פון פארטראכט

אהינטער קאלטן גלאנץ פון מענטשנס טרערן...

מיר זײַנען שוין ניט יונג.
גיי פּרוּוו, זיך אָמפּער
מיט יאָרן־דראַנג! —
אַן אומזיניקע זאַך!
ס׳האָט עמעצער זי אָפּגעפּליקט פון אַנקער,
די זשוואווע צײַט, —
איז טרויער אָדער לאַך...
מיך זעלבסט נאָר איינס קאָן אָפּהיטן פון ציטער
אין שאַרפן, ווי אַ צוגווינט, יאָג פון טעג:
כ׳האָב קיינמאָל ניט געקוקט פאַרביטערט
אַף דעם,
וואָס צו דער צײַט עס איז אַוועק.



און ווידער האָט דער וואַלד מיך אָפּגעפרישט
און ריינגעוואַשן אַף זײַן ווילן אויפן,
צעפּעכערט ברייט די יונגע צווײַגן אויבן
און בלוי מיט גרין אַן צווייפל אויסגעמישט.

ער האָט געשלונגען זון — און מיך באַשאָטנט,
געוועקט די ערד — און מיך געוויגט פאַרטראַכט,
און אומרויִק זיך איבער מיר געשאָקלט,
ווי ס׳שאָקלט זיך אַ פײַער איבער סכאַך...



מיט יעדן טאָג ווערט ליבער מיר דאָס גרינס
אַף צווײַגן, שוין באַשפּריצט פון ערשטע קעלטן.
אַ טונקלע בלאַט מיר שײַנט ווי אַ געווינס,
ווי אַ פאַרלוסט — מיר פינצטערט אַ פאַרגעלטע.

ווי האַרב טיילט אַף דאָס לעבן פאַרב פון פאַרב!
ווי שווער די פאַרב די איינציקע פאַרהיטן!
אַ גרינע בלאַט שפּראָצט אויף,
אַ געלע — שטאַרבט,
און זי, די וועלט, זי בלויט זיך אינדערמיטן!



אַן עפּל פאַלט אין סאַמע שקיִע־ברען —
זיך אָנגעזאַפּט מיט זאַפט און שווער געוואָרן —
מיט רויטע פולע בעקלעך, קיין אײַנהאָרע
(אַזאַ בען־אייץ האָט ניוטאָן דאָך געזען).

לאָז אים אָף קיין איין מינוט ניט צורו. שטעל זיך אים, ווי א בעלמע אפן אויג. פאַראַן א זאַקאַן, מע זאָל העלפן די נויטבאַדערפטיקע און ביפראַט נאָך, ווען דו אַרבעטסט. זאָג אים מיטן פולן מויל, שעם זיך ניט: „איך בויע אויך די סאָוועטסקע וולאַסט".

אָף דער באַלערעוודיקער דראַשע פון מײַן כאַווער ענטפער איך דאַפקע גאַנץ קאַלטבלוטיק, אַז איך וויל קיינעם ניט זײַן קיין בעלמע אפן אויג און וועל בא קיינעם גאָרניט בעטן. סײַווי פאַר איך אַוועק.

— נאָכאַמאָל איז דיר אַרײַן א מאַנקאַליע אין קאָפּ?

— מעגסט מיך שוין רעכענען, וויגדער, ניט פאַר קיין היגן.

— אָף לאַנג?

— אָף שטענדיק.

— און דײַן מאַמע?

פון די ווערטער ווערט מיר א ביסל קאַלעמוטנע. די מאַמע, יאָ, אָף דער מאַמען איז א ראַכמאָנעס... נאָר איך קאָן ניט נאָכגעבן.

— מײַן מאַמע בלײַבט דערוויל דאָ מיט די שוועסטערלעך.

— אוי, וועסטו האָבן כאַראָטע! אוי, וועסטו בענקען! באַטראַכט זיך, א מענטש טוט אָפּ א נאַרישקײַט אין איינע צוויי מינוט, דערנאָך האָט ער א גאַנץ לעבן כאַראָטע. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט? — וויגדער גלײַכט זיך אויס אפן זאָטל, ווי א געניטער רײַטער. טיף אין האַרצן בין איך אים מעקאַנע.

— ניין, וויגדער, א וואָרט איז א וואָרט. איך קאָן שוין ניט כאַפן צוריק. וואָס הייסט, איך וועל זיך גיין אָפּזאָגן? מיר זײַנען א גאַנצע קאָמפּאַניע.

— ס'איז דײַן זאַך. ביסט שוין ניט קיין קליין קינד. זײַ געזונט! — ער קערעוועט בראַוו אָפּ דאָס פערד און לאָזט זיך גאַלאָפּ איבערן שליאַך.

עפּעס ווערט פּוסט אָף דער נעשאָמע פון אַזאַ געזעגענען זיך. א ביטערער פּאַרדראָס כאַפּט מיך אַרום, ווי מיט קלעמען. וויגדערן וועל איך שוין קיינמאָל ניט זען. קיינמאָל ניט! אומזיסט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז שווערער פון אַלץ וועט זײַן דאָס געזעגענען זיך מיט מײַן כאַווער, מיט מײַן בעסטן און טײַערסטן כאַווער. כ'האָב געמיינט, אַז מיר וועלן זיצן אינצווייען א גאַנצע נאַכט אין געלן קלײַזל און ריידן און ריידן, ביז ס'וועט ווערן טאָג... עפּעס צו גרינג האָבן מיר זיך צעשיידט. ס'קאָן זײַן, אַז שולדיק איז געווען דאָס פערד זײַנס. יאָ. דאָס פערד זײַנס האָט אונדז זייער א סאַך געשטערט...

## אין דער גרויסער וועלט אַרײַן

גיי ריכט זיך, אַז דער כאַווער יאַקאָוו וועט פאַר מיר ספּעציעל אויסשרײַבן פּראָדוקטן און דאָס זאָל זײַן מײַן לוין פאַר זעקס און צוואַנציק טעג אַרבעט, ווי דער כעזשבן ווײַזט. כ'האָב ניט געוווּסט ביז הײַנטיקן טאָג, אַז מע דאַרף מיר באַצאָלן פאַר מײַן טירכע. ווען דליק איך האָב זיך איבערגעהאָרעוועט, זײַנען גאַנץ גענוג געווען די ביכער, וואָס דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיר געגעבן אָף אַהיים. אײַ, איך האָב זיי ניט געלייענט, ווער זשע איז מיר שולדיק?

דער כאַווער יאַקאָוו האָט מיך ניט צוגערעדט און ניט אָפּגערעדט פון דער נעסיִע.

— אויב דו פאַרשטייסט, — מאַכט ער, — אַז מיטן ברודער וועט דיר זײַן גרינגער און בעסער, איז מאַכעטייסע, אַוודע גוט. איך וועל נאָר זײַן צופרידן, כאָטש כ'האָב גערעכנט מיט דער צײַט דיך אײַנאָרדענען אין קינדערהויז.

דאָס וואָרט „קינדערהויז" איז מיר טיף און עפּעס מיט אַזאַ זיסן ווייטעק אַרײַן אין האַרצן. אומזיסט האָב איך אים אָנגעדערציילט וועגן די גליקן, געמאַכט דעם כאָלעם גרעסער פון דער נאַכט, אָנגעדערציילט, אַז מײַן ברודער וועט זיך שטעלן אין זשיוורעטש אָף א גוטער שטעלע, אַז זומער־צײַט וועט ער אויך אַרויסנעמען די מאַמע מיט די שוועסטערלעך. איין זאַך האָב איך נאָר דעם כאַווער יאַקאָוו ניט דערציילט, אַז אַהיין, צו יענעם שטעטל, וווּהין מיר לאָזן זיך א גאַנצע קאָמפּאַניע, וועט אויסקומען גיין צופוס... ער ווייסט אפילע ניט, אַז מײַן ברודער געפינט זיך דאָ הי.

דער כאַווער יאַקאָוו איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער א פאַרטראַכטער, די הענט אין די קעשענעס, נאָכדעם האָט ער עפּעס מאָדנע צונויפגענומען די ליפּן, זיך אָפּגעשטעלט און פאַרנומען מיט דער גאַנצער האַנט די גרויסע צעוואָרפענע קרויזן.

— אזוי, אזוי? פונדעסטוועגן א שאָד, וואָס דו פאָרסט אוועק. א שאָד! איך דארף דיר זאָגן דעם ריינעם עמעס, אז דו ביסט מיר געפעלן. וועסט אפילע ניט זען, ווי פון דער טאַלמיד־טוירע וועט ווערן אן ארבעט־שול, ווי מיר וועלן עפענען פאר די היימלאָזע נאָך צוויי קינדערהײַזער און אויך א שול־היים. פאר די אלטע לערערס וועלן מיר ספעציעל אָרגאניזירן איבערגרייט־קורסן. סארא קאָלאָסאלע ארבעט שטייט פאָר. אין א יאָר ארום וועסטו אונדזער בארשעוו ניט דערקענען.

— נו, און וואָס וועט זײַן דערווײַלע מיט מײַן מאמע?

— דײַן מאמע, גלייב איך, וועט אינגיכן אָנהייבן ארבעטן.

— כאווער יאקאָוו, איך האָב צו אײַך א באקאָשע.

— דעהײַנע?

— עפשער איז מעגלעך, אז כאָמעלע זאָל נעמען ביכער אף אהיים? כאָמעלע ווינט מיט א סאך אנדערע בעזשענצעס אין ווײַסן בעסמעדרעש. זי איז א יעסוימע און געפינט זיך בא איר מומע העניע. כאָמעלע וועט היטן די ביכער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

— ווער זשע איז זי, די כאָמעלע, א קרויווע דײַנע?

— ניט קיין קרויווע און ניט קיין שכיינע, נאָר אין בעסמעדרעש איז כאָמעלע א טרייסט פאר אלע פלייטים. זי האָט אין זיך אזא קישעף, וואָס קאָן געזונט מאכן א קראנקן, קליינע קינדער איז בא איר דאָס כיִעס.

— אר־וואָ! ציקאווע... א כאריפעס. ווארט נאָר, ווארט, אזעלכע רייד האָב איך נאָך פון קיינעם ניט געהערט, טשאָרט וואָזמי, — רײַסט זיך בא אים פלוצעם ארויס, — אומבאדינגט וועל איך געבן דײַן כאָמעלען אהיים ביכער. זאָל זי אפילע הײַנט קומען אין ביבליאָטעק. איצט איז מיר נאָך א גרעסערער שאָד זיך געזעגענען מיט דיר, — און ער האָט מיט קויעך מיך צוגעדריקט צו זיך, — היט דײַנע פליגלען. קאָלזמאן ביסט יונג, דארפסטו נאָך זייער ווײַט פליִען, ווײַט און הויך...

ווייס איך דען ניט, וואָס איז אזוינס פליגל, פליִען, ווײַט, הויך? דאכט זיך, אזעלכע פּאָשעטע ווערטער, און אלע איינעם גענומען פארשטיי איך ניט, וואָס דאָס באטײַט. דער כאווער יאקאָוו האָט א טעווע רײדן, דאכט זיך, מיט די סאמע געוויינלעכע ווערטער, נאָר דערגרונטעווען זיך צום געדאנק איז פאר מיר זייער א שווערע האלאָכע..

— ווע‏סטו האָבן א מעגלעכקײַט, ווארף ארײַן א בריוול. איך וועל דיר שטענדיק ענטפערן. טאָמער וועט דיר זײַן ניט אזוי גוט, פארקערעווע די האָלאָבליעס און קום גלײַך צו פאָרן. קיין גרינגע פייגעלעך זאָלסטו זיך קיינמאָל ניט לייגן אין בוזעם. די צײַט איז א הארבע, אן אָנגע־שטרענגטע, פאר איניקע מענטשן אפילע א געפערלעכע. די רעוואָליוציע פּאָכעט מיט דער שווערד אף אלע וועגן און קאָסיעט דאָס ווילדגראָז, די שטעכלקעס און בודזיקעס, ווארעם מע מוז פּאָ־טער ווערן איינמאָל פאר אלעמאָל פון די פאראזיטן, וואָס נעמען אוועק די בעסטע זאפטן פון דער ערד. זיי מוזן אויסגעראָטן ווערן מיטן וואָרצל. א לאנד פון מיליאָנען אונטערדריקטע און גע־פלאָגטע זײַנען אופגעשטאנען קעגן א הײַפעלע טיראנען און ווילן בויען א נײַע, א פרײַע, קאָמו־ניסטישע וועלט. פארשטייסט, ברודערקע, וואָס דאָס הייסט! א קאָמוניסטישע וועלט!

די דאָזיקע ווערטער זײַנען מיר אויך ניט פארשטענדלעך. וואָס פאר א שײַכעס האָט דאָס ווילדגראָז מיט די בודזיקעס צו דער רעוואָליוציע? און פארוואָס דארף זי, די רעוואָליוציע, פּאָכען מיט א שווערד אף אלע וועגן און קאָסיען?

— כאווער יאקאָוו, בא אונדז אין שטאָט איז נאָך פאראן שטעכלקעס און בודזיקעס, וואָס מע דארף קאָסיען?

— אהא, נאָך א מין פאראן! אף טריט און שריט!

— פארוואָס זשע קומט אהער ניט די שווערד פון דער רעוואָליוציע?

— זי איז שוין דאָ...

— און זי קאָסיעט שוין?

— נאָך א מין. ס׳גייט אוש א רויך.

איך וואָלט שטארק א באלן געוועזן זען, ווי מע שנײַדט דאָס ווילדגראָז. נאָר וואָס איז די פּולע? איבעראיאָר וועט נאָכאמאָל אָנוואקסן ווילדגראָז און וועט ווידעראמאָל ציִען די בעסטע זאפטן... אלע יאָר וועט מען דארפן גיין מיט דער שווערד אף אלע וועגן. מע וועט גאָר קיינמאָל זיך קאָנען פּאָטער ווערן.

— דאָס, וואָס סע ווערט ארויסגעריסן מיטן וואָרצל און מיט אלע קליינע וואָרצעלעך, — דערקלערט דער כאווער יאקאָוו, — וועט שוין מער קיינמאָל ניט וואקסן. פארשטייט זיך, אז מע דארף גוט אכטונג געבן, דער ווינט זאָל ניט פארטראָגן קיין שלעכטע און שעדלעכע זוימען. קוי־דעמקאָל האָט מען זיך גענומען צו די גווירים. צו די עקספּלואטאטאָרס, וואָס לעבן אף יענעמס כעזשבן. בא פאָקראסן האָט מען צוגענומען די געוואנט־פאבריק, נאציאָנאליזירט דאָס הויז. דאָס

זעלבע האָט מען געטאָן מיט פײַנזילבערגן. צוגענומען די וואַלצאָווע מיל און דעם מויער זײַנעם אוועקגעגעבן דעם אויספּירקאָם. בא מאַרגאַליסן האָט מען גענומען דעם מויער, ווו ס׳געפינט זיך דער אַרבעטס־פּאַלאַץ, דער פּאַריין, די שטאָט־ביבליאָטעק. ער וואָלט דען אַליין פריַוויליק, מיט גוטן אָפּגעגעבן זײַן גרויסאַרטיקן מויער? מע זאָל אים אפילע געווען בראָטן און ברענען, וואָלט ער עס ניט געטאָן, ווען די רעוואָליוציע זאָל ניט געווען קומען מיט דער שווערד. הייסט עס, אַז די שווערד איז דאָ בא אונדז אין באַרשעוו אויך. נו, און די כאַדאָרים, די פּראָגימנאַזיע, דאָרט זיצן אַזוינע לערערס, וואָס ווילן די רעוואָליוציע ניט אַרופלאָזן אַפן שוועל, וואָס איז דאָס — ניט קיין שטעקלקעס, בודזיקעס, ווילדגראַז?

ביסלעכווײַז הייב איך אָן פאַרשטיין, וואָס הייסט באַם כאַווער יאַקאָוו ווילדגראַז און וואָס באַטײַט די שווערד פון דער רעוואָליוציע.

— דו אַליין, — מאַכט ער, — האַלטסט אויך די שווערד.

דאָס איז מיר גאָר געפעלן, וואָס איך אַליין האַלט אויך די שווערד. וויגדער האָט געזאָגט, אַז איך בויע אויף די סאָוועטסקע וולאַסט. פאַרוואָס זשע האָט מען אים אַרויסגעגעבן אַ פּאָר נײַע שטיוול און מיר ניט? נישקאָשע, ניט אין דעם לוין גייט עס. כאָטש דעם עמעס דאַרף מען זאָגן, אַז דאָס, וואָס כ׳האָב באַקומען פאַר די זעקס און צוואַנציק טעג אַרבעט, איז אונדז גוט צוניץ געקומען.

איך האָב געבראַכט אין שטוב אַרײַן העכער אַ האַלבן פּוד ווייצענע מעל, אַ טאָרבע רעטשענע מעל, אַנדערהאַלבן פונט האַרטן צוקער, אַנדערהאַלבן פונט זאַמדצוקער, אַן אַקע פליש, אַ פונט כאַזער, דרײַ פונט גרויפּן, זאַלץ, שוועבעלעך, פּאַפּיראָסן. די מאַמע איז געשטאַנען איבער די קלומעקלעך, צעפּירט מיט די הענט און ניט געוווסט, פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ לוין.

— צי דען זשע דערפאַר, וואָס דו ביסט געווען אַ באַהעלפער באַם כאַווער יאַקאָוו? אַ שיינע מײַסע...

דער ברודער מײַנער, בערעלע, האָט אפילע ניט געקוקט אין יענער זײַט, ווו ס׳שטייען די פּראָדוקטן.

— ס׳האָט בא מיר אַ שיינע ווערט. דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט אין אַ כוידעש, וועל איך דאָרט, אין זשיוורעטש, פאַרדינען אין איין טאָג. בא אײַך איז עס אַ טײַערע מעציִע!

פונדעסטוועגן האָט ער די פּאַפּיראָסן מיט די קאָרעשקעס גענומען צו זיך אין קלומעק. דאָס, זאָגט ער, דאַרף ער האָבן אַפן וועג. אַ שטיקל ברויט קאָן מען נאָך ערגעץ־ווו אויסבעטן, נאָר אַ ציגאַר טוטין וועט דיר קיינער ניט געבן.

— און אַז דו ווערסט, זונעניו, אײַנגאַנצן ניט רייכערן, מיינסטו, וועל איך האָבן גרויסע יעסורים?

קימאַט ביזן לעצטן טאָג האָט די מאַמע ניט געוווסט, אַז איך לאָז זיך אויך מיטן ברודער אין דער נעסיִע.

— וואָס הייסט, איך וועל אים לאָזן? וואָס זײַט איר מעשוגע צי כאַסערדייע? — זי האָט אפילע הערן ניט געוואָלט. — טשעפּעט זיך אָפּ פון מײַנע יאָרן.

בערל און זײַנע כאַווירים האָבן זי גענומען צורידן, צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, — זיי וועלן אַף מיר אַכטונג געבן, ניט לאָזן, כאַס־וועכאַלילע, הונגערן, אַלע וועלן קוקן אַף מיר, ווי אַף אַן אייגענעם ברודער. ס׳וועט מיר נאָר פעלן דאָס טעלערל פון הימל... מע האָט באַדאַרפט געגנוג האַלץ האַקן, ביז מע האָט די מאַמע סאָפּקאַלסאָף אײַנגערעדט.

—קינדערלעך, איך בעט אײַך, ווי אַ מאַמע, איר זאָלט זיך האַלטן אינײנעם. זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן, לעבן אין שאַלעם, שאַנעווען איינער דעם אַנדערן. איך בעט אײַך נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, גיט אָף אים אַכטונג. — זי איז געפאַלן אָף מײַן האַלדז און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין.

שפּעט אין דער נאַכט האָט די מאַמע געבאַקן פאַר אונדז רעטשענע לאַטקעס, פלעצעלעך און קאָרזשעס, געגרייט אין וועג אַרײַן. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אינעם אָנטאָן. די מאַמע זאָגט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אָן, טאָמער וועט מען קאָנען מיט אַ וואַסער־ניט־איז באַלעגאָלע איבער־שיקן אַ בריוועלע אָדער כאָטשבי אַ גרוס:

— קינדער, פאַרגעסט אין מיר ניט, איך בין בא אײַך איין־און־איינציקע, איין שטיקל מאַמע, מישטיינסגעזאָגט... — און טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן, ווי פון אַ קוואַל, — מײַנע צאָרעס האָבן קיין שיר ניט און קיין ברעג ניט. ווען וועל איך שוין, ריבוינע־שעל־אוילעם, אַמאָל אופגעריכט ווערן?

איר האַנט, וואָס כ׳האָב געהאַלטן די גאַנצע צײַט אין מײַנער, איז מיר קיינמאָל ניט געווען אַזוי האַרציק־ליב, ווי איצט, אין דער לעצטער נאַכט פאַרן צעשיידן זיך. אָך, ווען איך קאָן זי

מיטנעמען מיט זיך, זי זאָל שטענדיק זײַן מיט מיר אינײנעם. אַט אַזוי בין איך אײַנגעשלאָפֿן געוואָרן מיט איר וואַרעמער אויסגעהאַרעוועטער האַנט אַף מײַן האַרצן.

נאָך איידער ס'האָט אָנגעהויבן שאַריִען אַף טאָג, איז שוין די גאַנצע כאַפּטע מיט האָקל־פּאַקל געווען באַ אונדז אין קיך. איך האָב געקוקט אַף די כעוורע, ווי זיי זײַנען מעשוגענדיק אָנגעפּרעגנדעט — ווער אין אַ לײַבל, ווער אין אַ רעקל, אין אַ שאַלכל, אין אַ ווײַבערשע בגאַדים, אַ שמאַטע אַף אַ שמאַטע, אַ שטריקל אַף אַ שטריקל. די אויערן אויך ארומגעבונדן, גלײַך ס'וואָלטן זיי ווײ געטאָן די ציין.

מיט די אָנגעהאַנגענע טאָרבעלעך אַף די פּלייצעס און מיט שטעקנס אין די הענט זעען מיר אויס ווי וואַנדערער.

— סטראַשידלעס, — האָט זיך באַ דער מאַמען אַרויסגעריסן.

פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער שטוב האָבן מיר אַלע זיך צוגעזעצט, ווי דער מינהעג איז. די ערשטע האָט זיך אופגעהויבן די מאַמע, געבראָכן די פֿינגער און געקרימט אַ ליפּ:

— זאָל זײַן מיט האַצלאָכע און מיט מאַזל! — זי האָט אַרויסגעבראַכט די ווערטער הייזעריקלעך, מיט אַ ציטערנדיקן קאָל. — זײַט געזונט! — און אַ האַלב־פֿאַרכאַלעשטע זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין דער לײַסט פֿון דער טיר.

ווײַטער פֿונעם שטאָט־באַרג האָבן מיר די מאַמע ניט געלאָזט גיין אונדז באַגלייטן.

— קער זיך אום אַהיים. נו, גענוג צו וויינען...

זי באַהאַלט פֿון אונדז אויס דאָס פּאָנעם, ווישט די אויגן.

— ס'זאָל נאָר זײַן בעשאָלעם. מער וויל איך גאָרניט...

נאָכאַמאָל אַ קוש און ווידעראַמאָל אַ גלעט, פֿאַרשטופּט אַ טראָלד, געטאָפּט אַפּסניי די הענט, צוגעטוליעט אירע הייסע ליפּן צו מײַן שטערן, מאָדנע גיריק ארומגעקושט, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אינגאַנצן אײַנשלינגען אין זיך:

— כײַעס מײַנס, האַרץ מײַנס...

סאַראַ שטײַף אָנגעצויגענע שטילקײַט אַרום און אַרום! אין דרויסן האָט נאָך ניט אָנגעהויבן רעכט טאָגן. מײַן ברודער בערעלע לאָזט בעשום־אויפֿן ניט, איך זאָל זיך אומקוקן אַף צוריק, דאָרט, וווּ די מאַמע איז געבליבן צוגעוואַקסן צו דער ערד.

— זאָלסט זיך ניט דערוועגן אויסדרייען דעם קאָפּ!

נאָר איך האָב נאָך לאַנג־לאַנג געפּילט אַף זיך די פֿרישע, לעבעדיקע וואַרעמקײַט פֿון איר אָטעם. דאָס האַרץ קלעמט, ווערט צעגאַנגען פֿאַר ווייטעק, שווערע, ביטערע קנוילן טרערן וואַרגן אין האַלדז. אַף וועמען לאָז איך איבער די מאַמע? וויאַזוי וועט זי בלײַבן אײנע אַליין אין דער קאַלטער קיך? דער כאַווער יאַקאַוו, ווען ער זאָל עס נאָר וויסן, וואָלט ער געוויס אַף זײַנע אויגן מיך ניט געלאָזט. „אַזוי באַגייט מען זיך מיט אַן אייגענער מאַמען? וועמען פֿאַרלאָזטו? אַנטלויפֿסט, זוכסט פֿאַר זיך אַ וואַרעם ערטעלע, אַבי דיר זאָל זײַן גוט... ניין, ברודערקע, האָסט אַ טאָעס! די גוטסקײַט וועט דיר בעמילע ניט אײַנגיין. צוריק, צוריק! אַהיים... אַהיים!..“

און איך פֿיל — דאָס שטאַרק צעוויגטע האַרץ רײַסט זיך פֿון די ענגע פּענטעס, פֿונקען זעצן אַזש פֿון די אויגן: „לויף, לויף, קאַלזמאַן ס'איז נאָך ניט שפּעט...“

— מעשוגענער! — שרײַט דער ברודער אויסער זיך. — צעדרייטער, וווּהין? קער זיך אום!

אַ געפּלעפּטער בלײַב איך שטיין אינמיטן וועג צווישן דער מאַמען, וואָס האָט זיך אײַנגעהילט אינעם קאַלטן פֿרימאָרגן און זעט אויס ווי אַ באַוועגלעך שפּענדל, און צווישן די אומרויִקע יינגלעך, וואָס גייען אַרויף־באַרג, יינגלעך, וועלכע רײַסן זיך העפּקערדיק אין דער גרויסער וועלט אַרײַן.

אין דער פֿאַרטאָגיקער שטילקײַט הער איך צעבראָכלט דער מאַמעס נאָגנדיקן אויסגעשריי:

— אַליין, זונעניו, אַליין...

■

## יוסעף קערלער

# בלעטערפאל

א

אזא מין מאָדנע מילדער הארבסט
איז אויסגעפאלן האיאר —
דאָס בלעטל ווארפט זיך פון דער צוויַיג,
וויַיל ס׳איז די ערד אים טיַיער.

מיט בענקשאפט קושט עס אויס די טריט
באם דורכגייער צעשטרייטן,
און שיַין מיט שאָטן טוישן זיך
אף שאָרכענדיקע וויַיטן...

און אָט איז שוין דער גאנצער סקווער
מיט בלעטערפאל פארשאָטן,
מיט בלעטערפאל איז פול די לופט,
מיט בלעטערפאל איך אָטעם.

אזויפיל גאָלד, אזויפיל גוטס
פאר קינדער און פאר זקיינים,
פון גאָר קיין זאך באוואָרנט איז
און ניט באהיט פון קיינעם!

אין הויפנס קערט מען עס צונויף,
און שיַיטערס נעמט מען צינדן,
און ס׳רופן פלעמלעך פון דער וויַיט:
לויפט, קינדערלעך, געשווינדער!

די בלעטער ברענען אויס אָן ראש,
זיי שטארבן אָן א טיַינע,
וויַיל קינדער שפּרינגען אין א ראָד
און קוויטשען אזש פון טיַינעג!

ב

אזא מין מאָדנע מילדער הארבסט
איז האיאָר אויסגעפאלן.
קומט אויך אף דעם טווערסקאָי בולוואר,
אויב איר זיַיט נאָר א באלן.

אף א כאריפעס, כאפּט א בליק
פון צווישן די אלייען.
דאָרט זיצן מאמעס, לעבן זיי —
די וויגעלעך אין רייען.

און טאָמער טוט אמאָל א פּיפּס
אן איפעלע אין וויגל,
שפּרינגט באלד פון צוויַיג א ווינט אראָפּ
און זינגט דעם אויס א ניגן.

בא טישלעך „טריַיבן פּאָליטיק״
צעהיצטע פּענסיאָנערן:
מע רעכנט, ס׳איז די רעכטע ציַיט
מילכאָמעס צו פארווערן...

מע שפּילט אין שאָך און מע דערמאָנט
די הינטערמאָסקווער שלאכטן,
און ס׳רוישן פּאָרקטיק אין דער הייך
די קליאָנעס די פארטראכטע.

און ס׳פאלן בלעטער מיט א קלונג,
ווי בראָנזענע מעדאלן...
קומט אויך אף דעם טווערסקאָי בולוואר,
אויב איר זיַיט נאָר א באלן!

ג

אזא מין מאָדנע מילדער הארבסט
איז אויסגעפאלן האיאר.
באהיט זאָל זיַין די ריַיפע וועלט
פון א געפערלעך פיַיער!

די בלעטער־קרוין ווערט שיטער שוין,
און ס׳ווערן גרינג די צוויַיגן.
אויב זינגען קאָנסטו ניט אום הארבסט —
איז בעסער זאָלסטו שוויַיגן.

נאָר, מענטש מיט ראמאן איוורים, שוויַיג,
ווי ס׳פאסט פאר פּראָסטע מענטשן,
ווען פול זיי זיַינען מיט געזאנג,
מיט ליבשאפט און מיט בענטשונג.

ווי ס׳הענגל וויַינטרויבן איז פול
מיט זאפטן און מיט זוימען,
די וועלט איז ריַיף שוין צוליב גליק,
און ס׳פּלאצן ענגע צוימען:

די קנעכטשאפט־קייטן ברעקלען זיך,
דאָס פאנצער־שטאָל, די גראטעס,
דער אטאָם שפּאלט זיך — נייך, ער וועט
דאָס לעבן ניט פאראטן!

אזוי זעט אויס מיַין מילדער הארבסט,
מיַין פרוכטפולער, מיַין טריַיער,
קאָלזמאן די וועלט מיר היטן וואך
פון א געפערלעך פיַיער.

ד

אזא מין מאָדנע מילדער הארבסט
איז האיאָר אויסגעפאלן.
די זון מאכט יעדן גליקלעך היַינט
מיט אויסגעציילטע שטראלן,

זי ציילט און צאָלט מיט פולער האַנט,
מיט זון־פּלעקן — פּיטאַקלעך
און פרעגט דערבײַ: צי ברענגסטו וואָס
צום האַרבסטיקן סאַכאַקל?

צי האָסטו רײַפע פרוכט געבראַכט
און וויפל און ווי טײַער?
אַזאַ מין מאָדנע שטרענגער האַרבסט
איז אויסגעפאַלן הײַאָר!

## א וואָרט וועגן לייב קוויטקאָ

ווי האָבן די וויסטע סאָנים
אָפּן אים געקוקט אין פּאָנעם,
קאַלט געציילט און אויסגעשאָסן,
מיט א קויל זײַן מויל פאַרשלאָסן!..
כ׳ווייס ניט.
כ׳ווייס, אַז א פאַרעטער —
פוילן וועט ער פרי׳ר צי שפּעטער...
אָבער קוויטקאָ,
קוויטקאָ לייב —
בלײַבן לעבן וועט, איך גלייב!

כאַכמע נעם בא גרײַזע זקיינים,
ריינקײַט — בא די קינדער קליינע,
שמעלץ און מיש עס אויס איינעם —
איז דאָס קוויטקאָ.

צאַרטקײַט בארג בא גוטע מאַמעס,
האַרטקײַט — בא די דעמבן־שטאַמען,
שמעלץ און מיש עס אויס צוזאַמען —
איז דאָס קוויטקאָ.

שעפּ די ערד, וואָס טוט אונדז נערן,
שעפּ פון הימל קוישן שטערן, —
וועל איך זאָגן, וועל איך שווערן:
דאָס איז קוויטקאָ,
קוויטקאָ לייב,
וואָס וועט בלײַבן לעבן,
כ׳גלייב!

■

## מיט דיר

ניט נאָר דער וואַלד —
א שווערמל וואָלט אַרויס פון זײַן באַהעלטעניש
און מיך געכאַפּט באַם זאָגן ליגן,
א מינדסטער זונען־פלעק
וואָלט דאַן מיט מיר זיך קריגן,
איך וואָלט די שוואַלב אין הימל
אָנגעוואָרן,
און גוטעפרײַנט, זיי וואָלטן זיך
פאַרלאָרן,
ווען איך זאָל זאָגן, אַז אָן דיר
כ׳האָב מײַנע יאָרן העפקערדיק צעשאָטן,
כ׳האָב ניט געלעבט, זיך ניט געראַנגלט,
ניט געאָטעמט...

און דאָך
פון זינט מיר האָבן זיך,

ווי טײַכן צוויי,
צונויפגעגאָסן אָפּן וועג,
איז גלײַך מע וואָלט
אָט ערשט מיך אופגעוועקט,
אָט ערשט מיך אופגעמינטערט
אפסנײַ צו שאַרפער פרישקײַט
פון דער קינדהײַט.
מײַן וואָר איז ליכטיקער —
מיט דיר,
מײַן וואָרט איז ציכטיקער —
מיט דיר,
מײַן מענטש ווערט וויכטיקער —
מיט דיר,
מײַן עמעס — ריכטיקער —
מיט דיר!

■

# באם וואסער

1

אויב אײַער אויג ווערט קײנמאָל ניט געזעטיקט
מיט ווײַטקײַטן, וואָס ווייסן פון קײן ראַנד,
און אויך מיט יענעם מיקראָ־קראַך,
ווו ס׳קאָכן זיך, ווו ס׳ווימלען מורעשקעס
צווישן א שוואָם אין שאָטן פון א שטאם
און שרײַענדיקע זון־פלעקן אף גרינס;

און אויב איר האָרכט זיך דאָרשטיק אײַן
אין שאָרך פון גראָז און בלאט
און ס׳פײַניקט אײַך ביז הײַנט
דער הייסער ניט געשטילטער כידעש
פאר אלץ, וואָס וואקסט אקשאָנעסדיק,
פארפלייצט מיט זון, מיט זאפט,
מיט פרוכפערונג און מערונג, —

טאָ קומט מיט מיר.
ווהין? —
צי שפירט איר ניט
די שאַרפע פרישקײַט, וועלכע שפּאַרט
אף מײַלן־ווײַט פון אלץ ארום?
איר הערט ניט, ווי דער ווינט שפּילט אויס
אף סטרונעס פון קאַמיש
א לויבגעזאַנג דעם קילן שטראָם?

2

איך קער זיך אום אמאָל צום אלטן קוואל,
מיט פרישקײַט שלאָגט ער, ווי צוריק מיט יאָרן,
און גריסט און וואָרנט: „לאנג זיך ניט פארהאלט!“
און שווענקט אראָפּ דעם שטויב פון מײַן זיקאָרן.
„איצט מעגסטו ווײַטער גײן פאָרויס דײַן וועג,
נאָר ניט פארגעס, אז הינטער דײַנע פלייצעס
זיך ציט און שלענגלט, ווי א ניגן, יענער שטעג,
אהין, פונוואַנען איך הייב אָן צו פלייצן.

אין וועלדער־טיף, אף בארג־הייך, צי אין סטעפּ —
ווײַז אָן דעם שטעג, אויב עמעצער וועט פרעגן.
כ׳גיב אָפּ מיט פרייד די אויצרעס מײַנע: שעפּ!
וואָס מער מע שעפּט — אלץ רײַכער מײַן פארמעגן,

וואָס מער מע שעפּט — פאראקשנטער ז׳מײַן דראַנג
צונויפצוגיסן זיך מיט ברידערלעכע קוואלן,
איך בין דײַן ליד, און דײַנס איז דאָס געזאַנג
פון גרויסן יאם — א כוואליע צווישן כוואליעס“.

3

סע שפּיגלט אלץ דאָס וואסער אָפּ:
די שטערן צווישן צווײַגן שווימען,
דאָס מענטשלעך מאזל, קאָפּ אראָפּ,
פאלט אין די שטראָמענדיקע הימלען.

צום גרונט פארציט עס וואָס איר ווילט,
קעדיי, ווײַזט אויס, דאָרט ווײַטער שפּינען
די יאָרן, וואָס איר האָט פארשפּילט,
די רעגעס, וואָס איר ווילט געווינען...

און אויב, צומאָל, ווי אין א טהאָם,
דער עמעס פאלט צום דעק א בלאסער, —
ניט ווארט, נאָר ווארפט זיך קעגן שטראָם —
ווי בוימל קומט ער אפן וואסער,

דער עמעס קומט! און זיכער זײַט:
זײַן קאָל דערשטיקן קאָן שוין קיינער.
ס׳האָט אים די פלייצנדיקע צײַט
פארשלײַפט אף אירע דימענט־שטיינער!

און ס׳טראָגט זיך צו דער זון די ערד,
און ס׳גייט קיין שאָטן ניט פארפאלן;
די שווערסטע אוולע האָט קיין ווערט,
ווען ס׳יאָגט א טײַך, ווען ס׳קוועלן קוואלן!

איז פלייץ, מײַן שטראָם, נאָר אָט די רייד
ניט מאך מיר וואסערדיק כאָלילע:
נישטאָ קיין פרייד, ווען וואסער שטייט,
ניט פיש, נאָר שיידים דאָרטן שפּילן!..

באהיט פון גליווערניש, פון שליים,
פון מוטנעקײַט באהיט זאָלסט ווערן.
איז פלייץ, מײַן שטראָם, איז שפּאַן, מײַן היים,
און שפּיגל אָפּ די ווײַטסטע שטערן!

## מישע מאָגילעוויטש

# דאָס פארלאָרענע וואָרט

כ׳האָב פארלאָרן, כ׳האָב פארלאָרן, כ׳האָב א וואָרט פארלאָרן,
אָט־אָ ערשט האָט עס געקלונגען, פּלוצעם ניט געוואָרן.
עפּשער הענגט עס אף א ביימל, אף א צווייַג א גרינער,
כ׳וועל דאָס זוכן, כ׳מוז דאָס זוכן, כ׳מוז דאָס וואָרט געפינען.
כ׳האָב פארלאָרן, כ׳האָב פארלאָרן, כ׳האָב א וואָרט פארלאָרן.
עפּשער אינעם סטעפּ עס זוכן, אינעם רייַפן קאָרן?
עפּשער טראָגט עס די לעוואָנע אין די שטילע הייכן?
סייַוויסיי — איך מוז דאָס כאַפּן, כ׳מוז צו דעם דערגרייכן.
כ׳זוך, און קען עס ניט געפינען — נעם כאַטש לייג זיך שטאַרבן.
ס׳טוט א בלענד און גלייַך פארשווינדט עס, ווי אין רוים הער שפּארבער.
ווען א מידער כ׳בין געפאַלן מיטן קאָפּ אין קישן,
האָט דאָס הארץ געקלאַפּט אין דלאָניע און דאָס וואָרט אויך צווישן.

# כ׳גיי אנטקעגן זון

ס׳איז מיר ליב דער רויש פון בלעטער, זייער לאָשן איך פארשטיי.
טייַער איז מיר יעדער ריטשקע מיט איר קינדערשן געשריי.
וואך איך אוף פון מיַי און פרילינג, כ׳גיי אנטקעגן זון ארויס,
דער אומענדלעך בלויער הימל — ער איז טיף און הויך און גרויס.
ווערן דערפעלעך באַזוניקט, ס׳ווערן פענעמער באהעלט,
כ׳טראָג די הייסע זונען־שטראַלן אין דער פרילינגדיקער וועלט.
איך גיי דורך פארבייַ די קליאַנען, גייען זיי אנטקעגן מיר,
אָנגעזאַפּט מיט זונען־שטראַלן, בלייַב איך שטיין לעם יעדער טיר.
אין צעפּראַלטע ריינע הייכן האָבן פויגלען זיך צעקוועלט,
אין „אניוטעס אויגן" בלויע האָבן טרערן זיך געשטעלט.
כ׳נעם צונויף די זונען־שטראַלן, ס׳דאכט, זיי רינען פון דער האנט —
אָט אזוי איך טראָג די שיינקייַט פון מייַן פרילינגדיקן קאַנט.

# ה ע נ ט

די זון גייט אוף אף דייַנע הענט און אף די הענט פארגייט.
אין דיינע אָדערלעך עס זינגט אליין די פרייד.
פון זייער וואַרעמען באַריר ווערט גרינגער מייַן געמיט.
ס׳שלאָפט אייַן דאָס קינד אף דייַנע הענט, אנשוויגן ווערט די ליד.
ווו נעמט זיך עס אזויפיל מוט אין דייַנע הענט?
דו שמייכלסט און דו ענטפערסט שטיל: „ס׳איז אלץ אין דיר געווענדט".

יאָ, גרויס די קראַפט פון מייַנע הענט אין הענט אין דייַנע צוויי,
די גאנצע וואַרעמקייַט פון הארצן שטענדיק כ׳פיל אין זיי.
אָן דיר, מייַן טרייסט, אָן דייַנע הענט כ׳וואָלט לעבן ניט געוואָלט,
קיין טויזנט אנדערע כ׳באַדאַרף, זיי זאָלן זייַן פון גאָלד.

■

## טריבונע פון לעבן

### זאכאר דיטשאראָוו

# א רײַזע איבערן וואָלגאָ=באלט

אָפטמאָל, ווען מיר ווילן באגרײַפן, וויאזוי עס ענדערט זיך דער אויסזען פון אונדזער לאנד, זעצן מיר זיך ארײַן אין אן אעראָפלאן, לאָזן זיך אוועק אין אויסרײַסעניש, אהין, ווו די עקזאָטיק פון נעכטיקער פארוואָרפנקײַט הויזט מיטן שווונג פון קאָלאָסאלער בויונג, מיר קוקן געפלעפטע אף די קאָנטראסטן און טײַנען: „אָט איז דער נעכטן און אָט — דער מאָרגן!“

און זעט, גאָרניט אזוי ווײַט פון די גרעסטע שטעט אין לאנד, ניט אין סיביר, ניט ערגעץ אפן ווײַטן מיזרעך, ניט אין דער ארקטיק, — קומט פאָר אזוינס, וואָס ענדערט און וועט נאָך ענדערן דאָס לעבן ניט פון איינעם א יישעוו, אפילע ניט פון א געגנט, נאָר פון גאנצע קאנטן. א ברויזיקער, אָנגעשטרענגטער ריטם רײַסט זיך ארײַן, ווי א ברייטער, רוישיקער שאָסיי־וועג, און צעבויטעט דעם גאנצן שטייגער פון שטילע ערטער.

אין א ווײַסער יון־נאכט איז די פראכט־שיף, ווו איך בין געווען דער איינציקער פאסאזשיר, אָפגעשווומען פון לענינגראד און זיך געלאָזט אף צאָפן־מיזרעך.

א שטאָל־גרויער שוימיקער וואסער־וועג איז נאָכגעלאָפן דער שיף, מעוועס האָבן אונדז באגלייט ביז דער לאדאָגע און דאָ איבערגעגעבן די שטאפעט די טוישווים פון היגן אָזערע־קאנט — פייגל מיט ברייט צעשפרייטע פליגל און שווארצע מאנישקעס. נאָך לאדאָגע זײַנען מיר געשווומען מיטן טײַך סוויר און דערנאָך זיך געוויגט אף די כוואליעס פון דער אָנעגער אָזערע.

אין זומערדיקן לײַכטן נעפל זײַנען צערונען הינטער אונדז שטײַלע וואלדיקע ברעגן, זומפיקע טאָלן, פארוואקסענע מיט באשיידענע צאָפן־גראָזן; מיר זײַנען געשווומען פארבײַ נײַע פרייליכע שטעט — קיראָווסק, פאָדפאָראָזשיע — און פארבײַ אלטע און אוראלטע, אזעלכע, ווי נאָוואיא לאדאָגא און לאָדיינאָיע פאָליע. נאָר עפשער איז אין ערגעץ די שכיינעשאפט פון אלט און יונג ניט געווען אזוי בוילעט און באשײַמפערלעך, ווי אין וויטעגרע און ווײַטער אף דאָרעם, אף דער טראסע פונעם וואָלגע־באלטישן קאנאל.

טוסט א קוק אף וויטעגרע פונדערווײַטנס, און עס קומען דיר אנטקעגן לאנג פארגאנגענע יאָרהונדערטער. אף פלאכע בערגלעך דראפען זיך שטיבלעך, א ירושע פון אָוואר. בלעכענע פרענדז אף די קארניזן, מאסיווע ווענט פון ווילדן שטיין אָדער פון גראָבע ברעוונעס. אָפגע־ קראָכענע קלויסטערס. דאָס אלץ — פון דער פארגאנגענהײַט.

און דאָס נײַע? אָ, דאָס נײַע, דאָס יונגע איז קענטיקער, בוילעטער. דעריבער איז איצט, קאָלזמאן די יובלדיקע פרייד פונעם וואָלגאָ־באלט, די גלײַכע ליניע פון זײַנע קאנאלן, די פײַערן פון די שליוזן האָבן ניט אײַנגעשלונגען אונדזער גאנצע אופמערקזאמקײַט, — איז טאקע איצט עפשער פונקט די צײַט א בלעטער טאָן די פארגאנגענהײַט, א מיש טאָן אירע פארגעלטע בלעטער, דערפילן דעם רייעך פונעם אָוואר, קעדיי אין נאָך א העלערער, פריידיקערער שײַן דערזען דעם הײַנט.

נאָך גאָר־גאָר פארצײַטנס האָט מען אין רוסלאנד געטרוימט וועגן א דירעקטן וועג פון באלטישן יאם ביז סאמע דער וואָלגע און פון דאָרטן שוין ביזן קאספישן יאם. די נאטור האָט דאָ אלץ אײַנגעאָרדנט אמבעסטן. די דרײַ גרעסטע אין אייראָפע אָזערעס: לאדאָגע, אָנעגע און בעלאָיע — האָבן זיך אויסגעצויגן אין איין ריטמיש אויסגעבויגענער ליניע, און די טײַכן, וועלכע ליגן צווישן זיי און הינטער זיי, האָבן זיך ווי גענומען פאר די הענט אין איין ריזלדיקן קאראהאָד: ניעווא און סוויר, וויטעגרע, און קאָווזשע, און שעקסנע, וועלכע איז צוגעפאלן מיט דאָרשטיקע ליפן צו דער מעכטיקער וואָלגע.

אין 18־טן יאָרהונדערט האָט רוסלאנד גענומען דורכלייגן וועגן פון מיזרעך אף מײַרעוו — פון די אינווייניקסטע געביטן צום באלטישן יאם: צוערשט די ווישנעוואָלאָטשאָקער סיסטעם, דערנאָך — די טיכווינער. אָבער שיפן האָט מען דאָ געקאָנט אויסניצן בלויז פלאך זיצנדיקע, דערצו זײַנען זיי ניט געשווומען, נאָר זיך מאמעש געשלעפט אזוי לאנגזאם, אז פעטערבורג פלעגט צײַטנווײַז בלײַבן אָן פראָדוקטן.

אין לעצטן יאָר פונעם יאָרהונדערט, אין 1799, האָט מען זיך גענומען בויען די מאריִערי[1] סיסטעם.

נאָך אין 1711 איז פיאָטער דער ערשטער געווען דאָ, לעבן וויטעגרע, און האָט אָפגעגעבן א באפעל — פארריניקן זי מיט קאָווזשע. סאיז אוועק קימאט א גאנצער יאָרהונדערט. און ערשט אין 1799, ווי עס איז אויסגעדאכט אפן אָבעליסק, וועלכער שטייט אף דעם ברעג פון קאָווזשע, האָט „פיאָטערס געדאנק פארווירקלעכט מאריִא. דער

---

[1] אף רוסיש Мариинская система.

קאנאל איז אָנגעהויבן געוואָרן... לויטן באפעל פון איר מאן, דעם אימפעראטאָר פאוועל".

עס האָבן אָבער געמוזט אוועקגיין קימאט נאָך צוויי הונדערט יאָר, ביזוואנען פון ניעווא ביז דער וואָלגע זײַנען אוועק ניט קיין שיפעלעך, נאָר שיפן, מעכטיקע, מײַלן־שלינגענדיקע דאמפערס.

דעמלט, אַף דער גרענעץ פון צוויי יאָרהונדערטער — דעם 18־טן און 19־טן — איז פארלייגט געוואָרן דער אָנהייב פון דער מאריִער סיסטעם: מע האָט אָנגעהויבן בויען דעם קאנאל צווישן די טײַכן וויטעגרע און קאָווזשע. העכער פופציק טויזנט לײַב־אייגענע, צונויפגעטריבענע פון גאנץ רוסלאנד, האָבן מיט לאָפּעטעס, לאָמען און העק אראָפּגעגראָבן בערגלעך, אײַנגעבראָכן פעלדזן, געבויט דאמבעס און שליוזן. א טראָג־ברעטל און א וואָגן — מער האָבן זיי קיין זאך ניט פארמאָגט אף צו פארלײַכטערן זיך די שווערע האָרעוואניע.

אומגעהייער לאנגזאם איז געבוירן געוואָרן דער דאָזיקער וועג, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין ריבינסק, געצויגן זיך איבערן טײַך שעקסנע, איבערן קאנאל בעלאָזיאָרסקי, לענגויס דער אָזערע בעלאָיע, איבערן טײַך קאָווזשע, דערנאָך איבערן נײַ־מאריִער קאנאל, איבערן טײַך וויטעגרע, איבערן אָנעגער קאנאל און ווײַטער איבערן טײַך סוויר, איבערן בײַלאדאָגער קאנאל. און, אײַנשליסנדיק אין זיך די ניעווא, האָט ער זיך פארענדיקט בא די יאם־טויערן פון פעטראָגראד, באם ארײַנגאנג אין באלטישן יאם.

ווען מע האָט גענומען בויען דעם קאנאל, האָט מען זיך געכאפּט, אז די מעלוכע־קאסע איז פוסט און קאָן קיין פרוטע ניט געבן. וווּ נעמט מען געלט? פאוועל דעם ערשטנס ווײַב, די קייסערינע מאריִא פיאָדאָראָוונא, האָט קיין לאנגע שיִעס ניט געמאכט. ווײַבאלד זי איז דער „אפּיטראָפּעס" איבערן קאנאל, האָט זי באפוילן: יעדן יאָר, ביזן סאָף פון דער בויונג, נעמען צו 400 טויזנט רובל פון די סומעס, וואָס זײַנען געווען באשטימט פארן פעטערבורגער יעסוימים־הויז. אזוי האָבן די יעסוימים „געגעבן א האלוואָע" דעם קאנאל.

אין 1810 איז דער קאנאל איבערגעגעבן געוואָרן אין עקספּלואטאציע.

דורך דרײַ גובערניעס — וואָלאָגדער, אָלאָנעצער, פּעטערבורגער — האָט זיך געצויגן דער נײַער וועג. געהילץ און באקאלייִ־סכוירעס, פיש און ברויט, פּרוכטן און גרינס, דערנאָך אויך נאפט האָט ער געטראָגן אף זײַן רוקן. דאָס איז געווען א וויכטיקע ארטעריע אינעם טראנספּאָרט־אָרגאניזם פונעם לאנד, א ביז גאָר וויכטיקע.

אָבער וויִאזוי האָבן זיך באוועגט די פּראכטן איבער דער מאריִער סיסטעם?

לאָמיר נאָכאמאָל אופמישן די בלעטלעך פון דער ניט ווײַטער פארגאנגענהײַט...

איבער א שמאָל שטעגל לענגויס דעם קאנאל שפּאנט א שורע מענטשן. מיטן גאנצן קויעך זיך אָנגעלייגט אף דער ליאמקע, דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט, די פיס אין לאפּטיעס אײַנגעקלאמערט אין דער ערד, שלעפּן זיי איבערן קאנאל א שיף. „בורלאקעס" — די סאמע ביליקע, די סאמע צוגענגלעכע שלעפּ־קראפט.

ס'מאכט זיך, אז די שיף שלעפּן פערד, עס פײַפּן בײַטשן, מיט באנומענע קוילעס שרײַען אף זיי מענטשן. דאָס פרילינג־געוויסער האָט אונטערגעשווענקט דעם ברעג, און צוזאמען מיט שטיקער ערד גיבן זיך א גליטש אראָפּ אין קאנאל אי די פערד, אי די מענטשן.

די סיסטעם האָט מען, ווי זאָגט מען עס, געלאטעס און געצירעוועט — ווו טיפער געמאכט, ווו איבערגעבויט. אָבער אפילע דאן, ווען די קאראוואנען בארזשעס האָבן גענומען שלעפּן איבערן קאנאל פארייכערטע, פארפּראצעוועטע בוקסירן, האָט דער וועג פון ריבינסק ביז פעטערבורג געדויערט 45—60 מעסלעס.

אָן א שיר פּראָיעקטן פון ראדיקאל איבערבויען די „מאריִנקע" זײַנען געבוירן געוואָרן פאר די אָנדערהאלבן הונדערט יאָר פון איר עקזיסטענץ, נאָר קיין וועזנטלעכע ענדערונגען זײַנען ביזן 1917 יאָר ניט פאָרגעקומען.

אויך נאָך דער רעוואָליוציע האָט מען זיך צו דער רעאָרגאניזאציע פון דער סיסטעם גענומען ניט גלײַך. אָבער ווען ס'איז געקומען די צײַט, זײַנען די ענדערונגען געווען אזוי טיף, אז די אלטע מאריִער סיסטעם איז געוואָרן ניט מער ווי א ווײַטע דערמאָנונג.

אין 1964 האָט די סיסטעם, וואָס האָט אזוי לאנג געטראָגן א נאָמען פון דער קייסערינע, וועלכע האָט אַף פינאנסירן די בויונג גענומען א „האלוואָע" בא די יעסוימים, אופגעהערט צו עקזיסטירן. דער נײַער סיסטעם האָט מען געגעבן א קורצן און ענערגישן נאָמען וואָלגאָ־באלט.

וואָלגאָ־באלט... ווי מיט העכער הונדערט יאָר, הייבט זיך אָן די קאנאלן־סיסטעם בא די ברעגן פון באלטישן יאם. און שוין, און דערמיט ענדיקט זיך דער „ווי", די ענלעכקײַט.

דורכזיכטיק־ווײַס איז געווען די זומערדיקע נאכט, ווען מיר זײַנען דורך דער ניעווא געקומען צו דער לאדאָגע און זיך געלאָזט ווײַטער.

די בארימטע לענינגראדער בריקן האָבן זיך צעטיילט אף צווייען און זײַנען געבליבן הענגען פון ביידע זײַטן ניעווא — דער וועג איבערן טײַך פון יאם צו יאם איז געווען אָפן.

ניט געײַלט זײַנען פארבײַ די בריקן געשוווּמען הויכע און לאנגע שיפן, פון הינטן באזונדערס ענלעכע אף אָקעאן־טראנספּאָרטן. מע האָט זיי געבויט אף דער וואָלגע, אין סאָרמאָוואָ און גאָראָכאָוועץ, געבויט אפן דונײַ, אפן וויאטקע־טײַך. איצט פירן זיי אין די טיפע בײַכיקע טריומען מינעראלע באגיטיקונג, מאשינעס, סכוירעס, אָנגעקומענע פון אויסלאנד אין לענינגראדער יאם־פּאָרט.

עס ווארט אף זיי א לאנגער וועג. אייניקע שיפן וועלן גיין צו דער וואָלגע — צו גאָרקי, יאראָסלאוול, וואָלגאָגראד, אנדערע נאָך ווײַטער — קיין באקו, אָדער איבערן וואָלגאָ־דאָן — צום אזאָווער און צום שווארצן יאם. נאָך אנדערע שווימען קיין קאלינין, קיין מאָסקווע.

אין דער שײַן פון דער ווײַסער צאָפנדיקער נאכט האָבן בלייך געלויכטן די סיגנאל־פײַערן אף די שיפן. מיר זײַנען געגאנגען אין קילוואטער פון א גאנצן קאראוואן. געגאנגען ארוף־צו, איבער דער ניעווא. אונדז אנטקעגן האָבן זיך ווי געגליטשט איבער די כוואליעס „סאָרמאָווישעס", „באלטיִיקעס", „טשעשקעס", „רומינקעס" — אזוי רופט מען דאָ פארצויגן די נײַע שיפן לויט דעם אָרט, ווו זיי זײַנען געבוירן געוואָרן.

געשוווּמען זײַנען זיי פון טשערעפּאָוועץ מיט מעטאל, וואָס איז דאָרט אויסגעשמאָלצן געוואָרן אפן מעטאלורגישן גיגאנט, פון ארכאנגעלסק — איבערן בעלאָמאָר־קאנאל — מיט געהילץ אף עקספּאָרט און מיט רוישטאָף פאר די פאפּיר־פאבריקן, פון באקו און פון דער טאָטערישער רעפּובליק — מיט קוילן, נאפט און מאשינ־

אייל, געשווומען דירעקט פון דעם אָרט, ווו דאָס אלץ איז געמאַכט און פאַרגרייט געוואָרן, צום אָרט, ווו עס וועט פאַרברויכט ווערן.

איצט, ווען עס זײַנען שוין פאַראַן שיפן אוניווערסאַלן, וואָס קאָנען שווימען אי איבער טײַכן, אי איבער אָזערעס, אי איבער יאַמען, האָט זיך אויסגעשפּרייט א גלײַכער וועג פון וואָלגע, קאַמע, סוכאָן, צאָפּן־דווינע, פון דאָן און אָנעגע קיין קאַלינינגראַד און טאַלין, קיין ריגע און נאָך ווײַטער — צו אונדזערע שכיינים, ביז דעם דײַטשישן ראָסטאָק, ביז דער פּוילישער גדיניע, ביז פינלאַנד, שוועדן...

מיט וואָס פאַר א שנעלקײַט און ווי ראַדיקאַל עס האָט זיך פאַר דער קורצער צײַט, זינט די ערשטע שיפן זײַנען דורכגעגאַנגען דורך די שליוזן פון וואָלגאָ־באַלט, געביטן דער גאַנצער פּייזאַזש אַף די וועגן פון די צאָפּן־מײַרעוודיקע טײַך־באַסיינען! לענינגראַד איז ווירקלעך געוואָרן א פּאָרט פון פינף יאַמען. דער קאַספּישער און דער ווײַסער יאַם, די באַלטיק, דער אַזאָווער און דער שוואַרצער יאַם האָבן זיך איבער טויזנטער קילאָמעטער דערלאַנגט די הענט.

דער טײַך־וועג פון דער באַלטיק ביז צו די ברעגן פון שוואַרצן יאַם איז אין פאַרגלײַך מיטן יאַם־וועג אַרום אייראָפּע קירצער מער ווי אין צוויי מאָל.

אָט דאָס איז ער, דער הײַנטיקער וואָלגאָ־באַלט!

אין דער יונג געוואָרענער און באַנײַטער וויטעגרע זײַנען מיר אַרײַן אין דעם שליוז נומ. 1. ערגעץ אין א זײַט איז געבליבן דער אַלטער שליוז נומ. 1. דער נײַער שליוז האָט געלעבט מיט אַן אָנגעשטרענגט, קאָכיק לעבן.

באַם פּולט אין א הויכן ראָז־ווײַסן טורעם איז געשטאַנען דער וואַכטע־שעף. איין מאַך מיט דער האַנט, און די שווערע טויערן — אָנדערהאַלבן הונדערט טאָן מעטאַל — גיבן זיך א שפּאַר אויף, אין דער קאַמערע פון שליוז פלייצן אַרײַן מעכטיקע שטראָמען וואַסער, וואָס הייבן אויף די שיף אַלץ העכער און העכער...

דער אַלטער שליוז מיט די הילצערנע טויערן, מיט דער ענגער קאַמערע האָט שווײַגנדיק געקוקט אַף זײַן יינגערן רוישיקן ברודער. מע האָט אים דאָ איבערגעלאָזט, דעם זאָקן, לעזיקאָרן, עס זאָל ניט פאַרגעסן ווערן די שווערע האָרעוואַניע, דער גרויסער אופּטו פונעם פאָלק, וואָס האָט מיט הוילע הענט אויפגעבויט די מאַריִער סיסטעם מיט דער האַלבער מייע שליוזן, דרײַ און דרײַסיק דאַמבעס און באַ זיבן הונדערט פאַרשיידענע ריכטדאַמבעס, בריקן, טרויבן, קעדיי די שיפן, וועלכע זײַנען געגאַנגען פון דער באַלטיק, זאָלן זיך צוערשט קאָנען אויפהייבן אַף 122 מעטער און דערנאָך אַראָפּלאָזן זיך אַף 40 מעטער.

באַם אַרײַנגאַנג אין דעם אַלטן שליוז זײַנען אַמאָל געשטאַנען ניט קיין מעכטיקע מאָטאָרן, נאָר פּאָשעטע רוסישע פרויען אין וואַלווענע טיכלעך אַף די קעפּ. אָנגעלייגט זיך מיט דעם גאַנצן קויעך אַף דער הילצערנער ראָד, פלעגן זיי עפענען דעם וועג פאַר די שיפן. אַזוי איז עס געווען.

דער איצטיקער וואָלגע־באַלטישער קאַנאַל, וואָס האָט די לענג 361 קילאָמעטער, — דאָס איז קודעמקאָל זיבן גיגאַנטישע טרעפּ־שליוזן, זיבן אײַזנבעטאָנענע אָנשטאָט דרײַ און פופציק הילצערנע. דאָס זײַנען אײַזנבעטאָנענע קאַמערעס, וואָס יעדערע פון זיי האַלט דרײַ הונדערט מעטער די לענג. הײַנט זייער ברייט... יעדערע איז אַזוי ברייט, אַז אין איר קאָנען פרײַ שטיין בישכיינעס צוויי גרויסע שיפן. אַזעלכע, ווי אונדזער „בעלאַיא“, וועלן זיך אויסשטעלן זעקס!

ניט קיין גאַנצן נאַוויגאַציע־סעזאָן, ניט קיין לאַנגע וואָכן דאַרף מען איצט האָבן אַף צוקומען פון דער וואָלגע ביז לענינגראַד, נאָר דרײַ־פיר טעג. א פּילטאָנאַזשיקע שיף גייט דאָ מיט דער שנעלקײַט פון 400 קילאָמעטער א מעסלעס, קימאַט ווי א פראַכט־צוג. און די הויצאָעס זײַנען אין דרײַ מאָל קלענער, איידער אַף דער אײַזנבאַן.

רויִק און שטיל האָבן זיך געעפנט און פאַרמאַכט די שטאָלענע טויערן, ענלעכע אַף צעשפּרייטע פליגלען פון א מאָדנעם פויגל. די שיף שטעלט זיך אָפּ באַם „רים“ — א ספּעציִעלע באַוועגלעכע אײַנריכטונג, וואָס האַלט די שיף אַף אַן אָרט באַם שליוזעווען זי.

עס קלינגט די קאָמאַנדע פונעם וואַכטע־שעף: „אויפמערקזאַם! מיר הייבן אָן אָנפילן דעם שליוז“ — און גלײַך הייבט אָן מיט א גערויש זיך אַרײַנקײַקלען אין שליוז א שוימיקע, קאָכיקע כוואַליע. זי פאַרפילט די קאַמערע מיט אַזא דראַנג און שנעלקײַט, אַז די שיפן הייבן זיך אָן צו וויגן, פּונקט ווי זיי וואָלטן מיט אומגעדולד זיך געריסן פאָרויס.

מיר וויגן זיך אַפן דעק פון א פײַכטן, טיפן באַרגשפּאַלט, פינף שטאָק די הייך. איבער זײַנע ווענט יאָגן אַראָפּ ריטשקעלעך. אונטער אונדז ווערט אַלץ מער און מער וואַסער. אָט זײַנען מיר שוין אויבן. דער שאָטן, וואָס האָט פאַרשטעלט פון אונדז די זון, פאַרשווינדט. ווי ווײַט דאָס אויג כאַפּט, זעט מען פעלדער, מאַסטבוימער פון הויכוואָלטיקע ליניעס, נײַע יישובים, פאַבריקן, אַספאַלטירטע וועגן און יאָגנדיקע אין דער ווײַט אויטאָמאָבילן.

מיר שווימען פאַרבײַ געאָמעטריש אײַנפאַכע און דאָך גראַנדיִעזע און מאַיעסטעטישע געבײַען. אַף יעדן טריט און שריט פילסטו, אַז דאָ איז אַלץ געטאָן געוואָרן לעשעם דעם מענטשן, פאַר זײַן וווּל וועגן.

דו גייסט איבער די קאַיוטעס פון א נײַער שיף, וואָס מאַכט דורך אירע ערשטע רייסן איבערן קאַנאַל, און דו זעסט, ווי ס'איז דאָ אַלץ דורכגעטראַכט אַזוי, אַז דעם מאַטראָס זאָל זײַן באַקוועם, אָנגענעם און היימיש; הייבסטו זיך אויף אינעם שליוז־טורעם, באַמערקסטו ניט נאָר די פּראַכטפולע אויטאָמאַטיק, נאָר אויך די שטראָמען ליכט און לופט, וואָס גיסן זיך פון די הויכע, ביז דער סטעליע, פענצטער, די בלומען, די טעפּיכער; קוקסטו אַף די יונגע מאַטראָסן, וואָס שטייען באַם רודער פון דער שיף, טראַכסטו, אַז זיי האָבן אַפילע קיין אַנונג ניט וועגן דער אויסוועגלאָזער אָרעמקײַט, וועגן דעם ביטערן יאָך און נויט, וואָס האָבן פריִער געהאַלטן אין קלעם די היגע ערטער.

פאַרבײַ אונדז שווימען די אַלטע שליוזן, וועלכע זײַנען געבליבן ליגן אָן א זײַט פון דער איצטיקער טראַסע — דער צוועלפטער, דער פערצעטער. אָט איז דער פאַרגאָסענער אַכצעטער, און ווײַטער שווימען מיר פאַרבײַ דעם אויסגעטריקנטן נײַן־און־צוואַנציקסטן, וואָס איז אַזוי ענלעך אַף א שמאָלער, פלאַכער ערד־מולטער. אַגעוו, אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען זיי טאַקע אַזוי רופן, די שליוזן: „מולטערס“.

קעדיי די דאָזיקע „מולטערס“ זאָלן אַף אייביק פאַרשווינדן און אָנשטאָט זיי זאָל זיך שלענגלען אַזא טיפער,

גלײַכער טײַך, האָט מען געמוזט ארויסנעמען 62 מיליאָן קובאָמעטער ערד. כ׳וועל ניט פארגלײַכן די דאָזיקע גיגאנטישע ארבעט ניט מיט דער פּיראמידע פונעם מיצרישן פּארע כעאָפּס, ניט מיטן פּאנאמער אָדער מיטן סועצער קאנאל. כ׳וועל פּאַשעט זאָגן, אז אָנדערהאלבן טויזנט אווטאָמאָבילן, הונדערטער הייב־קראנען און עקסקאוואטאָרן, בולדאָזערן, קאָמפּרעסאָרן און עלעקטרישע שוויס־אפּאראטן, העכער א האלבע מייע הידראָמאָניטאָרן, — דאָס אלץ האָט דאָ געהאט אין זײַן רעשוס דער מענטש, וואָס האָט געארבעט לעשעם דעם מענטשן.

די פּראכט־שיף „בעלאיא“, אף וועלכער איך בין אָפּגעשווומען פון לעני‍נגראד, איז געווען געלאָדן מיט קאָנטיינערס, ענלעכע אף קאָלאָסאלע ציגל. קעדיי צו נעמען וואָס מער פּראכט, האָט מען אוועקגעשטעלט די קאָנטיינערס אין עטלעכע רייען. האָט זיך ארויסגעוויזן — מע קאָן ניט ווי ס׳געהער צו זײַן פּארמאכן די טריומען.

אין פּעטראָקרעפּאָסט, א פּאָרט, פון וועלכן עס הייבט זיך אָן דער וועג איבער דער לאדאָגע, האָט דער דיספּעטשער קאטעגאָריש פארבאָטן צו שווימען איבער דער אָזערע. נו, יאָ, ווער שפּארט זיך דען, איצט איז דער וועטער א גוטער, און קיין ווינט איז ניטאָ. אָבער גיי הייב זיך אָן מיט דער לאדאָגע! און טאָמער זאָל זיך אזוי ניט מאכן, ווי עס מאכט זיך, עס גיט א פּלי אָן פון ערגעץ א שקוואל, די כוואליעס וועלן דעמלט איינס און צוויי פארגיסן די שווער געלאָדענע „בעלאיא“, וואָס גייט נאָך דערצו מיט ניט קיין פארמאכטע טריומען... ניין און נאָכאַמאָל ניין... גיין מוז מען נאָר דורכן קאנאל!

דער קאפּיטאן פונעם דאמפּער אלבערט רומיאנצעוו, א יונג מיט א פּאָר ברייטע פּלייצעס און פריילעכע אויגן, איז געוואָרן אן אופגעקאָכטער:

— שוין גאָר אזוי! פינף קילאָמעטער א שאָ זיך שלעפּן!

סײַ ער, סײַ דער יונגער מעכאניקער באָריס זויעוו זײַנען אזוי לאנג ארומגעלאָפן, אײַנגעטײַנעט מיטן שעף פונעם פּאָרט, געקלונגען אין לענינגראד, ביז זיי האָבן זייערס געפּויעלט. נו געוויס, א ריזיקע איז פאראן. איז וואָס? זיי שווימען דען דאָס ערשטע מאָל איבער דער לאדאָגע?

און אָט ארבעטן שוין בײדע דיזעלן מיט דער מאקסימאלער אָנלאָדונג, מיר שווימען דורך דער אָזערע. א קײַמעלאָן פון פּופּצן שאָ פארשפּאָרט.

מיר שווימען, און אנטקעגן שווימען די מיט טונקעלן וואלד פארוואקסענע ברעגן. און עס קומט מיר אפן געדאנק, אז ווען דאָ איז דורכגעפירט געוואָרן די מאריִער סיסטעם, האָט דער דאָזיקער וואלדיקער קאנט דערפון קימאט ניט אופגעלעבט. פון וואָס זאָל ער געווען אופלעבן? דערפון, וואָס די פּויערים פון אנריסאָוואָ, מארקאָוואָ, דעוויאטין, רובעזשי, ניליאָוועץ[1] האָבן זיך אָנגעדונגען פּאר בורלאקעס, פּליטנטרײַבער, פורמאנעס? און זייערע פרויען — די גרויע פּאטשיילקעלעך אף די קעפּ — האָבן זיך אוועקגעשטעלט בא די שליוזן, שווער זיך אָנגעלענט אף דער הילצערנער ראָד און, ווי פערד אפן טויק, זיך געטויטשעט אף איין אָרט, טויזנטער און טויזנטער מאָל אף איין אָרט!

— אוי, האָבן מיר דאָ א האָרעווע געטאָן, אף דער מאריִינקע, — האָט מיר געזאָגט אן עלטערע פרוי, אן אָרטיקע, ווען מיר זײַנען געשטאנען אפן פערטן שליוז. — א האָרעווע געטאָן, איר מעגט זיך פארלאָזן... — און ווען איך קוק זיך צו צו איר פארווינטיקט פּאָנעם, צו די שארפע שטריכן און פריִע קנייטשן, זע איך: יאָ, מע מעג זיך פארלאָזן... — און איצט, — זעצט זי פאָר, — איצט זיצסטו זיך אין טורעם, טוסט א דריי פון רעכטס, א דריי פון לינקס. איצט האָט בא אונדז דאָס לעבן אופגעלויכטן.

דורך דעם גורל פון זאכן הייבט מען אמאָל אָן בעסער צו פארשטיין דעם גורל פון מענטשן. זאכן דינען אלעמאָל דעם מענטשן, אָבער וויאזוי? דער סועצער קאנאל, די מאריִער סיסטעם האָבן אויך געדינט מענטשן: טויזנטער געגעבן א דאר שטיקל ברויט, און אויסדערוויילטע — שטיקער גאָלד.

איך שטיי אין טורעם פונעם זיבעטן שליוז. א הויכער, מיט גרויסע ליכטיקע פענצטער, דערמאָנט ער אין א לײַכט־טורעם. באם פּולט שטייט דער וואכטע־שעף אלעקסיי סאָלאָדאָוו, א רויִקער מענטש מיט לאנגזאמע באוועגונגען.

עס לײַכטן אפן פּולט קאָלירטע פײַערלעך, מע זעט די שווארצע פלעקן פון די קנאָפּקעס. עס שטייען פּאנעלן מיט אָן א שיר דראָטן, קאָנטאקטן, פארשיידענע עלעקטרע־אײַנריכטונגען. און אונטן, קימאט באם צופוסנס פונעם טורעם, — קאָלאָסאלע צאָן־רעדער, מעכאניזמען און קייטן, גראָבע, ווי טראָפּישע שלאנגען.

דאָס אלץ פאָלגט איצט געהאָרכזאם אלעקסיי סאָלאָדאָוון.

ווער האָט דאָ, אפן וואָלגאָ־באלט, ניט געהערט וועגן דער דינאסטיע סאָלאָדאָווס? אלעקסייס פאָטער איז 22 יאָר געווען שעף פונעם שליוז אין קאָוושע, און דער זיידע איוואן אנדרייעוויטש האָט געארבעט באם סויכער קונין, געפירט יענעמס שיף איבער דער מאריִינקע. דער שטענדיקער מארשרוט זײַנער, טאָג נאָך טאָג, יאָר נאָך יאָר — פונעם דאָרף קראָכינאָ ביז פּעטערבורג. וועגן קיין אנדערע ראכוועסן האָט ער אפילע כאָלעמען ניט געקענט.

ווער געדענקט אָבער איצט דאָ, אפן וואָלגאָ־באלט, אז ס׳איז געווען אמאָל א סויכער, וועלכער האָט געהייסן קונין? דאָס דאָרף קראָכינאָ איז געבליבן אפן דעק פון טשערעפּאָוועצער יאם. און פון דער דינאסטיע סאָלאָדאָווס ארבעטן איצט אפן זיבעטן שליוז דרײַען: אלעקסיי, פּאַוועל און וואסיל.

יאָ, בא אונדז אין לאנד איז דער גורל פון אזעלכע מענטשן א גאנץ געוויינלעכע זאך. עס וואָלט זיך אָבער װעלן, אז בא די דאָזיקע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן א געוויינלעכן גליקלעכן גורל, זאָל אין זיקאָרן פארקריצט ווערן אף אייביק, וויפל טיטאנישע מי, בלוט און קאָרבאָנעס דאָס האָט געקאָסט.

בא די מענטשן אונטער די הענט וואקסן זאכן, אָבער צוזאמען מיט די זאכן, מיט דער טעכניק, מיט די געבײַען וואקסן זיי אליין, די מענטשן, די שעפער פון דעם אלעם. און עס וואקסט אין זיי די וווּנדערלעכע זאָרג, אָן וועלכער ס׳איז הײַנט ניט מעגלעך דאָס לעבן פון יעדן סאָוועטישן מענטשן, — די זאָרג וועגן קלאל, וועגן דעם גאנצן לאנד.

איך האָב זי געזען, געפילט בעכוש, די דאָזיקע גוטע זאָרג, אי בא דעם יונגן שווארצכיינעוודיקן אינזשעניער הידראָטעכניקער באָריס פּינטשוק, אי בא דער עלעקטראָ־

1 דערבײַיִקע דערפֿער.

שווייסערן נינע מעלניטשענקאָ, אי באַ דעם אַרמאַטור־שטשיק אַלעג ראָמאַנאָוו, וועלכע בויען די טשערעפּאָוועצער הידראָעלעקטראָסטאַנציע, — באַ די אַלע, מיט וועמען איך בין געשווומען צום דאָרעם־פּאָרט פון דער הויפּט־שטאָט...

א צײַט פאַר דעם, איידער אױף דער טראַסע פון וואָלגאָ־באַלט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בויער, זײַנען געקומען אַהער די אויסשפּירער — די הידראָלאָגן מיט זייער קלאָפּערגעצײַג. כוידעש נאָך כוידעש האָבן זיי געדולדיק און אויפמערקזאַם געזאַמלט ידיעות וועגן דעם וואַסער־רעזשים פון די טײַכן און אָזערעס, וועגן דער שנעלקײַט פון דער שטראָמונג, וועגן דעם וואַסער־באַלאַנס אין פאַרשיידענע צײַטן פון יאָר.

די אַלע באַאָבאַכטונגען, דער גאַנצער בונטער געווימל פון ציפערן, אָנגעאַבן און טאַבעלעס, זײַנען, ווי ריטשקעס אין טײַך אַרײַן, געפלאָסן אין דער לענינגראַדער אָפּטייל פונעם אינסטיטוט „הידראָענערגאָפּראָיעקט“ צום הויפּט־הידראָלאָג אַלעקסאַנדער יעפימאָוויטש גערשמאַן. און דאָ, אין דעם שטילן צימער, האָט מען געמאַכט אויספירן, צונויפגעשטעלט פּראָגנאָזן, וואָס זײַנען געוואָרן די באַזע, דער יעסאָד פונעם פּראָיעקט.

נאָכן עטאַפּ פון פאָרשונגען, פלענער, וואַריאַנטן איז געקומען די צײַט פון פּראָיעקטירן.

וועגן דעם, ווי דאָ איז אַלץ צוגעגאַנגען, האָט מיר דערציילט מאַרק אַראָנאָוויטש ווײַנער, דער פאַרטרעטער פונעם הויפּט־אינזשעניר פון פּראָיעקט.

— אויסזאָגן אײַך אַ סאָד, — לאַכט דער דאָזיקער פולבלעכער, געזעצטער מענטש, — שוין צוואַנציק יאָר, ווי איך האָב זיך פאַרקויפט דער טײַך־סטיכיי.

וואָס עמעס איז עמעס. נאָך גאָר אַ יונגער אינזשעניר, איז ער געקומען אױף די טײַכן פון צאָפן. ער האָט דערלערנט די זיטן און מידעס פון דער מײַרעוו־דווינע און פונעם סוכאָן, אין די פערציקער יאָרן זיך פאַרנומען מיט איבערבויען און פאַרבעסערן די מאַריִער סיסטעם. און ווען ס'איז געקומען די צײַט פון פּראָיעקטירן וואָלגאָ־באַלט, מיט וויפל כיישעק און האַסמאָדע האָט ער זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט!

דער נײַער קאַנאַל געפינט זיך שוין אין עקספּלואַטאַציע, נאָר די פּראָיעקטאַנטן האָבן נאָך ניט געזאָגט: אַד קאָן. עס ווערט נאָך געבויט די שעקסנער הידראָעלעקטראָ־סטאַנציע, עס בויען זיך נאָך די נײַע יישוּווים פאַר די איצטיקע באַלעבאַטים פונעם וואָלגאָ־באַלט. די טראַסע דערפירט מען, אַזוי צו זאָגן, צו שליימעס — צו דעם סאַמע פּינקטלעכן ניוואָ, טיף און גרייס. זיי האָבן נאָך היפּש וואָס צו טאָן, די פּראָיעקטאַנטן — אונדזער נײַער באַקאַנטער מאַרק אַראָנאָוויטש און זײַנע כאַווײרים.

וואָלגאָ־באַלט איז פאַרטיק, און וואָלגאָ־באַלט ווערט נאָך געבויט.

די מענטשן, וואָס מויִעכן איבער די כעזשבוינעס, איבער די צייכענונגען, זײַנען ניט קיין פּוסטע פאַנטאַזיאָרן, דאָס זײַנען שעפער פון דער צוקונפט, מענטשן פון רעאַלע טרוימען. דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן טאָן פראַכט פאַר איין נאַוויגאַציע, ווי ס'איז געווען שוין אין 1964, — דאָס איז ערשט דער אָנהייב. אַלע צוואַנציק מיליאָן טאָן, זאָגן זיי, וועט טראַנספּאָרטירן דאָס וואַסער, און טאַקע גאָר אינגיכן, אין אַ יאָר פינף אַרום.

וואָלגאָ־באַלט איז פאַרטיק. מע וועט נאָך זעצן ביימער אױף זײַנע אָפּהאַנגען, זייען גראָזן און בלומען. עס אַרבעטן נאָך וו־ניט־וו הידראָמאָניטאָרן, רעפּולערן, ערד־שעפּערס, דאָס איז אָבער, אַזוי צו זאָגן, קאָסמעטיק.

וואָלגאָ־באַלט איז פאַרטיק.

דעם 12 דעקאַבער 1964 האָט ער באַקומען זײַן פולן און פאַרדינטן נאָמען — וואָלגע־באַלטישער קאַנאַל אױפן נאָמען פון וו. אי. לענין.

מיר זײַנען געשווומען אױף דאָרעם. איבערגעלאָזט הינטער זיך וועלדער און בערגלעך, קאָלווירטישע פעלדער און בויונגען. אָט האָבן מיר זיך שוין געזעגנט מיט טשערעפּאָוועץ, אָט דער רוישיקער שטאָט פון מעטאַלורגן. פאַר אונדזערע אויגן שפּרייטן זיך די וואָלגער ראַכוועסן.

די נײַע סיסטעם — אַ מאַיעסטעטישער דענקמאָל פון דעם אַרבעטס־ענטוזיאַזם פון אונדזער פאָלק — איז אַרײַן אין לעבן.



## 50־טער יאָרצײַט פֿון י. ל. פּרעץ

אויזער האַלדעס

# אונדזער פּערעץ

פּאַר מײַנע אויגן — א זעלטענע, נישט צו קריגן איצטער, אויסגאבע: א דינינק ביכל, ארויסגעגעבן אין אפּרעל 1916 (ווילנע, קלעצקין־פארלאג) צום ערשטן יאָרצײַט פון יִצחאָק־לייבוש פּערעץ. דערינערונגען, א פּאָר ארטיקלען און א מײַסע וועגן באלשעם „דראַשע־געשאַנק" פון פּערעצעס איבערגעבליבענע, דעמלט נאָך ניט פארעפנטלעכטע שריפטן. דאָס גרעסטע ארטיקל וועגן פּערעצן אין אָט דעם ביכל איז באלמאכשאָוועסעס. סע שטעלט מיט זיך פּאָר א פּרווו צו פאראלגעמיינערן פּערעצעס שאפונג, ארויסברענגען דאָס מאמאָשעסדיקע, וואָס זאָל דינען פאר שפּעטערדיקע פאָרשונגען. פאראן אין באלמאכשאָוועסעס ארטיקל אינטערעסאנטע שטריכן פונעם שרײַבערס כאַראקטער, פאראן אויך, נישט געקוקט אף זייער אומקלאָרקײַט און ווידערשפּרעכלעכקײַט, אייניקע ציקאווע האשאָרעס. אָבער ניט אין דעם באשטייט דער צענטראַלער פּונקט, דער יעסאָד פונעם ארטיקל.

באלמאכשאָוועס שטרעבט קעגנשטעלן פּערעצן דעם רעאליסט — פּערעצן דעם ראָמאנטיקער; נאָך מער, ער באמיט זיך מיט אלע קויכעס אָפּצופרעגן פּערעצעס רעאַליזם, דערווײַזן די טרוקענע און היפּש פארעלטערטע האסקאָלע־טענדענציִעזקײַט אין זײַנע רעאליסטישע ווערק, דערווײַזן, אז דער גרויסער, דער עמעסער פּערעץ, דער קלאסיקער, איז דורכויס א ראָמאנטיקער מיט א נעטיִע צו מיסטישע וועגן. באלמאכשאָוועס שרײַבט:

„...פּערעצעס באציִונג צום יִדישן לעבן איז געווען א טאָפּלטע, א רעאליסטישע און א ראָמאנטישע, און דערבײַ האָט מען באמערקט, אז איטלעכס מאָל, ווען ער טרעט צו צום יִדישן לעבן מיטן אינסטרומענט פון א רעאליסט, קאָן ער זיך נישט באפרײַען פון די האסקאָלע־טענדענצן. דעמלט אָבער, ווען ער נעמט כאָלעמען פון א יִדיש לעבן, צי אין דער פארגאנגענהײַט, צי אין דער צוקונפט, באַקומט ער די טענדענץ פון א מאָדערנעם אייראָפּייער, וואָס איז דורכגעדרונגען פון א געוויסער עסטעטישער און מיסטיש־רעליגיעזער קולטור. פּערעץ פון דעם „שטרײַמל", פון דעם „מעשולעך" און פון זײַנע „בילדער פון דער פוילישער פּראָווינץ" איז געווען דער רעאליסט, וואָס וויל שילדערן דאָס לעבן, באנוצנדיק די ביטערע סאטירישע פּעדער פון אן אלטן מאסקיל. פּערעץ אָבער פון די „מעקובאָלים", „דעם רעבנס ציבעק" איז שוין גאָר אן אנדערער..."

און ווײַטער: „אין אים האָט זיך אויסגעמישט די באוווסטזיניקײַט פון א מאסקיל און דאָס פילן פון א מאָדערנעם הײַנטיקן מענטשן... ער האָט געגלייבט אין דעם יִדישן ארבעטער אקוראט אזוי, ווי אן אמאָליקער מאסקיל אין דעם יעשיווע־באָכער, וואָס גרייט זיך ארײַנגיין אין ראבינער־שול, נישט אין יִדישן ארבעטער האָט ער געגלייבט, נאָר אין ארבעטער ביכלאַל... קורץ, פּערעץ דער מאסקיל האָט געהאט די פאָרשטעלונג, וואָס פיל אנדערע פון זײַנע איבערצײַגונגס־כאווירים, אז דאָס יִדישע פאָלק האָט א שטאָלצע פארגאנגענהײַט, האָט נישט קיין נאציִאָנאלע געגנווארט, און זײַן צוקונפט קען נאָר דעמלט געמאָלט ווערן אין שיינע פארבן, ווען עס וועט ווערן א קיבעץ פון מענטשן פּראָדוקטיווע און פרײַע פון טויזנטער ספּעציפישע פאָרורטיילן... פּערעץ דער מאסקיל האָט געמאסקלט מער מיטן קאָפּ, ווי מיט די רײַכע אינסטינקטן פון זײַן הארצן... פּערעץ אין אינסטינקטיוון קאמף פאר דער ריינקײַט פון זײַנע איבערלעבונגען און פאר זײַן פּערזענלעכקײַט האָט א סאך געהאט צו לײַדן דערפון, וואָס דער מאסקיל אין קאָפּ פלעגט אָפּט פארפלאָנטערן דאָס נאטירלעכע אין זײַן רײַכן הארץ" (די אונטערשטרײַכונגען געהערן צו באלמאכשאָוועסן).

עס איז איצט שווער צו באנעמען, וויִאזוי קאָן מען עס איראָניזירן איבער דעם, וואָס פּערעץ האָט געגלייבט אין ארבעטער? וויִאזוי קאָן מען ריידן מיט ביטל וועגן דעם, וואָס פּערעץ דער מאסקיל, פּערעץ, ווע מען באלמאכשאָוועס שעצט קנאַפּ, האָט געזען די צוקונפט בלויז אין א קיבעץ פון פּראָדוקטיווע און גײַסטיק פרײַע מענטשן? דאָס איז דאָך גוט, אויסגעצייכנט, ביז הײַנט צו טאָג פּראָגרעסיוו! באלמאכשאָוועס וויל צעקריגן פּערעצעס באוווסטזײַן מיט זײַן רײַך הארץ, מיט זײַנע איבערלעבונגען, ער וויל קעגנשטעלן דעם פארנונפט צו דעם אונטערבאוווסטזײַן, צו דער אינסטינקטן־וועלט.

נישט קעדיי האָבן פון וואָס צו אָפּשטויסן זיך, האָבן מיר זיך פארנומען מיט באלמאכשאָוועסעס ארטיקל. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז דאָס געווען אן אייגנארטיקע פּראָגראם, וואָס האָט, צום באדויערן, געהאט א ווירקונג.. אזוי אָדער אנדערש, איז אזא ארט אופנעמען און פארשטיין פּערעצן געווען אייגנטימלעך פיל קריטיקער און שרײַבער. פּערעץ איז ביז גאָר קאָמפּליצירט. אין די טעג, ווען מיר טרויערן דאָס פופציקסטע מאָל איבער זײַן

פריצײַטיקן אװעקגײן פון אונדז, דארפן מיר, נישט אויסמײַדנדיק די קאָמפליצירטקײַט, אין דער עמעסער שײַן זען אונדזער פערעצן.

◆

פערעצעס שאפונג קאָן מען ניט באטראכטן, ניט האָבנדיק אין אויג די פארצװײַגטע פראָבלעמען פון ראָמאנטיזם און רעאליזם אין זייער צוזאמענהאנג און צװישנװירקונג און אין דער קאָנקרעטער היסטאָרישער אומגעבונג.

װאָס יארשענען מיר אין דער פלאך בא פערעצן? װאָס קלינגט בא אים פריש ביז הײַנטיקן טאָג און אף װײַטערדיקע יאָרן? מיט װאָס באפרוכפערט ער און װעט באפרוכפערן אונדזער ליטעראטור? קלאָר, אז ער האָט ניט געקאָנט באגרײַפן דאָס, װאָס איז אונדז געגעבן געװאָרן צו באגרײַפן, אָבער װי א גרויסער שרײַבער, האָט ער ניט נאָר אלזײַטיק אָפגעשפיגלט זײַן צײַט, נאָר אויך ארײַנגעקוקט אין דער צוקונפט. װאָס זשע קאָנען מיר פון אים אָפלערנען?

לאָמיר צוערשט געבן דאָס װאָרט אים אליין, דעם קינסטלער. אין א בריװ צו יעהויעשן (סאָף 1907. „יִװאָ־בלעטער“, 1937, ז. 175) פאָדערט ער: „...קראפט! קראפט!.. האָט ליב אָדער פײַנט, נאָר קװענקלט נישט“. אין א צװייטן בריװ צו יעהויעשן (דאָרטן, ז. 173) איז ער נאָך קאטעגאָרישער: „לאָמיר נעװײִם און פירער װערן, נישט מארשאלקעס...“

מע דארף ניט פארגעסן, אז אָט די װערטער, װאָס דערמאָנען אין פושקינס טרוים, אז דער שרײַבער זאָל זײַן א װעגװײַזער פארן פאָלק, א «властитель дум», זײַנען געשריבן אין 1907 יאָר, װען סע האָט זיך אָנגעהויבן אין צארישן רוסלאנד דער ביטערער רעאקציע־פעריאָד.

ליב האָבן אָדער פײַנט האָבן, ניט שטיין אין א זײַט — דאָס איז א רוף פון א ראָמאנטיקער, װעלכער גיט זיך נישט אונטער די אומשטענדן. סע איז נישט קיין פארדװײַקװעטער ראָמאנטיזם, װאָס קוקט אף צוריק, באהאלט זיך אין דער סימבאָלן־װעלט, שפילט זיך מיט די סימבאָלן, װי מיט פאצערקעס. סע איז נישט קיין ראָמאנטיזם פון ייִעש, װאָס לעצװעט איבער זיך אליין. פערעץ האָט געהאס א רעװאָליוציאָנער געריכטעטע פאָרשטעלונג װעגן דעם, װאָס א קינסטלער איז מעכויעװ צו זײַן. אין 1906 יאָר טיילט ער זיך אין א בריװ צו דאָװיד פינסקין מיט געדאנקען װעגן דעמלטיקע ייִדישע אקטיאָרן (די זעלבע אויסגאבע, ז. 170): „...די בעסטע פון די אקטיאָרן דעקלאמירן, אָבער שפילן ניט. אײַנטראכטן זיך אין א טיפ, אויסשטודירן זײַנע באװעגונגען, באשאפן דאָס רעאלע פארן אידעאלן — אָט דאָס איז דעם ייִדישן אקטיאָר נאָך פרעמד, זייער פרעמד...“ מיר האָבן דאָס רעכט צו צװייפלען, צי איז פערעץ אינגאנצן גערעכט. אונדז דוכט, אז עסטער־ראָכל קאמינסקע, אשטייגער, האָט נישט דעקלאמירט, נאָר געשפילט און געשאפן טיפן. פאר אונדז אָבער איז טײַער און װיכטיק דער געדאנק װעגן דער נייטיקײַט צו באשאפן דאָס רעאלע פארן אידעאלן.

יאָ: פערעץ איז געװען א ראָמאנטיקער, און פיל שטריכן פון זײַן ראָמאנטיזם זײַנען אונדז נאָענט. זײַן ראָמאנטיזם איז נישט נאָר דערהייבונג פון געדאנק און געפיל. ער איז נישט נאָר װידערשטענדלעריש צום דריבנע פױזענדיקן נאטוראליזם. אין די בעסטע װערק פערעצעס איז דאָס א פאָרויסקוקנדיקער ראָמאנטיזם, נישט אָפגעריסן פון דער רעאליע, פארקערט, אין איר, אין דער רעאליע,



י.־ל. פערעץ

װערט ער געבוירן און צו איר איז ער געװענדט. דאָס איז אן אָנגרײַפערישער ראָמאנטיזם, אָנגרײַפעריש קעגן אלטן שימל אין אלע װינקלעך פון לעבן, קעגן אלדאָסבייז, קעגן סאָציִאלן אומרעכט און רעציכע. דאָס איז א ראָמאנטיזם, װאָס נעמט אין זיך ארײַן די שארפע סאטירע און דעם גאליקן סארקאזם.

פאר דעם אייגנארטיקן און אָרגאנישן צונויפשמעלץ פון רעאליזם און ראָמאנטיזם האָט פערעץ אין די אָנצאָליקע נאָװעלן, מײַסעלעך, דיִאלאָגן, עסייען געשאפן נײַע אין דער ייִדישער (און ניט נאָר אין דער ייִדישער) ליטעראטור קינסטלערישע מיטלען. ער איז געװען א זוכער, א נאָװאטאָר מיט א קעסיידערדיקער אידיייִשער אָנגעצילטקײַט. אויסערגעװײנלעכע קאָנצענטרירטקײַט, אָנגעזעטיקטקײַט מיט אינהאלט, שטרענגער אָפקלײַב פון יעדער עפיזאָד און דעטאל; לאקאָנישקײַט, װאָס איז נישט גלאט קיין סינאָנים פון קורצקײַט, װען מע האָט ניט װאָס צו זאָגן, סע איז די קונסט פון קענען פיל זאָגן אין װייניק װערטער; געפרעסטער, פארשארפטער דיִאלאָג, געפרעסט און אינדיװידואליזירט. פערעץ האָט ליב געהאט די קאפוליער אָנצוהערעניש, דעם אָנדײַט, דעם רעמעז. און אָט די אלע עלעמענטן זײַנען צונויפגעװעבט אין איין פאָעטיש דערהויבענעם שטאָף. רעדט מען װעגן פערעצעס רעמאָזים־גאנג, מוז מען דערמאָנען: געװען ייִדישע (און אויך העברעיִשע) שרײַבער, װאָס האָבן אומגעהייער „עקספלואטירט“ פערעצעס פינטעלעך. מע האָט „געפינטלט“, מע האָט „גערעמעזט“. זײַן כאָטש א קאפעטשקעלע פארפלאָנטערט־אומפארשטענדלעך איז צוּמאָל געװאָרן א מין קינסטלערישער ייִכעס.

די סאָװעטישע ייִדישע ליטעראטור, די פּראָגרעסיװע ליטעראטור אין אויסלאנד יארשענען נישט פערעצעס פינטעלעך, נאָר דעם אונטערטעקסט זייערן. מיר קװיקן זיך נישט מיט די „געהיימנישן“, מיר געניסן פון דער קלאָרקײַט זײַנער. אָפט, װען פערעץ האָט נישט דערזאָגט, האָט ער דערמיט אויסגעדריקט דעם צוטרוי צום לייענער, דעם גלויבן, אז דער לייענער װעט דערזאָגן דאָס,

וואָס דער דיכטער האָט געטראכט, ער האָט געוואָלט האָבן אין דעם לייענער א מיטשעפער. אָט די שטריכן פון פּערעצעס קונסט יארשענען מיר.

◆

פּערעץ און דער ייִדישער קלער — דאָס איז איינס פון די באדייַטנדיקע קאפּיטלען אין דעם שרייַבערס יערושע. אָך, ווי איינִיקע „פּערעציסטן" האָבן געגארט (און מע גארט אדהייַעם) דאָס „שטרייַמל" ארייַנצורעכענען צווישן דעם שרייַבערס שוואכע ווערק, דורכגעזאפּטע מיט פארעל-טערטער, טרוקענער האסקאָלע-מעליצע. מיר אונטערשעצן נישט די פארדינסטן פון די מאסקילים אין זייער קאמף קעגן רעליגיעזע זאבאבאָנעס, קעגן פינצטערניש הינטער דעם הייליקן שלייער. מיר ווייסן אָבער אויך, אז פּערעץ בלייַבט ניט שטיין בא הוילער אנטירעליגיעזקייַט. וואָס איז דער טאָך, דער אידייִשער צענטער פונעם „שטרייַמל" און פון א סאך אנדערע ווערק, וועלכע זייַנען צום זעלבן געצילט און פונעם זעלבן טייג געקנאָטן? דעם קירזשנערס גרעסטער פייַנט איז לייב מילנער. די אנטירעליגיעזקייַט איז א טייל פון דער אנטיבורזשואזקייַט. נישט קיין מאס-קילישע אפּיקאָרסישקייַט, — סאָציאַלער סארקאזם שלאָגט פון יעדער שורע. סע איז א סאָציאַלער פּאמפּלעט, און דאפקע ניט קיין שמאָל נאציאָנאלער.

דעם קירזשנערס רייד: „...אויך בין איך געווירע געוואָרן, אז ערד איז ווייניק, פּויערים — א סאך... מע זאָגט: צופיל... אז די איבעריקע פּויערים לייַדן הונגער. אז ווינטער דעריקער רוט דאָס פּויערל נישט... איך קאָן א סאך נאכעס האָבן, אז מייַן סערמיענגע, מייַן פּראצע, ווערט א גאנצן ווינטער אויסגעווייקט, נאָכקריכנדיק א פּאָר פּעגירישע פערד, וואָס שלעפּן לייבל מילנערס טוווע צו 13 גראָשן פּער זאק, פּאר פינף מייַל וועגס?" אף וויפל מייַל איז דאָס ווייַט פונעם טראדיציאָנעלן מאסקי-ליזם! „...וואָס זאָל מען טאָן, אז איך מוז קלערן!" — שרייַט אויס דער העלד. אין דעם איז דער לייטמאָטיוו: פּערעץ גיט דאָס וואָרט דעם ארבעטס-מענטשן, וואָס קאָן זיך בעשום-אויפן נישט אָפּזאָגן פון קלערן און באטראכטן דעם סיידער-האוילעם. נישט דידאקטיש, נאָר אופרייַסעריש איז דאָס ווערק, וואָרעם, ווי זאָגט דער קירזשנער: „אז א מענטש ארבעט פופציק יאָר און עסט פופציק יאָר טאָג-טעגלעך קארטאָפל... מוז אים דאָך אמאָל אייַנפאלן — זיך אָדער לייבל מילנער א מייַסע צו טאָן!"

בלויז איין טרייסט איז פאראן באם אָרעמען קירזשנער: „...מאכנדיק דאָס שטרייַמל, פיל איך, אז איך האלט א פויגל אין דער האנט, און אָט וועל איך זי עפענען, וועט דער פויגל ארופליִען הויך, הויך, קוים מיטן אויג צו דערזען". אונטערן שטרייַמל איז גאָרנישט פאראן. דער קירזשנער איז שטאָלץ דערמיט, וואָס ער איז אימשטאנד ארויסצולאָזן אף קאָהאָל אזא אווידע-זאָרעלע. דער שע-פער פונעם אָפּגאָט שפּעט אָפּ פון די, וואָס בוקן זיך צו אים, און זייַן שפּאָט איז אויסגעווייקט אין ווייי און אין האס...

לאָמיר נאָך א בלעטער טאָן דעם קירזשנערס טרויעריקע געשיכטע וועגן דעם שוועסטער-צווילינג, וואָס די „זינד" פון איינער האָט צוגעדעקט דאָס שטרייַמל און די צווייטע האָט געהאט א שלעכטן סאָף, ווייַל פראנק-און-פרייַ איז געווען איר ליבע. „דער גאנצער כילעק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געשען אפן שול-הויף, אפן אלטן בערגל מיסט, אונטער א ברודיקן שטיק וואָלן-צייַג מיט באזיל-בערטע אויסיעס... נאָר מיטן שטרייַמל, און דאָס צווייטע איז געשען אין א זינגענדיקן וואלד, אף פרישן גראָז, מיט

פרישע בלומען, אונטער גאָטס בלויען הימל אויסגעזייט מיט זייַנע שטערן, נאָר אָנעם שטרייַמל..." וועמעס איז דאָס ווערטער: פּערעצעס צי דעם קירזשנערס? ביידנס! דאָס איז, ווי מיר דוכט, א זעלטענע אידענטישקייַט פונעם שרייַבער און זייַן באליבטן העלד.

פארטיף איך זיך נאָכאמאָל און נאָכאמאָל אין די שורעס און פיל זייער ברענענדיקע (צום באדויערן) אקטועלקייַט. דאָרט, אין מעדינאס-ייִסראָעל, אין די ייִדישע גרויסע יישווים פון אנדערע קאפּיטאליסטישע לענדער, פּענטעט אדהייַעם דאָס שטרייַמל דאָס לעבן פון פאָלק. לייענט לעמאָשל, וועגן די שטרייַטן ארום אנערקענען ציווילע כאסענעס. דאָס שטרייַמל וויל רעגירן, און די אָפּיציעלע ייִסראָעל-רעגירער גיבן דעם נאָך... וויפל יונגע וועזנס האָבן איבער דעם א פארומערט לעבן! פּערעצעס שטורע-מען די זייַלן פון קלעריקאליזם גיט ביז הייַנטיקן טאָג צו מוט אלע באאוולטע פונעם שטרייַמל.

פּערעץ, אין זייַן פאראכטונג צום קלער, איז געווען שטאנדהאפטיק — פון די יונגע יאָרן אָן ביז דער על-טער. אין א בריוו צו העלענען (זייַן פרוי) פונעם 18 יאנוואר 1876 שטעלט ער זיך אָפּ אף דער פראגע וועגן פרומקייַט. ער לאכט אָפּ פון איינעם אן עקס-פילאָסאָף און אמאָליקן אטעיִסט, וואָס איז צוריק פרום געוואָרן, און קומט צום אויספיר: „...אָבער לאָמיר שוין געמאך לאָזן די פרומקייַט... האגאם זי איז צוריק ארייַן אין דער מאָדע, איז זי געוואָרן א שוץ פאר די געמיינע (געמיינע אין זינען פון נידערטרעכטיקע, נישט פון אָרעמע לייַט. — א. ה.), א צודעק פאר די פוילע פּעפּערס... א קוואל פון באגייַסטערונג פאר די קאטוילישע „פּשע-גליאָנדס" (א פוילישע רעאקציאָנערע צייַטונג — א. ה.). זי האָט א נישט אָנגענעמען רייעך, ווייַל נאָך פון מיטל-אלטער אָן אווערט זי מיט בלוט..."

ווי איר זעט, פאראכטעט פּערעץ סייַ דאָס ייִדישע, סייַ דאָס קריסטלעכע שטרייַמל.

◆

פון דער האסקאָלע — צום באזינגען דעם כאסידיזם, די רעליגיעזע און רעליגיעז-מיסטישע וועלט פון דעם פאטריאַרכאלן ייִדן — אָט אף אזא אויפן האָט מען גע-וואגט צייכענען פּערעצעס אידייִיש-קינסטלערישן וועג. דער עמעס איז: פּערעץ האָט אריבערגעשפּאנט די מאס-קילישע אידייען-וועלט (ניט אָפּוואַרפנדיק דאָס ווערט-פולע — בילדונג, וועלטלעכקייַט אדג.), אריבערגעשפּאנט צום באגרייַפן דעם סאָציאַלן טאָך פון דער געזעלשאפט, קעדיי נישט נאָר קלאָגן וועגן שלעכטס, נאָר זוכן די גרונט-סיבעס פונעם שלעכטס. זייַן וועג איז ניט געווען קיין גלאטער, ער האָט געוווסט שטרויכלונגען, ווידער-שפּרוכן, צוריקטראָט, נאָר די הויפּט-מאגיסטראל איז גע-בליבן די זעלבע. שלעפּן פּערעצן דעם דעמאסקירער, דעם אופרייַסער פון דורכגעפוילטע יעסוידעס, צוריק אין בעס-מעדרעש, אין דער כסידישער קלויז, צום צאדיקס טיש — קיין גרעסער אומרעכט, קיין גרעסערע פעלשונג קאָן נישט געמאָלט זייַן!

מיר שעצן און יארשענען פּערעצן פון „כסידיש", אָבער ניט ווי דעם זינגער און באגייַסטערער פון א מין נעאָכאסידיזם. פּערעץ האָט קיינמאָל ניט געשלעפּט די טויטע פון די קוואָרים, אפילע ווען ער האָט אין די פאר-שטעלטע מייַסעלעך זיי געמאכט לעבעדיק... מיר קאָנען ניט מאסקים זייַן, בא אונדזער אָפּשייַ פאר זשיטלאָווסקין, מיט זייַן געדאנק, אז פּערעץ האָט אין „כסידיש", ווי אויך אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" רעאביליטירט די

אלטע וועלט, דאָס גאנצע פאָלק אין זײַן געשיכטלעכן זין. דער געשיכטלעכער זין פון פאָלק באשטייט אין אנטקעגנשטעלן זיך דער אלטער וועלט, און יעדער פאָלק טראָגט ארײַן זײַן גאָב אין אָט דעם דוירעסדיקן קאמף.

פערעץ האָט אין דעם כסידישן שטאָף, פאָלקלאָריזירטן און צומאָל פאנטאסטישן, געזוכט די דעמאָס־עלעמענטן, צונישט מאכנדיק די קלוימערשטע הייליקטימער, ער האָט אונטערגעהערט דעם איבערוף פון צײַטן מיטן הײַנטיקן טאָג, און אָפּט, דערציילנדיק וועגן אמאָל, איז ער געווען איינער פון די אקטועלסטע שרײַבער.

ריידנדיק וועגן פערעצעס „כסידיש", מוזן מיר אונטערשטרײַכן: מיר יארשענען נישט קיין שום פּיִעטעט פארן כסידישן שטייגער, פאר די ראבייִשע „הויפן" (אזא פּיִעטעט איז אין טאָך בא פערעצן ניטאָ), מיר זאפּן אין זיך נישט אײַן קיין שום היספּײַלעס פאר דער רעאלער כסידישער באוועגונג. מיר זעען, ווי פערעץ געפינט דעם „אויב נישט נאָך העכער" ניט אין די ווײַטע הימלען, נאָר אף אונדזער זינדיקער ערד. אין מענטשן־ברידערלעכקײַט דערזעט ער די העכסטע רוכניעס, דעם אָדלערפלי פון מענטשלעכן גײַסט. מיר טיילן נישט אָפּ פערעצן, דעם אווטאָר פונעם „שטרײַמל", פון פערעצן, וואָס האָט אָנגעשריבן „אויב נישט נאָך העכער". פארוואָס? ווײַל דער רעבע, וואָס גייט צו סליכעס אין וואלד ארײַן אָנצוהאקן דאָרט א בערעם האָלץ אף צו דערווארעמען דאָס שטיבל פון אן אָרעמער אלמאָנע, איז גאָר ניט דער רעבע, וואָס טראָגט דאָס שטרײַמל. נישט צופעליק פארשטעלט ער זיך (פארשטעלט אים פערעץ) פארן פויער וואסיל. וואסילס יִכעס איז די פאנאטישע כסידים געווים ניט געווען צום הארצן. אין דעם דינינקן ביכעלע, ווו עס איז אין 1915 יאָר אָפּגעדרוקט באלמאכשאָוועסעס ארטיקל, איז, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, פאראן א מײַסע פון שיווכיי־באלשעמטאָוו. לייענט זיך ארײַן אין איר, וועט איר זען, אז דאָס גאנצע הייליקטום, דער נימב ארום דעם באלשעמס קאָפּ, גייט אָפּ אין א זײַט, טרעט אָפּ פאר דער געשיכטע וועגן דעם נידעריקן פארשוין דעם קרעטשמער, וועגן א יונגער שיינער ליבע, וועגן זיג פון אָט דער ליבע. כ׳לעבן, אז איר לייענט, וויִאזוי דער וואָגן מיט די כסידים און דעם באלשעם אליין טראָגט זיך דורך פעלד און וואלד צו ראטעווען די יונגע פּאָר, פארגעסט איר, אז איר האָט צו טאָן מיט א צאדיק. און אָנטרײַבן טרײַבט ווידער אָן וואסיל מיט זײַן פולער פויערישער לוסט...

וואָס, לעמאָשל, איז דאָס וויכטיקסטע פאר אונדז, וואָס דירט אונדז און צווינגט דענקען באם לייענען אזא נאָוועלע פון „כסידיש", ווי „א גילגל פון א ניגן"? דאָס סענצלען זיך ארום דעם טאלנער? די כסידישע היסלײַוועס? די גאנצע כסידישע רעאליע? סע הייבט זיך נישט אָן. דאָס אלץ איז נישט מער ווי דעקאָראציעס פאר דער הויפּטשפּיל, פארן גילגל פון א ניגן. אונדז רעגן די געדאנקען וועגן דעם, אז „פון די אייגענע ציגל קאָן מען שטעלן א שול און א קלויסטער, לעהאוודל, א פאלאץ און א טפּיסע..." דער כאָסיד, דער דערציילער, מוז דאָך זאָגן: א שול און א קלויסטער, לעהאוודל. זעט איר, א פאלאץ און א טפּיסע — דאָס הערט שוין אונטער פערעץ, דאָס ציט ער ארויס פון דער נעשאָמע זײַנער, וואָרעם דער דערציילער איז א גאנץ פּאָשעטער ייִד. אונדז רעגט די געשיכטע, ווי דער ניגן איז געבוירן געוואָרן, פּעדאָצערס מיצווע צו שאפן א נײַעם ניגן, אופצושפּילן אים אף אן אָרעמער כאסענע, די נאָענטקײַט פונעם בארימטן מוזיקער צו דער אָרעמער קאלע. מיר פילן פערעצעס פאראכטונג צו די קיִעווער לײַט, וואָס ווילן נאָר מוזיק אף צו טאנצן מיט דאמען, איידער הערן „מאָראלישע" מוזיק. זיי לעבן נאָך, די לײַט, וואָס האָבן פײַנט אין יעדער קונסט דאָס מאָראלישע, וואָס ווילן נאָר א טענצל, נאָר א פארווײַלונג. אפילע בא אונדז קומט נאָך אויס געגוג צו ריידן וועגן דער אָפּט צו גרויסער ליבע צו לײַכטע זאכן...

וויפל פעדעמער צו דער הײַנטצײַטיקײַט ציִען זיך פון פערעצעס כסידישער געשיכטע! ס׳איז לעכערלעך צו מיינען, אז דער שרײַבער רעאליסט האָט געטרוימט וועגן נעאָכאסידיזם. וועגן דעם, אז מע זאָל אין לעבן שפּילן דעם ריכטיקן ניגן, וועלכער דערהייבט און מאכט שענער דעם מענטשן, האָט ער געטרוימט!

ניט אלץ אין „כסידיש" איז אונדז אין א גלײַכער מאָס טײַער. „מעקובאָלים", לויט מײַן מיינונג, קאָנען ניט קומען אין קיין פארגלײַך מיט „אויב נישט נאָך העכער". ניט געקוקט אף דעם שרײַבערס ערלעכן ווייטעק איבערן גוירל פון די לעצטע צוויי לערנערס אין דער יעשיווע, ניט געקוקט אף דער פאראכטונג צו די שטאָט־באלעבאטים, ווען סע גייט נישט אָן די גײַסטיקע וועלט, ניט געקוקט אף דעם ציטער, מיט וועלכן סע ווערט געשילדערט, וויִאזוי די מעקובאָלים טוען זיך אויס, באפרײַען זיך פון גאשמיִעס, — לאָזט זייער רוכניִעס ניט אופציטערן אונדזערע הערצער. און די „מיסע בינשיקע", וואָס האָט שיר ניט „באגליקט" דעם יעשיווע־באָכער, באגײַסטערט אונדז ניט. און אפילע נישט די עטישע הייך פון דעם יעשיווע־באָכער, וואָס נעמט אף זיך נאָך א טאָנעס (דעם לעצטן, וועלכער ענדיקט אָפּ מיט זײַן געשפּענסט־לעבן). אונדז איז א סאך ליבער דער רעבע, וואָס ווערט פארוואנדלט אין דעם האָלצהעקער וואסיל. ער, מיטן שטריק אף די לענדן און מיט דער האק אין גארטל פארשטעקט, וועקט שטאָלץ. די מעקובאָלים רופן ארויס... ראכמאָנעס. פון די „מעקובאָלים" לאָזט זיך אויסטרעטן א סטעזשקעלע צו מיסטישע שטימונגען; פון „אויב נישט נאָך העכער" פירט דער וועג צו פאָלקישקײַט. אָט דעם וועג פערעצעס (און ער איז דער הויפּט־וועג) יארשענען מיר.

און לעצטנס. אין זײַנע דערציילונגען פון כסידישן ציקל קאָנט איר אויך אָנטרעפן אף אומבעראכמאָנעסדיקער סאטירע. נעמט טאקע „דעם רעבנס ציבעק". ווי ווערט געמאָלט דער גרויסער כאָסיד כאִים־באָרעך? די בריִע — אזוי קרוינט אים פערעץ. די ווילדע בריִע — קאָן מען צוגעבן. און אָט דאָס באשעפעניש, מישטיינס־געזאָגט, ווערט געשפּײַזט און באדינט דורכן ווײַב, וועלכע צווייפלט נאָך, צי וועט זי כאָטש אף יענער־וועלט באלוינט ווערן. דערצו איז זי נאָך אן אקאָרע. סע שמעקט מיט א געט. געהאָלפן האָט דער רעבע. ער האָט געייצעט כאִים־באָרעכן קויפן א ליולקע־ציבעק. דערווײַל האָט ער אים געגעבן זײַן ציבעק. און ס׳איז אוועק א לעבן: „כײַ גדוילים פאר א צי פון ליולקע־ציבעק; כײַ גדוילים, ניט א גראָשן וויניקער!" דער ציבעק העלפט. „...כײַע־סאָרע האָט שוין אירס א הײַזל, א שיין געוועלבל... זי אליין איז פולער געוואָרן, געזינטער, אויסגעגלײַכט!..." „און קינדער, ווילט איר ויסן? אוואדע! שוין דרײַ צי פיר... ער איז אויך א גאנצער מענטש געוואָרן". ער — דאָס איז די בריִע... אָט אזוי שילדערט פערעץ דעם האגדל מיטן „הייליקן" ציבעק. אָט אזוי דעמאסקירט ער „די בריִעס", די ראבייִשע הויפן, דאָס גאנצע רעמל זייערס.

א פּאָר ווערטער וועגן דער פּראָבלעם פון מיסטיק. אומזיסט פלעגן ווינקען (און ווינקען אויך איצט) די הײַנטצײַטיקע מיסטיקער אף פערעצן. די, וואָס לײַדן אף

מעטושטעשקײַט פון געדאַנק, אַף פאַרפּלאָנטערטקײַט אין פאָרם, האָבן ליב צו מאַכן דעם אָנשטעל פון יענזײַטיקער טיפזיניקײַט. און אַז מע וויל, פאַרגלאָצט מען די אויגן און מע שעפּטשעט, אַז דאָס איז זוכעניש פון נײַער פאָרם, דאָס איז מיסטישע נעטיִעס, סע גייט פון פּערעצן... און פּערעץ האָט דאָס גאַנצע לעבן געזוכט קלאָרקײַט!

ס'איז עמעס, אַז פּערעץ האָט ניט אויסגעמיטן קיין יערידע־שטימונגען, קיין סימבאָליזם מיט געוויסע מיסטישע טענדענצן. אָבער אַפילו אין אַזאַ ווערק, ווי „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק", אַפילו דאָרט רײַסט ער אויך אַראָפּ מאַסקעס. דער באַדכן, דער פאָלקס־באַדכן, לאַכט אָפּ פון דעם „הייליקן שווינדל פון זײַן ליבן נאָמענס געזינדל", ער שרײַט אויס וועגן קלויסטער און שול: „אײַער גאָט איז באַנקראָט!"

◆

פּערעץ האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן שעפערישן אינטערעס צו פאָלקלאָר, צו דער פאָלקס־ליד, צו דער פאָלקס־מײַסע. ער איז פאַרכאַפּט געווען פון איר שיינקײַט און רײַכער פאַנטאַזיע. אָבער אין די סאַמע אויסטערלישע געשעענישן האָט ער געזען דאָס רעאַלע. פּערעצעס פאָלקס־מײַסע פירט אונדז נישט אַוועק אין די הימלען, כאָטש זי האָט צו טאָן מיט ניסים וועניפלאָעס, קלאַפּט אין יעדער נעס, אויב מע קאָן ניך אַזוי אויסדריקן, דער דויפּעק פון דער צײַט. פּערעץ אימיטירט ניט קיין פאָלקסנאַיִווקײַט. ער ווערט ניט אָנגעשטעקט מיט קיין פאָלקספאָרורטיילן. אַ דיכטער און אַ דענקער, איינער פון די אינטעלעקטועלסטע שרײַבערס אונדזערע, שיילט ער אויס דעם פּאָעטישן און פילאָסאָפישן טאָך פון דער פאָלקס־מײַסע, באַגלייט זי צומאָל מיט אַ טרויעריקן, צומאָל מיט אַ ביטער־גאַליקן שמייכל. אָט אַזוי שאַפט דאָס פאָלק, דאָס פאָלקלאָרישע ווערט איבערגעשמאָלצן אינעם טיגל פונעם קינסטלער, וואָס איז אַליין אַ שטיק פונעם פאָלק.

נעם איך אַזאַ מײַסע, ווי „אַראָפּגעלאָזטע אויגן". דער פאַרצײַטיקער רעליגיִעזער שטאָף איז אין איר גענוג געדיכט. נאָר דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אים. דערמאָנט זיך אין דעם קרעטשמערס יִינגערער טאָכטער מאַלקע. ווי אַ מאַגניט ציט זי זיך צו גאָר אַן אַנדער וועלט. „ביפראַט באַנאַכט, ווען מע שפּילט און מע טאַנצט. גאַנצע נעכט וואָלט זי געזעסן און די אויגן זיך אויסגעקוקט, ווי די יונגע פּויערים שטיפן מיט די שיקסעס, טאַנצן אַ ראָד, אַ שווינדלדיקן ראָד, און זינגען אַרײַן זייערע געזאַנגען, אַז די קרעטשמע הילכט און ציטערט..." אַזוי רײַסט זיך אַרײַן מיט אַ הילך דאָס ראַשיקע לעבן אין דעם אָפּגעזונדערטן יִדישן וועלטל. מאַכט מען מאַלקען כאַסענע לויט אַלע יִדישע דינים. און דער סאָף איז: „...פון אויבן אָפּגעטאָקט, אָפּגעשניצט און ריין, ווי שיינער קרישטאָל, אָבער אינעווייניק?.. אינעווייניק איז געלעגן די קרעטשמע מיט געזאַנג און טאַנץ און געפילדערײַ... אין האַרץ האָט צווישן איר און דער וועלט אַרומגעשוועבט דער פּאָרטרעט פון יונגן פּאָרעץ... און אַז זי האַלדזט און קושט דעם מאַן, שליסט זי די אויגן צו און קושט וועמען? דעם יונגן פּאָרעץ האַלדזט זי און קושט..."

און די עלטערע טאָכטער, די קאָשערע, וואָס דער יעיצערהאָרע האָט זי ניט געשעדיקט, לעבט אויך מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, דער גוף איז קעגן איר ווילן באַם פּאָרעץ אין די הענט, די נעשאָמע איז אין דער היים, אין שול, מיט דער מאַמען, מיט אַלע פרומע לײַט. גייען בײדע שוועסטער אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. מאַלקע זינדיקט מיט דער נעשאָמע, אין די ראַיוינעס, איר גוף איז ריין. נעכאַמע האָט אָפּגעלאָזט דעם גוף, איר נעשאָמע איז ריין. אַף יענער־וועלט איז דער דין: די זינדיקע נעשאָמע — אין געגנעם, די ריינע איז באַגנעדיקט פון גאָט.

אַ מאָדנע זאַך: וויפל מאָל איך לייען די דערציילונג, פאַלט אַ סימפּאַטישערע שײַן אַף דער „זינדיקער" מאַלקע. ווײַל נעשאָמע איז מער פאַרומרייניקט — די, וואָס טרוימט וועגן איר אַדלער־ליבע און וויל נישט אויפהייבן די אויגן אַפן מאַן (כאָטש זי איז מיט אים אונטער דער הייליקער כופּע געשטאַנען, איז ער איר פרעמד און נימעס), צי די, וואָס ווייסט ביכלאַל ניט וועגן ליבע און איז קיינמאָל ניט פאַרשיקערט געוואָרן פון איר?

טראַכט זיך אַרײַן אין דעם קורצן שלוס־קאַפּיטעלע. ווען מע האָט אין אַ צײַט אַרום צוגענומען אַ שטיק פון אַלטן פּראָגער בעסאָלמען, איז אין נעכאַמעס קייווער געבליבן דער שאַרבן, וואָס איז ערגעץ פאַרוואַלגערט געוואָרן. „דער קאַברען אָבער, וואָס האָט געעפנט מאַלקעס קייווער, האָט זי געפונען אינגאַנצן גאַנץ און פריש, קימאַט מיט אַ פרישן שמייכל אַפן ווײַסן פּאָנעם..." צווישן די שורעס הערט זיך מיר פּערעצעס קאָל: ליבע לעבט איבער דעם טויט...

זאָל מיר דערלויבט זײַן צו דערמאָנען נאָך אַ פאָלקסמײַסע: „דאָס גלעזל", די געשיכטע וועגן גאָלדשמיד און ברילאַנטן־שלײַפער. דאָס פּינטעלע, דאָס פּערעץ־פּינטעלע פונעם ווערק קומט גלײַך פון אָנהייב: דער גאָלדשמיד איז געווען אַ גאָען אין זײַן פאַך, נאָר קיינער (ער אַליין אויך נישט) האָט וועגן דעם נישט געוווּסט. דער, וואָס אַרבעט אויס דאָס טײַערסטע צירונג, האָט קוים־קוים אַפן שטיקל ברויט. אָבער, ווי סע פירט זיך אין אַ מײַסע, ווערט זײַן טאַלאַנט ניסגאַלע. ער גייט אַלץ העכער און העכער, פון שטעטל אין שטאָט, פון שטאָט אין דער הויפּטשטאָט, ביז צום קייסערס הויף, ער מאַכט אַ נײַע קרוין פאַרן מיילעך! און... ער הייבט זיך אָן צו קײַקלען אַף צוריק, באַרג־אַראָפּ, פון דער איר־האַמעלוכע ביז צום קליינעם שטעטל. פאַרוואָס? „אַז מע קאָן העכער ניט שטײַגן... הייבט מען אָן פאַלן". „פאַר ווילטעק האָט ער שוין קיין נײַס ניט באַווײַזן, דאָס אַלטע ווערט צוגעגעסן..." די ווערטער קלינגען ווי אַ וואָרענונג נישט נאָר דעם בריליאַנטן־שלײַפער פון אַמאָל, נאָר אויך יענע קינסטלער פון אַלע צײַטן, וואָס פאַר ווילטעק הערן זיי אויף צו באַווײַזן נײַס...

דערנאָך בליט אויף דער נעס. פון אַ פּראָסט שטיקל גלאָז האָט דער געפאַלענער פאַראָרעמטער מײַסטער אויסגעשליפן אַ פינקלדיקן קישעף, עס שפּריצט מיט קאָלהאַמינים פונקען, עס שטראַלט; ער אַליין איז פאַרגאַפט. ער האָט גאָרניט געוווּסט, סאַראַ קינסטלער ער איז! דאָס איז דער נעס פון קונסט!

פאַרנעמט זיך די מײַסע ווידער באַרג־אַרויף, דאָס פינגערל מיטן שטיין, וואָס דער מײַסטער האָט פון אַ גלעזל אויסגעשליפן, שטײַגט אַלץ העכער און העכער, ביז סע ווערט דער כויסעם־האַמעלעך, דעם קייסערס שטעמפּל. ווען מע וויל דעם איידלשטיין אָפּשאַצן, דערמאָנט מען זיך אינעם גאָלדשמיד, מע ברענגט אים אַראָפּ פאַר אַ מייווין. ער דערקענט זײַן אַרבעט און טײַנעט, אַז סע איז נישט קיין בריליאַנט, ווײַל „איך מיט מײַנע הענט האָב דאָס געמאַכט". פאַר אַזאַ כוצפּע שלעפּט מען אים גלײַך אין טפיסע אַוועק. „מע האָט מיט דעם בריליאַנט... אַזויפיל גיטער גענומען און געגעבן, אַזויפיל הײַזער, אַזויפיל שטעט... און אַזויפיל מענטשן געהויכט און געקרוינט

און אנדערע אין קייטן געשמידט, אין טפיסעס געוואָרפן, אין וואסער, אין פייער אריין און געפערטלט... און דער מיילעך מוז זיין און בלייבן עמעס, און דער כויסעם זיינער עמעס... מוז זיין דער בריליאַנט — בריליאַנט...“ בלייבט דער שלייפער, דער עמעסער קינסטלער, אן ארעסטאַנט, טאַקע ווייל ער ווייסט, פונוואַנען דער בריליאַנט שטאַמט.

וויפל פלאַכן, וויפל קאַנטן פאַרמאָגט אַט די געשיכטע! נישט ווייניקער, ווי דאָס קישעף־גלעזל! און וויפל רעאַלע דעטאַלן זיינען אין איר פאַראַן, ווי אויסגעקלעפּט איז דער לעבעדיקער כאַראַקטער פון דעם באַלמעלאָכע, דעם מייסטער! נאָך א מאָמענט: פּערעץ האָט ניט מוירע פאַר דער טענדענץ, באַהאַלט זיך מיט איר ניט אויס. ער זאָגט אָפן: „די מייסע, וואָס איך האָב דערציילט, איז ווי אַלע מייסעס, א מאָשל, און ווי יעדער מאָשל, נישט מיט אַלע פּראַטים דוימע לענימשל. מע מוז דאָך עפּעס צוגעבן... לעהידור האַמייסע...“ אָבער קיינמאָל איז דער הידור (די באַפּוצונג), דאָס ציקלען זיך מיטן וואָרט, מיטן בילד, נישט געווען קיין זעלבסטציל פאַר פּערעצן, שיין־שרייבעריי איז אים געווען דערווידער, אין קעגנזאַץ צו די מאָדערניסטן, וואָס באַזיצן אָפּטלעך די צווייפלהאַפטע קונסט — אין די באַפּוצונגען דערטרינקען דעם אידייישן ציל אָדער גאָר זיך פאַרנעמען מיטן הידור האַכאַלאָל, פּראָסט גערעדט, באַפּוצן די פּוסטקייט...

די פאָלקס־מייסע (די אַלטע און נייע) נערט און וועט נערן אויך אונדזער סאָוועטישע ליטעראַטור. מיר וועלן אין איר פרישע, פינקלדיקע קאַנטן אופדעקן, און מיר האָבן וואָס צו לערנען בא פּערעצן, וואָס צו יאַרשענען אין דער קונסט פון אָרגאַניש צונויפפּאָרן דאָס רעאַלע און פאַנטאַסטישע, דעם אמאָל מיטן היינט, דעם מאָשל מיטן נימשל.



אָן נאַציאָנאַלער פאָרם עקזיסטירט נישט קיין ליטעראַטור. די רעאַקציע האָט געשטרעבט אויסניצן די פאָרם, קעדיי פאַרפירן די מאַסן אַף שמאָלע נאַציאָנאַליסטישע שטעגעלעך. די פּראָגרעסיווע שרייבער האָבן אין איר געפונען דאָס ווירקלעך פאָלקישע, וואָס באַגרענעצט ניט, נאָר פאַרברייטערט די האָריזאָנטן. אז מיר לייענען א ריי נאָוועלן פון „כסידיש“, אז מיר טראַכטן זיך אַריין אין די בעסטע זאַכן פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ און באַזונדערס, אז מיר נעמען אַנאַליזירן די ווערק, וואָס זיינען אַריין אין די „יאַמטעוו־בלעטלעך“ אָדער געשטאַנען נאָענט צו זיי, באַוואונדערן מיר, מיט וואָס פאַר אַן אידייִש־קינסטלערישן שוווּנג (ווי באַוווּסטזיניק, נישט אינסטינקטיוו) פּערעץ באַווייזט דורך דער נאַציאָנאַלער פאָרם, ריידנדיק וועגן אַלטע רעליגיעזע יאָמטויווים, זיטן און מינהאָגים, אַנווענדנדיק דעם שפּראַך־אַרסענאַל זייערן, אַרויסצוברענגען אַן אופּרייסערישן, אָפּט רעוואָליוציאָנערן אינהאַלט. ניט קיין אידילישע „יאַמטעוו־בלעטלעך“ איז דאָס געווען, — מיט פולווער האָבן זיי געשמעקט. און ניט אומזיסט האָבן זיי געדינט ווי א גייסטיק געווער אין די אונטערערדישע אַרבעטער־קרייזן, נישט אומזיסט האָט מען אַף זיי אין די „הויכע פענצטער“ געקוקט ווי אַף „קראַמאָלע“. מיר שטאָלצירן מיט פּערעצן, דעם שעפער פון אַט דער „קראַמאָלע“.

איז לאָמיר זיך דערמאָנען, וויאַזוי פּערעץ טייטשט אויס אין אייניקע זיינע ווערק די ייִדישע יאָמטויווים און וואָסערע געדאַנקען זיי געבוירן בא אים, אַלציינס, צי גיט ער דאָס וואָרט דעם העלד, צי רעדט ער אַליין.

אַט דערציילט דער אַלטער רעב שימען וועגן זיין „ליידנשאַפט“: „...איך האָב ליב דאָס שויפער בלאָזן. מיין פאָטער, אַלעווי־האַשאָלעם, איז א פּאַכטער געווען, מיר האָבן אין דאָרף געוווינט, און א ייִנגל, פלעג איך מעקאָנע זיין דעם פּאַסטעך מיטן פייפערל...“ דער פאַרטרערבענער פונעם דאָרף ייִד בענקט נאָך דער נאַטור, נאָך וואַלד און פעלד און טייך, נאָכן פּאַסטעך, וואָס רופט צונויף די שעפעלעך. פונדאַנען — זיין גלוסטונג צו שויפער בלאָזן. דער ערדישער מאָטיוו רייסט דורך דעם הימל־שלייער. אין די לעצטע פּאָר אבזאַצן פון דער נאָוועלע דערציילט זיך וועגן א פּאָגראָם אין שטעטל. דער אוילעם איז דעמלט געווען אין שול. רעב שימען דאַרף בלאָזן שויפער. „פּלוצלינג ווערט א געפייפעריי, א געשווישטשעריי, א געקלינגעריי פון גאַס — די ווייסע כעוורע האָבן זיך באַוויזן אין מאַרק“... „די גאַנצע נעשאָמע איז מיר אַריין אין די טקיעס. דעם סאָטן, — גיט ער צו מיט א טרויעריקן שמייכל, — האָב איך עפּשער גוויוער געווען, נאָר די ווייסע כעוורע נישט! א כורווע איז געבליבן פונעם שטעטל! ווער האָט אַף זיי די שליטע? סיידן — שויפער שעל מאָשיעך!“

פּערעצעס מיין, זיין רעמעז, האָט איין טייטש: נישט אין די הימלען איז דער שויפער באַהאַלטן, ניט אין די הימלען וועט ער שאַלן... דער לייענער האָט זיכער דערטראַכט דאָס נישט דערזאָגטע, ער האָט פאַרשטאַנען, מיט וואָסערע שויפּרעס קאָן מען פון די ווייסע כעוורע, פון דער צאַרישער שוואַרצער קנופּיע, א סאָף מאַכן. ניט צום בעסמעדרעש־געסל האָט פּערעץ געקערעוועט זיין האָפענונג. און דערפאַר איז דאָס ניט גלאַט קיין מאָנאָלאָג פון א ייִדן א באַל־טקיִע...

אין דער נאָוועלע „נעילע“ איז גאָר ווייניק פּאַכעד פאַראַן פאַר דער שלוס־טפילע, ווען סע ווערט אונטערגעשריבן דאָס קוויטל אַף א גאַנץ יאָר. סע איז די שול אין איר פולער רעאַלקייט, די פאַרשיידנאַרטיקע מיספּאַלעלים מיט זייערע צאַרעס און דייגעס און האָפענונגען. נאָר איבער אַלץ דאָמינירט די סאַטיריש־באַלויכטענע סאָציאַלע דיפערענציאַציע, זי מאַכט צונישט דעם פּיִעטעט פאַרן אַלמעכטיקן, דעם אַכדעס־ייִסראָעל. אַזעלכע דערציילונגען האָבן פאַקטיש אונטערגעשווענקט דעם בעסמעדרעש־פונדאַמענט.

אַרום כאַנעקע־יאָמטעוו צעוויקלט פּערעץ א ריי קאָנטראַסטירנדיקע בילדער: פאַר וועמען כאַנעקע איז א זייכער וועגן פאָלקס־אופשטאַנד, וועגן זיג איבערן פיל מאָל שטאַרקערן סוינע, און פאַר וועמען איז דער איקער דער הייליקער נעס מיטן קאָשערן קריגעלע בוימל... פּערעץ ווייזט, ווי אייניק זיינען דער ווילד רעליגיעזער ייִד און דער בורזשואַזער אַסימילירטער „פּאָליאַק פון מוישעס גלויבן“ אין זייער גרינגשעצן די ווירקלעכע נאַציאָנאַלע ווערטן, אין זייער פרעמדקייט דעם אופשטאַנדגייסט.

פאַראַן בא פּערעצן פיל טרויעריק־פריילעכע פּורים־מייסעס, מער טרויעריקע, איידער פריילעכע. די טיפסטע און אַקטועלסטע פון זיי איז „אַלטוואַרג“. דער שרייבער ניצט אויס דעם אַמאָליקן מינהעג אויסצוקלייבן א פּורים־ראַוו, א מין לעץ, זיין פליכט איז — אַלעמען פריילעך מאַכן לעקאָוועד פּורים מיט זיינע מייסעס. מיר שטוינען איבער דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער פאַרשאַרפטקייט פון אַט די מייסעס, לאָמיר בלויז איינע אופּבלעטערן: די געשיכטע וועגן שטעטל, וואָס האָט געשטעלט א ריזיקן מאָנומענט א מענטשן, וועלכער האָט

פאַרמאָגט מער פון אַלע „א לויט הארץ און א קווינט מויעך": „דער מאָנומענט איז געווען אף אזויפיל ריזיק, אז פון אים האָט זיך געלייגט א שאָטן איבער דער שטאָט. פריַי טאנצן האָט מען שוין נישט געקאָנט, נאָר ארום דעם מאָנומענט"... דערנאָך זיַינען נאָך מאָנומענטן געשטעלט געוואָרן, ביז „...עס איז מיט דער ציַיט א מאָנומענטן־קרענק געוואָרן — אן אונטערגאנג"... „און עס איז געקומען א ציַיט, ווען די גאנצע שטאָט איז פול געוואָרן מיט שטיינערנע מאָנומענטן, ווי אויך מיט מאָנומענטן פון פלייש און בלוט, וואָס האָבן גאָר קינסטלעך געמאכט די שטיינערנע, אז עס איז צווישן זיי נישט געווען צו דערקענען!.. איין טאָג אין יאָר, פורים, פרוּוון די לעבעדיקע מאָנומענטן אראָפּוואַרפן פון זיך די פאַרגליווערטקיַיט, נאָר נישט אַלע געראָט דאָס. סע באקומט זיך אומגעלומפּערט, און מענטשן פּלאצן פאר געלעכטער, קוקנדיק אף זיי..."

טיַיטשן איז איבעריק: דאָס מיַיסעלע איז דאָך אויך איצט א געווער אין דעם געראַנגל מיט יעטווידער מאָנומענטן־מאַניע!

אין „לאַגבוימער" ווענדט זיך פּערעץ צו די קינדערלעך, וועלכע האָבן זיך ארויסגעריסן פון שטאָט און געלאָזט זיך אף א שפּאציר אין וואַלד אריַין:

„פאָרט, קינדערלעך, פאָרט, איך ווינטש איַיך... נאָר ניין, נישט אַלע ווינטש איך! נישט אַלע. זאָגט מיר, קינדערלעך, פריִער, וואָס ווערט פון איַיך ארויס, וועל איך איַיך זאָגן, וואָס איך ווינטש איַיך... ווער פון איַיך וועט האנדלען... מיט פרעמדן שווייס און בלוט; ווער עס וועט בויען זיַין הויז אף יענעמס כורווע, ווער עס וועט אויסוואקסן, ווי א צוויַיגל פון אן אנדערנס מאציייווע, — אָ, זאָגט מיר ווער, דעם וועל איך אָן ראכמאָנעס ארויסשלעפּן פון דער בויד און ווארפן אונטער די רעדער! ...נאָר זאָגט מיר אויך, ווער פון איַיך וועט אויסוואקסן אן ערלעכער ארבעטער, וואָס וועט לעבן פון אייגן שווייס און בלוט; ...ווער פון איַיך וועט אויסוואקסן א מענטש מיט א שטאָלצן שטערן, פריַיע אויגן, א קלאָרן מויעך און א ברייט, אָפן הארץ... וועל איך אים אראָפּנעמען פון בויד, אויסקושן יעדער אייווער און מיטנעמען מיט מיר אין וואַלד אריַין..."

פיַינשמעקערס האָבן אזוינע רייד שאָקירט. סטיַיטש? סע איז דאָך קימאט פּאָליטישע פּובליציסטיק... סע איז דען קינסטלעריש? און אין קינדערשן יאָמטעוו אריַינגעטראָגן קלאסן־מאָטיוון, צעטיילן די אומשולדיקע קינדערלעך אף אָרעם און ריַיך?

מיר דערקענען דאָ דאָס הערלעכסטע אין פּערעצן: זיַין טרוים וועגן א דאָר מיט שטאָלצע שטערנס, פריַיע אויגן און ברייטע הערצער. דאָס איז אונדזער פּערעץ. פון די נאציאָנאַלע קוואלן האָט ער אראָפּגענומען דעם גרינעם שליים פון דויערס אף צו דערקלייַבן זיך צו די לויטערע ריזלדיקע וואסערן.

◆

ער האָט ליב געהאט דאָס פּאָשעטע פאָלק, דעם האָרעפּאשניק, באַלמעלאָכע, ארבעטער. ער האָט אין צענדליקער ווערק אויסגעזונגען דעם וויי פון דער אָרעמער יִידישער פרוי, איר פאַרדראָס, איר פּראָטעסט. ער האָט באוויזן איר נידערשלאָגנקיַיט און אויך איר צערטלעכקיַיט, וואָס ווערט באַליידיקט אף יעדן שריט און טריט, דאָס אכזאָריעס, וואָס רינגלט זי ארום אין א סוויווע, ווו סע איז פאראן א טפילע מיט א דאנק דעם אייבערשטן: „שלא עשני אשה..."[1]

ליַידנשאפטלעך און מאָנענדיק איז געווען זיַין ליבע. דער מיטלייד צו באָנציע שוויַיג האָט אים אופגעפּאָדערט צום פארורטיילן באָנציעס קליינע האסאָגעס. אז מע שוויַיגט אזוי לאנג, — האָט ווי געזאָגט פּערעץ, — קאָן א בולקע מיט פּוטער ווערן דער גרעסטער אידעאל. די בארימטע נאָוועלע איז ניט נאָר געווען א קלאַפּ איבער די האסאָגעס פונעם פארוואָגלטן באָנציען, נאָר אויך איבער די פריידיקער פון קליינע, פּאמעלעכע טריט, איבער דער באגרענעצטקיַיט פון די פארשיידענע ליבעראַלן פילאנטראָפּן, וואָס האָבן מיט א בולקע געוואָלט „באגליקן" באָנציען...

די אָרעמשאפט האָט ער ניט צוגעפּוצט, נישט ארופגעצויגן זי אף שטאָלצן. אינעם טאָגטעגלעכן שווערן לעבן פון די מאסן האָט ער מענטשלעכקיַיט און שיינקיַיט אנטפּלעקט. נישט צופעליק האָט ער אָנגעשריבן א באגיַיסטערט ארטיקל וועגן גאָרקיס «На дне». אויך זיַין „קעלער־שטוב" איז אפן דעק... אין שעויל־טאכטיִעס פון לעבן האָט גאָרקי דערהערט א מעכטיקע שטים: דער מענטש — דאָס קלינגט שטאָלץ! אין די קעלער־שטיבער און אף די בוידעמער, מאנסארדעס האָט פּערעץ אן ענלעכע שטים געהערט. מיר האָבן ערשט גערעדט וועגן זיַין באציִונג צו דער שאָפלדיקער לאגע פון דער פרוי. ווו האָט ער א טרייסט פאר איר געזוכט, א ליכטיקן שטראל אין דעם פינצטערן קיניגרייַך? בא כאִים דעם טרעגער, וואָס איז שטענדיק איַינגעהויקערט אונטערן קאסטן סכוירע און „עס דאכט זיך, אז דער קאסטן גייט אליין אף צוויי פיס". ווען דער רעבע דערקלערט אים, „אז דער מאן זיצט אף א שטול אין גאניידן, איז דאָס וויַיב זיַין פוס־בענקעלע", פּראָטעסטירט ער: „ניין, כאנע, — פאלט ער צו צו זיַין וויַיב, — איך וויל נישט, דו זאָלסט זיַין מיַין פוס־בענקעלע... איך וועל מיך אראָפּבייגן צו דיר, איך וועל דיך אופהייבן און זעצן דיך נעבן מיר, מיר וועלן צוזאמען זיצן אף איין שטול, ווי אצינד... דער ריבוינע־שעל־אוילעם וועט מוזן באשטיין". דאָס איז, אויב איר ווילט, א שטיק בונט קעגן ריבוינע־שעל־אוילעם און קעגן אלע גוטע פרומע לייַט, וועלכע באדאנקען אים יעדן טאָג דערפאר, וואָס זיי האָבן די זכיִע צו זיַין מאנצבלען. אף וויפל אידעלער דער טרעגער איז פון דעם לאמדן, וואָס רעדט ניט מיט קיין אישע...

פּערעץ איז אריַינגעדרונגען אין די ענגע פאבריק־באראקן. מיט צאָרן האָט ער באטראכט די שרעקלעכע מיל, וועלכע האָט גענומען איבערמאָלן טויזנטער און טויזנטער יִידישע שטעטלדיקע איַינוווינער, ער האָט דערזען די מוירעדיקע עקספּלואטאציע באגלייַך מיטן וווּקס פון די בורזשואזע פארמעגנס, זיַין הארץ האָט געבלוטיקט. און ער האָט ניט געשוויגן. אין דער „וועבער־ליבע" צעוויקלט ער א בילד, וויאַזוי סע ווערן צונישט „אמאָליקע גוטע ציַיטן", ווען דער וועבער האָט געארבעט אף זיך אליין. פּערעצעס העלד דערציילט, ווי מע האָט צעטראָטן דעם מענטשן, זיַין ליבע, זיַינע באגערן, זיַין „איך": „דו וואָלסט זען, ווי א באוויַיבטער, באקינדלטער וועבער זעט אויס... ווי ער בייגט זיך און נייגט זיך פארן ברויטגעבער מיט זיַינע „מענטשן", ווי ער קריכט זיי אונטער די פיס, ווי ער ציטערט פאר זייער הויך, ווי ער

---

[1] שעלוי אָסאני אישאָ — וואָס האָסט מיך ניט באשאפן פאר קיין פרוי.

בעטלט קוים אויס א גינסטיקן בליק... ברררר! א קעלט גייט מיר דורך די ביינער, אז איך זע עס! ניין! אף דעם וועל איך קיינמאָל נישט באשטיין!"

צעבראָכן איז דאָס לעבן פון דעם העלד, ניט באשערט איז אים מיט דער געליבטער פרוי א פאמיליע אופצו־בויען. ער איז פארביטערט. נאָר פון דער פארביטערטקייט קומט זײַן פארשטאנד. ער דערזעט די „פרײַע" קאפיטא־ליסטישע וועלט אין איר ריכטיקער שײַן: „קיינער טאָר מיך נישט נייטן, איך זאָל ארבעטן... איך ארבעט, ווען איך וויל, וואָס איך וויל, א פרײַער פויגל בין איך; נאָר ווער עס וויל, שיסט מיך, פליקט מיך אָפּ און לייגט מיך אין טאָפּ ארײַן..." דאָ, אין פאבריק, האָט ער זיך בא־פרײַט פונעם „קאָל ייִסראָעל כאווײרים"־מיראזש: „ערשט שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אז מאָריץ פיינבאך, מײַן ברויטגעבער, איז מיר גאָר קיין ברודער נישט, אז ער האָט מער ראכמאָנעס אף זײַן פערד, ווי אף מיר!"

דאָ, אין פאבריק, דערפילט ער, אז מע מוז האָבן א כעוורע: „צי האָסטו אמאָל געזען, ווי פונקען פליִען אי־בער א שמידערײַ? מיליאָנען פונקען, און זיי וועלן נישט אָנצינדן קיין איינציקע שטרוי אפן דאך! נעם זיי אָבער צוזאמען, וועלן זיי א וועלט פארברענען! דאָס אייגענע איז א כעוורע!" פונדאנען האָט מען אים אין טורמע אוועקגענומען פאר די הייסע רייד, נאָר זײַן ערשטע טרייסט איז: „איך האָב א זאָמען געוואָרפן, און איך בין זיכער, אז ער וועט וואקסן; פונדערווײַטנס זע איך, ווי ער וואקסט!.."

פערעצעס „וועבער־ליבע" געהער צו די אינטערעסאנט־סטע ווערק וועגן ארבעטער־קלאס ניט נאָר אין דער ייִדישער ליטעראטור. בא דער נאציאָנאלער ספּעציפיש־קײַט און באפארבונג איז דאָס אין גרונט אינטערנאציאָ־נאליסטיש. אָט דער קליינינקער ראָמאן אין בריוו איז קינסטלעריש פארפולקומט אף אזויפיל, אז א גאנצע עפּאָכע גייט דורך פאר אונדזערע אויגן. טראגיש איז דער לעצטער אקאָרד, נאָר פול מיט מוט און האָפענונג איז דער געדאנק וועגן א זאָמען, וואָס וועט וואקסן.

◆

אָן א שיר זוימען פון איידלמוט, זעלבסטאָפּפער, ליבע צום פאָלק און האס צו זײַנע באדריקער, פון פּאָעזיע אין טאט האָט פארזייט פערעץ, דער זינגער פון דער וועבער־ליבע. זיי זײַנען געוואקסן, זיי האָבן געבליט, זיי האָבן רײַכע פרוכטן געבראכט אין דער ליטעראטור און אין לעבן.

צוויי לידער, אָנגעשריבענע צום 30־טן יאָרצײַט פון פערעצן, האָבן זיך מיר פארגעדענקט. איינע איז לייוויקס. דאָס איז א זעונג: פערעץ בא די כורוועס פון זײַן הויז אין ווארשע, וואָס איז פארברענט, ער שפּאנט צווישן די פײַער־ווענט. לייוויק ווענדט זיך צו אים:

כ'האָב, ייִצכאָק־לייבוש פערעץ, דיך באם
לעבן ניט געקענט —
דערקען איך איצטער דיך צווישן אָפּגעברענטע
ווענט,
בא טירן און בא טויערן, וואָס זײַנען מער
ניטאָ.
אין זכוס פון דײַן געוויין־געזאנג —
כ'בין דאָ, דאָ, דאָ!

א צווייטע ליד איז פּעפערס.

אָט זײַנען אייניקע שורעס:

האָסט מײַן קינדהײַט אין די געסלעך
אין די שטויביקע געפרייט,
האָסט מײַן יוגנט ניט פארגעסן,
אין מײַן רײַפקײַט מיך באגלייט.

איז גוט דעם דיכטער צו וויסן, אז פערעץ לעבט, אז סע איז נישטאָ דער אלטער מארק, נישטאָ באָנציע שווײַג:

אז מײַן פאָלק איז ניט קיין דאָרן,
נאָר א לעבעדיקע צווײַג.
מ'האָט זי שטארק ארומגעריסן,
מע האָט צעשטערט אף איר די נעסט,
נאָר עס רוישט שוין דאָס געבלעטער,
און די וואָרצלען זײַנען פעסט...

פארשיידענע דיכטער. פארשיידענע דיכטערישע אופּא־סונג. נאָר איין מאָטיוו איז געמיינזאם. זיי רופן זיך איבער, די שורעס: „כ'בין דאָ, דאָ, דאָ!", „נאָר סע רוישט שוין דאָס געבלעטער!". פערעץ וועקט צום לעבן. ער איז אונדזערער אין ליידן און אין פריידן.

---

◆

פראָפ. מ. שאַץ־אַנין

# וו. מאיאַקאָווסקי אין ריגע

מאיאַקאָווסקי איז געווען טיף איבערצייַגט, אַז אָן דעם קאָמוניזם איז ניט מעגלעך קיין עכטע אופריכטיקע ליבע צווישן מענטשן און דעריקער — צווישן מענטש און מענטשהייַט. ער האָט זיך אין ערגעץ ניט געפילט ווי א פרעמדער, נאָר אומעטום ווי אַן אקטיווער מענטשנפרייַנט, פרייַ פון נאַציאָנאַליסטישע פאָרורטיילן. אזא אייַנדרוק איז בא מיר געבליבן פון מייַנע באגעגענישן מיט אים אין ווייַטן 1922 יאָר.

מאיאַקאָווסקי איז געווען באַגייַסטערט פון לענינס טיטאַנישער פערזענלעכקייַט. שוין אין אָנהייב פון זייַן ליטעראַרישער שאפונג האָט דער פּאָעט רעוואָליוציאָנער דערזען דאָס געשטאַלט פונעם קומענדיקן נייַעם מענטשן, וואָס שפּאַנט מיט מייַלן־טריט צו די הייכן פונעם קאָמוניזם. ער האָט דער ערשטער פון די דיכטער באַגעגנט דעם גרויסן אָקטיאַבער מיט א פלאַמיקן אויסרוף: „מייַן רעוואָליוציע!“.

מאיאַקאָווסקי האָט לייַדנשאַפטלעך באַקעמפט אַלע מינים נאַציאָנאַלן האַס, אַרייַנגערעכנט אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז צו זען, למשל, פון זייַן שאַרפער סאַטירע „זשיד“:

מיר ווענדן זיך
ווידער און ווידער
צו אומפּאַרטייִשע,
צו קאָמיוגיסטן,
צו רוסלאַנד,
אַמעריקע,
צו דער גאַנצענער
מענטשלעכער איידע:
שפּייַט אַרויס
דאָס עקלהאַפטע וואָרט,
וואַרפט עס אַרויס
מיט שמוץ צוזאַמען!

(איבערגעזעצט ז. טימענטשיק)

אויך אין דעם לעבן פונעם ייִדישן פאָלק האָט מאיאַקאָווסקי מיט גרויס אינטערעס נאָכגעשפּירט דעם אָנגעשטרענגטן קאַמף צווישן דער אַלטער און נייַער וועלט. ער האָט טיף מיטגעפילט דעם פּראָצעס פון אַרייַנציִען די ייִדישע מאַסן אין דער קאָלעקטיווער אַרבעט. אָט דער טעמע האָט ער געווידמעט זייַנע לידער „דער ייִד“, „אָזעט“ און „א ליבגעזאַנג דער טעטיקייַט פון „אָזעט“, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל מיטצוהעלפן דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקטיוויזירונג פון די ייִדישע מאַסן. בייס מאיאַקאָווסקי איז געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, האָט ער דאָרט באַזוכט די אַרבעטער־פערמע, וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן לעבן ניו־יאָרק דורך דער פּראָגרעסיווער צייַטונג „מאָרגן־פרייַהייַט“. וועגן דעם דערציילט ער אין דער ליד „קעמפּ „ניט געדייַגעט“:

סאַרא כאָלעם מאָלט עס
די נאַכט, אָט די הולטייַקע!
נאָר איז עס דען א כאָלעם?
ס׳הייבט זיך גאָרניט אָן.
דאָס זינגען
קאָמסאָמאָלצעס
אין קעמפּ „ניט געדייַגעט“,
און מיט דער ליד
זיי טרייַבן
קיין מאָסקווע דעם הודזאָן...

(ייִדיש — י. זעלדין)

אָנהייב מייַ 1922 איז וול. מאיאַקאָווסקי געקומען קיין ריגע. די ידיעה וועגן זייַן אָנקומען האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דער „פּאָלפּרעד פון דער סאָוועטישער פּאָעזיע“ האָט אין אונדזער הויפּטשטאָט צוגעצויגן צו זיך דעם אינטערעס פון אַלע דעמאָקראַטישע שיכטן, באַזונדערס פון דער אַרבעטער־יוגנט.

די פאַרוואַלטונג פון „אַרבעטער־היים“ און פונעם ייִדישן פאָלקס־אוניווערסיטעט האָט גלייַך אייַנגעשטעלט מיטן גרויסן דיכטער א קאָנטאַקט. מיר האָבן באַשלאָסן אייַנאָרדענען אַן עפנטלעכע אַרויסטרעטונג פון מאיאַקאָווסקין. ער האָט פאָרגעלייגט לייענען א לעקציע וועגן דער סאָוועטישער קונסט און זייַן אָקאָרשט פאַרענדיקטע פּאָעמע „איך האָב ליב“ («Люблю»).

ווען „אַרבעטער־היים“ האָט זיך געווענדט צום פּאָליציי־פּרעפעקט פון ריגע נאָך א דערלויבעניש, האָט מען דאָרט געפאָדערט, אַז מאיאַקאָווסקי זאָל פערזענלעך קומען צום פּרעפעקט. לאַקאָניש האָט געקלונגען דער ענטפער פונעם דיכטער אויף אָט דער „אייַנלאַדונג“: „אויב דער הער פּרעפעקט האָט מיך נייטיק, זאָל ער מיך באַערן מיט זייַן וויזיט צו מיר...“ סאָפּקאָלסאָף איז אונדז געלונגען באַקומען מאיאַקאָווסקיס האַסקאָמע צוזאַמען מיט אונדז אַרייַנצוגיין אין פּרעפעקטור.

דער פּרעפעקט האָט קלאָר און דייַטלעך דערקלערט, אַז מאיאַקאָווסקיס עפנטלעכע אַרויסטרעטונג אין ריגע איז ניט דערלאָזבאַר: „יעדע אַרויסטרעטונג פון מאיאַקאָווסקין אויף דער טריבונע איז א רוף צו אַן אופשטאַנד. דער אינערן־מיניסטער קוויעסיס קאָן דעריבער אַזא אַרויסטרעטונג ניט דערלויבן...“ וועגן אָט דעם באַזוך באַם ריגער פּרעפעקט האָט מאיאַקאָווסקי אָנגעשריבן זייַן באַוווּסטע סאַטירע „וויאַזוי עס אַרבעט א רעפּובליק א דעמאָקראַטישע“.

מיר האָבן באַשלאָסן ניט צו רעכענען זיך מיט דעם ווילקיר פון די רעאַקציאָנערע „דעמאָקראַטן“ און האָבן אייַנגעאָרדנט פאַר די מיטגלידער פון „אַרבעטער־היים“, פאַר דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט און אויך פאַר א סאַך ספּעציעל אייַנגעלאַדענע געסט א געשלאָסענעם ליטעראַ־

רישן אָונט, אַף וועלכן וולאַדימיר מאיאַקאָווסקי האָט פאַרגעלייענט די פּאָעמע „150.000.000“. די צוהערער וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן די שטורמישע אינטאָנאַציע פונעם דיכטער—גיגאַנט. זײַן שטאָלץ פאַרוואָרפענער קאָפּ, די מעכטיקע שטים, די עמאָציאָנעלע דערהויבנקײַט — אין דעם אַלעמען האָט זיך געשפּירט דער שעפערישער ברען פון א פּאָעט א קעמפער.

גלײַך נאָך זײַן אָנקומען קיין ריגע איז מאיאַקאָווסקי שריט נאָך שריט פאַרפאָלגט געוואָרן דורך די אַגענטן פון דער אָכראַנקע. אינעם צענטראַלן מעלוכע־אַרכיוו געפינט זיך א ספּעציעלער אַקט פון דער אָכראַנקע וועגן זײַן דעמלטיקן באַזוך, זײַן פאָטאָגראַפיע מיט אַן אופשריפט „וו. מאיאַקאָווסקי“ און מיט א שטעמפּל 2606. אין דער אַנקעטע מיט ידיעות וועגן מאיאַקאָווסקין אונטערן נומ. 4773 לייענען מיר אין פּונקט „7“ די „באַשולדיקונג“: „א מיטאַרבעטער פונעם בילדונגס־קאָמיסאַריאַט און פון דער געזאַנדשאַפט פונעם ראַטנפאַרבאַנד“.

מאיאַקאָווסקי האָט געשטרעבט אַלזײַטיק צו באַקענען זיך מיט די לעבנס־באַדינגונגען אין לעטלאַנד, וואָס איז דאַן געווען א באַשטאַנד־טייל פונעם טרויעריק באַוווּסטן „סאַניטאַרן קאָרדאָן“ אַף דער גרענעץ צווישן קאַפּיטאַליסטישן מײַרעוו און סאָציאַליסטישן מיזרעך. באַם פאַרלאַג פון „אַרבעטער־היים“ איז געווען א בוכהאַנדלונג, וועלכע מאיאַקאָווסקי האָט באַזוכט. שפּעטער האָבן די מיטאַרבעטער פון פאַרלאַג דערציילט, אַז גלײַך נאָך דעם, ווי מאיאַקאָווסקי איז אַרויסגעגאַנגען פון דער בוכהאַנדלונג, האָבן זיך אַהין אַרײַנגעריסן אַגענטן פון דער אָכראַנקע און שטרענג אויסגעפרעגט, וועגן וואָס האָט גערעדט און מיט וואָס האָט זיך אינטערעסירט דער „הויכער באַזוכער“... דער דיכטער האָט זיך פאַר אונדז באַקלאָגט, אַז די שפּיקעס האָבן אים מוירעדיק דערעסן, און האָט דערציילט וועגן אַזא אינצידענט. ער האָט באַזוכט דעם ריגער האַפן, קעדיי זיך צו באַקענען מיטן לעבן פון די האַפן־אַרבעטער. ווען ער האָט דערזען, אַז די שפּיקעס דרייען זיך אַן אויפהער אַרום אים, האָט ער באַשלאָסן זיך נויקעם זײַן אין זיי. ער האָט זיך פּלוצעם אופגעשטעלט, האַסטיק אַרויסגענומען דעם זייגער, א קוק געטאָן אַף אים מיט א מינע פון א מענטשן, וואָס פאַרשפּעטיקט אַף א זייער וויכטיקער באַגעגעניש, און מיט ריזנטריט זיך א לאָז געטאָן פונעם האַפן צום וואַלד־פּאַרק לעבן ריגע. די שפּיקעס זײַנען א געוויסע צײַט נאָכגעלאָפן נאָך אים, נאָר אינגיכן איז ער פון זיי פאַרשוווּנדן... ווען ער האָט וועגן דעם אינצידענט דערציילט, האָט ער מיט יוגנטלעכן ברען געלאַכט.

מאיאַקאָווסקי פלעגט אָפט אַרײַנגיין אין „אַרבעטער־היים“ און האָט זיך דאָרט געפילט היימיש. ער פלעגט זיך זעצן ניט אַף די שטולן, וואָס זײַנען געווען ניט לויט זײַן וווּקס, נאָר אַפן ראַנד פונעם שרײַבטיש.

מיט דער האַסקאָמע פון מאיאַקאָווסקין האָט דער פאַרלאַג „אַרבעטער־היים“ באַשלאָסן אַרויסגעבן זײַן נײַע פּאָעמע „איך האָב ליב“. לויט די געזעצן פונעם בורזשואַזן לעטלאַנד איז די טיפּאָגראַפיע געווען פאַרפליכטעט פאַרן אַרויסלאָזן אַן אויסגאַבע איבערצוגעבן 10 עקזעמפּליאַרן פונעם בוך דער פּרעפעקטור. די מיטגלידער פון „אַרבעטער־היים“, וואָס זײַנען געווען באַשעפטיקט אין דער טיפּאָגראַפיע, האָבן דאָס מאָל אָפּגעאַרבעט א גאַנצע נאַכט און א גאַנצן אינדערפרי. ווי נאָר עס האָבן זיך געעפנט די טירן פון דער פּרעפעקטור, האָט מען איבערגעגעבן די צען עקזעמפּליאַרן פון דער פּאָעמע. אָבער גלײַכצײַטיק האָבן מיר פאַרטיילט די אָפּגעדרוקטע עקזעמפּליאַרן צווישן די צײַטונג־קיאָסקן און אויך פאַנאַנדערגעשיקט זיי אין די פּראָלעטאַרישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס אין ריגע און אין דער פּראָווינץ. ווען די פּאָליציי איז צוגעטראָטן צו דער קאָנפיסקאַציע פון דער אויסגאַבע, האָט זי אין דער טיפּאָגראַפיע געפונען און קאָנפיסקירט גאָר א קליינע צאָל עקזעמפּליאַרן.

דער פאַרלאַג „אַרבעטער־היים“ האָט אינגיכן זיך דערשלאָגן באַם געריכט די אַנולירונג פון דער קאָנפיסקאַציע, און מיר האָבן טייקעף אַרויסגעלאָזט א צווייטע, פאַרגרעסערטע אויסגאַבע פון דער פּאָעמע מיט אַן אופשריפט: „די ערשטע אויסגאַבע איז קאָנפיסקירט געוואָרן“. דאָס האָט געמאַכט א פּאָליטישן רוישעם, און די נײַע אויסגאַבע איז זיך אין מעשעך פון עטלעכע טעג פאַנאַנדערגעגאַנגען. א פאַרבליבענעם באַ מיר עקזעמפּליאַר פון דער פּאָעמע האָב איך אין 1940 איבערגעגעבן דעם מאיאַקאָווסקי־מוזיי אין מאָסקווע.

אַף אָט די אייגנאַרטיקע „גילגולים פון זײַן ניגן“ אין בורזשואַזן לעטלאַנד האָט מאיאַקאָווסקי מיט בײַסיקער איראָניע רעאַגירט אין זײַן ליד „די פרײַהײַט פון וואָרט“. די פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען האָבן, ווי מיר האָבן שוין געזען, געהאַט א פאַרקערטן רעזולטאַט. מאיאַקאָווסקיס פּאָעזיע האָט געמאַכט דעם טיפסטן אײַנדרוק אַף דער אַרבעטער־יוגנט. זײַנע לידער האָט מען מיט גרויס דערפאָלג פאָרגעלייענט אַף לעגאַלע און אומלעגאַלע פּראָלעטאַרישע אָוונטן. אין אונדזערע פּראָגרעסיווע קולטור־אונטערנעמונגען האָט געקלונגען דער שטאָלצער רוף פונעם רעוואָליוציאָנערן דיכטער:

דאָס פאָטערלאַנד רים איך אָט דאָס, וואָס איז דאָ,
און דרײַפאַכיק דאָס, וואָס וועט זײַן...

אינמיטן מײַ 1922 האָט וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש פאַרלאָזט ריגע.

דער דערפאָלג פון דער אויסגאַבע „איך האָב ליב“ האָט דערמונטערט דעם פאַרלאַג „אַרבעטער־היים“ צו פאַרברייטערן זײַן טעטיקײַט און אײַנשאַפן זיך אַן אייגענע טיפּאָגראַפיע. דײַטשלאַנד האָט דעמלט איבערגעלעבט א מוירעדיקע אינפלאַציע, און אין בערלין האָט מען געקאָנט פאַר ניט קיין טײַערער פּרײַז באַקומען דעם נייטיקן אינווענטאַר. מיט אָט דעם ציל בין איך אין האַרבסט 1922 געפאָרן קיין בערלין. דאָרטן האָב איך זיך ווידעראַמאָל באַגעגנט מיט מאיאַקאָווסקין. ער איז אין בערלין אַרויסגעטראָטן מיט פאָרלעזונגען וועגן קונסט און ליטעראַטור, אין וועלכע ער האָט לײַדנשאַפטלעך באַקעמפט די „סמענאָוועכאָווצעס“[1], די אימאַזשיניסטן[2] און פאָרמאַליסטן פון אַלע מינים. פון מויל צו מויל פלעגט מען צווישן דער אינטעליגענץ איבערגעבן די סאַטיריש־בײַסיקע ענטפערס פונעם דיכטער אַף די רעפּליקעס פון זײַנע קעגנער.

איך האָב באַזוכט מאיאַקאָווסקין אין זײַן האָטעל. מיר האָבן גערעדט וועגן אַרויסגעבן אין ריגע אַן איבערזעצונג

---

[1] סמענאָוועכאָווצעס — א ווײַס־עמיגראַנטישע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע שטרעמונג אין אויסלאַנד, וועלכע האָט אין די 20־ער יאָרן געביטן די באַציִונג צום ראַטנפאַרבאַנד.

[2] אימאַזשיניסטן (אימאַזש — בילד, פראַנצ.) — א ליטעראַרישע דעקאַדענטישע גרופּע ערעוו און אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע, וו עס זײַנען געווען די שרײַבער יעסענין, שערשעניעוויטש, מאַריענהאָף און אַנד.

פון זײַנע ווערק אַף ייִדיש. ער האָט צוגעזאָגט אונדז העלפֿן אײַנשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט אַנדערע סאָוועטישע שרײַבער, קעדיי אָפּדרוקן אויך זייערע ביכער אין אונדזער פאַרלאַג.

בייס אָט דער באַגעגעניש האָב איך דערציילט מאיאַקאָווסקין וועגן דעם, וואָס איך האָב אָקאָרשט איבערגעלעבט אינעם „ראָמאַנישן קאַפע". אַהין האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעריסן אַ באַנדע פאַשיסטן מיט ווילדע אויסרופן: „קאָמוניסטן און יודען פּערערקעט!". מאיאַקאָווסקיס געזיכט האָט אויסגעדריקט אַ טיפן ווידערווילן, און אין זײַנע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן אַ פלאַם פון צאָרן. „אויך איך האָב דאָ איבערגעלעבט אַן ענלעכע עקלהאַפטע סצענע, — האָט ער געזאָגט, — דאָס זײַנען די שאַרפע נעגל פון דער ווילדער חיה, וואָס קלײַבט זיך צום אָנגריף. דער דײַטשישער בורזשואַ האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. וועגן וואָס טראַכטן אָט די ווײַמאַרער אַך־און־ווי־דעמאָקראַטן? זייערע מויכעס זײַנען פּונקט אַזוי אַרומגעשניטן, ווי די בערלינער ביימער אַף „אונטער די לינדן"..."

פול מיט ווייטעק און אומרו זײַנען געווען מאיאַקאָווסקיס ווערטער וועגן די פּאָליטישע ספּעקוליאַנטן, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער דער שעפּסן־פעל פון דעמאָקראַטן און רעפּובליקאַנער, וועגן די בלוטדורשטיקע טאַליאַנים, וואָס פאַרדעקן זיך מיט דער נאָבלקײַט פון אַ פאָלק פון „דענקער און דיכטער".

בייס אונדזער געשפּרעך איז צו מאיאַקאָווסקין געקומען אַ פאָרשטייער פונעם דײַטשישן „מאַליק־פאַרלאַג", וואָס האָט זיך געקליבן אַרויסצוגעבן זײַן פּאָעמע „150.000.000". אינגיכן איז זי טאַקע דערשינען אַף דײַטש אין דער איבערזעצונג פון יאָהאַנעס בעכער.

די ראָטאַציע־מאַשין פאַרן „אַרבעטער־היים־פאַרלאַג" איז אינגיכן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ריגע, נאָר באַניצן זיך מיט איר, ווי עס איז געווען פאָרויסגעזען, איז שוין ניט געווען מעגלעך. אינגיכן האָט די רעגירונג פון לעטלאַנד פאַרווערט דעם „אַרבעטער־היים" און זײַן פאַרלאַג פאַר זייער קאָמוניסטישער טעטיקײַט. דאָס איז, אַגעוו, געווען אַ בוילעטע אילוסטראַציע צו מאיאַקאָווסקיס ליד „ווי עס אַרבעט אַ רעפּובליק אַ דעמאָקראַטישע"...

דאָס לעצטע מאָל האָב איך באַגעגנט וו. וו. מאיאַקאָווסקין סאָף דעקאַבער 1924 אינעם קלוב פון דער סאָוועטישער פאָרשטייערשאַפט אין לעטלאַנד. דער דיכטער האָט דאָ פאָרגעלייענט זײַן פּאָעמע „וולאַדימיר איליטש לענין".

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מאיאַקאָווסקיס לעבן האָט זיך טראַגיש איבערגעריסן אין אַפּרעל 1930.

---

## אונדזער פרײַנט, דער טרײַער מויכער־ספּאָרימניק

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט דער גרויסער פּראָלעטאַרישער דיכטער וולאַדימיר מאיאַקאָווסקי, וועלכער איז געווען, ווי עס איז באַוווּסט, אויך אַ קינסטלער, אָנגעמאָלט אַ פרײַנטלעכן שאַרזש אַף איינעם אַ פאַרשפּרייטער פון ביכער.

די צייכענונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ביכער מיט „פיס", מענטשלעכע פיס, וואָס גייען גלײַך צו די לייענער אין די הענט אַרײַן. די אונטערשריפט אונטער דעם שאַרזש איז געווען: דער און דער (אָנגערופן דעם נאָמען פונעם ביכער־פאַרשפּרייטער) מאַכט צו פיס די ביכער, און זיי גייען שוין אַליין צו די לייענער.

אַז איך טראַכט וועגן ייִצחאָק קילן, דעם מויכער־ספּאָרימניק, דעם לאַנגאָניקן פאַרשפּרייטער פון ייִדישן בוך, דערמאָן איך זיך אַלעמאָל אין דעם דאָזיקן פּלאַקאַט מאיאַקאָווסקיס. אין העכער צוויי הונדערט שטעט און שטעטלעך פון אוקראַיִנע און מאָלדאַוויע האָט ייִצחאָק קיל פאַרשפּרייט דעם ייִדישן סאָוועטישן בוך.

און איצט? איצט, ווען ס'איז אים געוואָרן 75 יאָר, קאָן ער אויך ניט אײַנזיצן אין שטוב. און ער פאַרנעמט זיך אַדהײַעם מיט דער פאַרשפּרייטונג פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון די ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, וואָס דער זשורנאַל גיט אַרויס. דאָס איז זײַן פרײַוויליקע געזעלשאַפטלעכע אָנלאָדונג.

אריכעס־יאָמים אײַך, כאַווער קיל, אונדזער פרײַנט, אונדזער טרײַער מויכער־ספּאָרימניק.

אבע פינקעלשטיין.



## הערש סמאָליאַר

# דער כעזשבן שטימט

(וועגן ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן אין פאָלקס־פוילן)

אזא צײַט איז איצט בא אונדז, אין פוילן: אלע כעזשבענען, פירן אונטער סאכאקלען, און ווען עס קומט צו דער אונטערשטער שורע, בלײַבט א געפיל פון גאָר א באזונדער מין. זאָל עס קיינער ניט נעמען פאר אומגוט און אונדז ניט כוישעד זײַן אין אומבאשיידנקײַט, אָבער עפּעס איז אין אונדזער געמיט־צושטאנד פאראן ענלעכס צו די געפילן, וואָס באהערשן די העלדן פון עמאנויל קאזאקעוויטשעס ראָמאן „פרילינג באם אָדער":

„די זעלנער האָבן געקוקט איינער אפן צווייטן און די שווארצאפּלען זײַנען בא זיי ברייטער געוואָרן פון דעם שטאָלצן געדאנק, אז זייערע קויכעס זײַנען אומבאזיגבאר.

— אָט אזעלכע זײַנען מיר!"

באטראכטנדיק דעם סאכאקל פון דעם צוואנציקיאָריקן ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן אין פאָלקס־פוילן און האלטסט זיך אין איין כידעשן:

— צי זײַנען מיר טאקע אזעלכע?!

מיר, וואָס זײַנען אזוי קליין אין צאָל, האָבן באוויזן פאר צוואנציק יאָר צו פארנעמען א באשטימטן פלאץ אין דעם אלגעמיינעם פאָלקס־באלאנס. אָן סאָפעק בינדט זיך עס דערמיט, וואָס אונדזער אָרט אין דעם באפרײַטן לעבן איז געווען פאָרויסגעזען (צו פרי איז נאָך דאן געווען צו זאָגן: פּלאנירט) אינעם ערשטן מעלוכע־אקט פון נײַעם פוילן, אינעם מאניפעסט (יול 1944) פון דער ערשטער פאָלקס־רעגירונג — פון דעם פוילישן קאָמיטעט פאר נאציאָנאלער באפרײַונג. דער קאטעגאָרישער אָנזאָג פון דעם דאָזיקן מאניפעסט צו העלפן די ייִדן פון פוילן צוריק אופצובויען דאָס כאָרעווע לעבן איז געווען די קעסיידער גילטנדיקע מעלוכישע ריכט־ליניע פאר אָנווענדן די לענינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק לעגאבע די לעבן געבליבענע פוילישע ייִדן.

אונדזער אָרט אינעם צוואנציקיאָריקן אלפאָלקישן סאכאקל איז אויך דעטערמינירט דורך דעם באדײַטנדיקן אָנטייל פון ייִדישע מענטשן סײַ אין דעם באוואָפנטן קאמף אין די רייען פון פוילישן פאָלקס־מיליטער און פון דער ווידערשטאנד־באוועגונג, ווי אויך אין דער סאָציאַליסטישער בויונג פון לאנד. ס'איז קעדײַ צו דערמאָנען, אז די צוריקגעקומענע פוילישע ייִדן, וועלכע האָבן בייס דער מילכאָמע געפונען א היים און א שוץ אין סאָוועטנפארבאנד, האָבן ארײַנגעטראָגן זייער כיילעק אין דעם ניצאָכן איבער דעם היטלעריזם, זיך אויסגעלערנט נײַע פאכן און האָבן געשפּילט גאָר א וויכטיקע ראָל אין דעם אופבוי פון דערווירטשאפט אין אזעלכע געגנטן, ווי אויבערשלעזיע, שטשעטשין, לאָדזש אא. ייִדישע ארבעטער האָבן, אשטייגער, אופגעבויט די ערשטע 300 האנטווערקער־קאָאָפּעראטיוון, וועלכע האָבן מאמאָשעסדיק געלינדערט דעם נאָכמילכאָמעדיקן מאנגל אין א ריי סכוירעס.

א באזונדער קאפּיטל איז די קולטור־געזעלשאפטלעכע ארבעט פון דער ייִדישער פאָלקס־אינטעליגענץ, וועלכע האָט צום ערשטן מאָל אין אזא פארנעם אנטפּלעקט די אוצרעס פון גײַסטיקן שאַפן ביכלאל און פון אונדזער ליטעראטור אין דער ערשטער ריי.

אָט אזעלכע זײַנען מיר! בלויז אויסרעכענען און איבערדערציילן דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן באוויזן אין די גאָר ניט לײַכטע צוואנציק פארגאנגענע יאָר, איז שטארק באלערנדיק, און ניט בלויז פאר אונדז. אין קאפּיטאליסטישן מײַרעוו זײַנען פאראן אָן אן ערעך גרעסערע ייִדישע ייִשוּווים, און דאָך קלאפּט אין יענע ערטער קוים דער דויפעק פון ייִדישן קולטור־לעבן, פון ייִדישן קינסטלערישן, ליטעראַרישן שאַפן.

דער אָנערקענטער קולטור־דינאמיזם פון די ייִדן אין פאָלקס־פוילן האָט אף זיך דעם כויסעם פון א צווייענדיקער ווירקונג: ערשטנס, פון דער דוירעסדיקער פאָרגעשריטענער קולטור־טראדיציע פון די פוילישע ייִדן און, צווייטנס, פון דער באפרײַטער דורך דעם סאָציאַליזם שעפערישער פאָלקס־ענערגיע. מיט דער גאנץ פארצווײַגטער ארבעט פירט אָן דער קולטור־געזעלשאפטלעכער פארבאנד פון די ייִדן אין פוילן.

ווער עס האָט אמאָל געשפּירט דעם טאם פון הונגער, פון פּאָשעטן הונגער, דער ווייסט, אז דאָס געפּערלעכסטע איז זיך צו ווארפן אפן עסן אינעם מאָמענט, ווען עס מאכט זיך דערצו אן אומבאגרענעצטע געלעגנהײַט. אין אזא פאל איז, ווי באוווּסט, לעבנסגעפערלעך זיך אָנצועסן צו דער זעט. די קאָרעווו פופציק טויזנט געראטעוועטע פוילישע ייִדן (פון העכער דרײַ מיט א האלבן מיליאָן), וועלכע זײַנען צוריקגעקומען פון די טויט־לאַגערן, פון היילן און בונקערס, פון קאָלערליי באהעלטענישן, זײַנען אין ערשטן מאָמענט פון צוריקקומען אין א נאָרמאל־מענטשלעכער סוויווע געווען לאכלוטן גלײַכגילטיק צו אלץ. די דאָזיקע מענטשן, אין וועמעס אויגן די דאנטע־וויזיע פון גענעם האָט אויסגעזען אין פארגלײַך מיט זייער אייגענער דערפארונג ווי זייער און זייער א באגרענעצטער אויסדרוק פון דער מענטשלעכער פאנטאזיע, זײַנען אין אָנהייב ניט בעקויעך געווען אופצונעמען קיין שום הומאניטארע ווערטן. די אופגאבע איז באשטאנען אין דעם, אז גאָר פּאמעלעך, אזוי פאָרזיכטיק, ווי מע שפּײַזט א מענטשן, וועלכער האָט לאנג געהונגערט, זאָלן מיר צוריק אומקערן די געראטעוועטע די נאטירלעכע באדערפעניש צו גײַסטיקער מענטשלעכער שאפונג. עס איז געגאנגען אין דעם, אז מיט די מיטלען פון עמאָציאָנעלן און אינטעלעקטועלן באווירקן זאָלן מיר אונטערהאלטן די שייריס־הapלייטע, צוריק אופוועקן אין זיי דעם פארלאנג צו „דערלעבן, וואָס מיר האָבן ניט דערלעבט" (י.־ל. פּערעץ), די ווידערשטאנד־קרעפטן, וואָס זײַנען אזוי נייטיק געווען אין אָנבליק פון דעם טאָטאלן כורבן. די קולטור־פונקציע איז צו יענעם מאָמענט אויסגעוואקסן צו דער מאדרייגע פון אן איקערדיקן באדינג פאר צוריקברענגען די ייִדן צום פולן לעבן, פאר דער

מעגלעכקייַט צו געניסן פון דער ברייטסטער פרייַהייַט, וואָס די פאָלקס־מאכט האָט פראָקלאמירט פאר אלע ארבעטס־מענטשן.

קיין שום מיטלען אף אויסצופילן די דאָזיקע קולטור־פונקציע איז אָבער צו יענער צייַט נישט געווען. דער ברוינער בארבאריזם האָט צוזאמען מיט די דרייַ מיליאָן אויסגעקוילעטע פוילישע ייִדן גרינטלעך פארניכטעט אויך די קולטור־דענקמעלער פון זייער טויזנטיאָריקן גייַסטיקן שאפן אף דער פוילישער ערד. דאָ און דאָרט האָט מען אף געטאָ־כורוועס געפונען א האלב אָפגעסמאליעט בלאט מיט ייִדישע אויסיָעס — און דאָס איז געווען אלץ! קיין זייכער איז ניט געבליבן פון דער דוירעסדיקער קולטור־יערושע. איז דעריבער די ערשטע צייַט אויסגעקומען זיך צו ווענדן צו דער טוירע שעבאלפע, צו דעם זיקאָרן. געווען זייַנען עס קוידעמקאָל געראטעוועטע ייִדישע וואָרט־קינסטלער, אקטיאָרן, אזעלכע, ווי די פארשטאָרבענע באַרימטע ארטיסטן דיִאנא בלומענפעלד, דער אקטיאָר קאָלעסניקאָוו, וועלכער איז מיטן באגייַסטערנדיקן ייִדישן קינסטלערישן וואָרט ארויסגעטראָטן גלייַך נאָך דער באפרייַונג, נאָך זייַענדיק אָנגעטאָן אין די קליידער פון א געפאנגענעם. דעם טיפסטן אייַנדרוק, אזא, וואָס האָט באוויזן צו עפענען אפילע יענע הערצער, וועלכע זייַנען געווען „קאלט און הארט און שטום", האָבן געמאכט די לידער פונעם פאָלקס־דיכטער און מוזיקער מאָרדכע געבירטיג. די דאָזיקע לידער פון דעם פאָשעטן קראקאָווער סטאָליער האָבן, שוין נאָכן מארטירער־טויט פון זייער אווטאָר אין געטאָ, געהאָלפן צו באזיניקן די גרעסטע קאטאסטראָפע אין אונדזער פאָלקס־געשיכטע.

## די ליטעראטור וועגן כורבן

מיטן אופשטעלן די ערשטע ייִדישע דרוקערייַ (דער שריפט איז געפונען געוואָרן אף דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער געטאָ אין לאָדזש) איז געשאפן געוואָרן א באגרענעצטע מעגלעכקייַט צו ברענגען דאָס וואָרט פונעם דיכטער, דערציילער, דראמאטורג, קריטיקער, קונסט־פאָרשער און היסטאָריקער צו אלעמען. ביפראט, אז דער נאָכפרעג אפן ייִדישן וואָרט איז נאָכן דערשייַנען פון דער ערשטער ייִדישער צייַטונג אין נייַעם פוילן (אפרעל 1945 יאָר) געוואָרן אלץ גרעסער און גרעסער. עס האָבן צו יענער צייַט שוין גענומען צוריקומען פון סאָוועטנפארבאנד טויזנטער און טויזנטער געראטעוועטע פוילישע יידן. ס'איז דעריבער גרויס געווען די בענקעניש נאָך א בוך, קוידעמקאָל אזא, וואָס זאָל דערציילן, וואָס זאָל אופקלערן דאָס אומבאגרייַפלעכע, וואָס איז מיט אונדז געשען בייַס די פינף מילכאָמע־יאָרן. צו די ערשטע ביכער, וואָס זייַנען דערשינען צו יענער צייַט, געהערן טאקע די לידער פון מאָרדכע געבירטיג און דאָס קינסטלערישע ווערק וועגן געטאָ פון דעם טאלאנטפולן פראָזאיִקער י. שפיגל, וועלכער איז אליין געווען אינעם טאָל פון פייַן — אין דער שוידערלעכסטער פון אלע געטאָס, אין לאָדזש. זייַן בוך „מאלכעס געטאָ" האָט אף אן אייגנארטיק פלאסטישן אויפן אנטפלעקט דעם געמיט־צושטאנד פון דעם געטאָ־געפאנגענעם, די טיף פון דער פייַן פון די אומשולדיק פארמישפעטע צום אומקום.

פונעם מאָמענט, ווען אונדזערע פארלעגערישע מעגלעכקייַטן פארגרעסערן זיך, וואקסט די צאָל ווערק, געווידמעטע דער אָקופאציע־טעמע. צו זיי געהערן די פּיִאָנער־ארבעטן פון בער מארק, דאָס בוך פון ל. ברענער „ווידערשטאנד און אומקום אין טשענסטאָכאָווער געטאָ", די סעריע ביכער, וואָס איז דערשינען אין דער צענטראלער ייִדישער היסטאָרישער קאָמיסיע וועגן א ריי קאָנצענטראציע־לאגערן, די ביכער פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך באטייליקט אין אופשטאנד פון ווארשעווער געטאָ — מארעק עדעלמאן, טעוויע באזשיקאָווסקי, דאָרע גאָלדקאָרן אא. א באזונדערן ווערט האָבן די ביכער פון די אומגעקומענע אין געטאָ ייִדישע שרייַבער: ז. סקאלאָוו („דער האקנקרייץ"), י. פעלד („אין די צייַטן פון האמאָן דעם צווייטן"), דעם רעדאקטאָר פון „מאָרגן־פרייַ", דעם אומלעגאלן אָרגאן פון די קאָמוניסטן אין ווארשעווער געטאָ, פ. אפאטשינסקי („רעפאָרטאזשן פון ווארשעווער געטאָ"), וועמעס מאנוסקריפטן עס זייַנען געפונען געוואָרן אין דעם געטאָ־ארכיוו פון דאָקטער עמאנועל רינגעלבלום. צו די ווערק פון קינסטלעריש־ליטעראַרישן און קריטיש־פאָרשערישן כאראקטער וועגן דער צייַט פון ייִדן־אויסראָטונג געהערט די זאמלונג „דאָס ליד איז געבליבן" פון 36 אומגעקומענע ייִדישע פאָעטן, דאָס ווערק פון בער מארק „די ייִדישע טראגעדיע אין דער פוילישער ליטעראטור", א. גאָזשאנסקיס „דער מענטש האָט געזיגט", ש. דיִאמאנטס דראמע „א ייִד צווישן פויערים" (וועלכע איז בעשייַטע געשטעלט געוואָרן דורך דעם ייִדישן טעאטער אין פוילן), י. סאנדלערס צוויי בענדער וועגן די אומגעקומענע ייִדישע קינסטלער, ש. שטראוס־מארקאָס „דער ראסיקער אריער", די זאמלונג „לידער פון געטאָ און לאגערן" פון רוטע פופס, „דאָס טאָגבוך פון דאָווידל רובינאָוויטש". א וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן כאראקטער האָט ד״ר ארן אייַזנבאכס ווערק „די היטלעריסטישע פאָליטיק פון ייִדן־דיסקרימינאציע". ברייט באקאנט זייַנען די צוויי בענדער שריפטן פונעם אומגעקומענעם היסטאָריקער, דעם כראָניקער פון ווארשעווער געטאָ ד״ר עמאנועל רינגעלבלום.

א וויכטיק אָרט פארנעמען בא אונדז די איבערזעצונגען פון קינסטלערישע ווערק פון פוילישע שרייַבער, געווידמעטע דער טראגעדיע פון די ייִדן, אין דער ערשטער ריי די ווערק פון אדאָלף רודניצקי, סטאניסלאוו וויגאָדזקי אא.

שוין דאָס אויבנדערמאָנטע זאָגט אייִדעס וועגן דעם באזונדערס גרויסן אָרט, וואָס עס פארנעמען אין אונדזער ליטעראַרישן סאכאקל פאר די פארגאנגענע צוואנציק יאָר די ווערק, וועלכע שפיגלען אָפ די צייַט פון ייִדישן מאסן־ווידערשטאנד און היטלעריסטישן פעלקער־מאָרד. און דאָס איז קלאל ניט צופעליק. מיט דער קינסטלערישער און וויסנשאפטלעכער ליטעראטור, געווידמעט דעם טראגישסטן קאפיטל אין אונדזער געשיכטע, זייַנען מיר אנטקעגנגעקומען דעם ווילן פון די לייענער טיף צו באנעמען דאָס געשעענע, די סיבעס און רעזולטאטן פון דער ווילדסטער פעלקער־אויסראָטונג. איינצייַטיק שטרעבן מיר מיט די דאָזיקע ווערק וועגן קאמף און אומקום צו אליארמירן די וועלט־עפנטלעכקייַט, אין דער ערשטער ריי די ייִדישע פאָלקס־מאסן פון אלע לענדער, זיי זאָלן ניט פארגעסן, אז די שולדיקע לעבן, אז זיי זייַנען נאָך אלץ אומבאשטראָפט, אז דער כויוו פון אונדזער דאָר איז צו מאָנען און דערשלאָגן זיך גערעכטיקייַט. אונדזער ליטעראטור וועגן דער פארניכטונג פון זעקס מיליאָן ייִדן און מיליאָנען מענטשן פון אנדערע פעלקער איז א באשולדיקונגס־אקט קעגן די פאשיסטישע מענטשנפרעסער און אויך קעגן יענע, וואָס ווילן פארגעסן אין דעם פארגאָסענעם בלוט, און אזעלכע

זײַנען פאראן ניט ווייניק צווישן די רעאקציאָנערע יידישע קרײַזן אין א ריי קאפיטאליסטישע לענדער.

די ליטעראטור וועגן יידישן אומקום און ווידערשטאנד וועט דעריבער אויך אין דער צוקונפט פארנעמען אן אָנגעזעען אָרט אין די פּלענער פון אונדזער פארלאג „יידיש בוך“.

## קעדיי צו שטארקן אונדזערע וואָרצלען

מיטן ארויסגעבן די ערשטע יידישע ביכער אינעם פאָלקס־פוילן האָבן מיר זיך געשטעלט אלס אויפגאבע אָנשליסן זיך צו אונדזער גרויסן ליטעראטור־פארמעגן, צו דער פּראָגרעסיווער קולטור־טראדיציע, אין דער ערשטער ריי צו די קלאסיקער, און אזויארום געבן דעם באפרײַטן יידישן מענטשן דאָס געפיל, וואָס איז אים אזוי גוואלדיק נייטיק געווען, — דאָס געפיל פון אונדזער אײַנגעפונדעוועטקײַט אינעם נײַעם לעבן.

די ווערק פון די קלאסיקער פארנעמען אין משך פון אלע פארגאנגענע יאָרן א גרויס אָרט צווישן אונדזערע אויסגאבן. מיר האָבן דערבײַ זיך אויך גערעכנט דערמיט, אז אין די יאָרן פון מלחמה, געטאָ און לאגערן האָבן א סאך מענטשן אלס קלאל פארלוירן יעדן קאָנטאקט מיטן קינסטלערישן וואָרט, האָבן זיך אָפּגעוווינט פון אים. קעדיי ווידער אויפוועקן אין זיי די באדערפעניש אין ליטעראטור און קונסט, האָבן מיר גענומען צוהילף די קלאסיקער און דעם עלטערן דאָר שרײַבער.

מיר האָבן דעם יידישן לייענער געגעבן פינף בענדער פון מענדעלע מוכר־ספרימס ווערק („פישקע דער קרומער“, „מסעות בנימין השלישי“, „דאָס ווינטשפינגערל“, „דאָס קליינע מענטשעלע“, א ספּעציעל אָפּגעקליבענעם באנד נאָוועלן אא.). דער נאָכפרעג אף די ווערק פון די קלאסיקער איז בא אונדז אזוי גרויס, אז א ריי בענדער זײַנען שוין ניט בענימצע. פאר אונדז שטייט שארף די פראגע וועגן א נײַער אויפלאגע פון די קלאסיקער. אזוי, לעמאָשל, זײַנען פון אכט בענדער שאָלעם־אליייכעמס ווערק („טעוויע דער מילכיקער“, „מענאכעם־מענדל“, „מאָטל פייסי דעם כאזנס“, „סטעמפּעניו“, „יאָסעלע סאָלאָוויי“, „בלאָנדזנדע שטערן“, צוויי בענדער, „קסאָווים פון א קאָמיוואָיאזשאָר“, „קאסרילעווקע“ אא.) געבליבן קוים איינצלנע עקזעמפּליארן, און דאָס בלויז פון דרײַ בענדער. דאָס זעלבע איז שײַעך די בענדער פון י.־ל. פּערעץ („רײַזע־בילדער“, „דערציילונגען“, „כסידיש“, פּאָעמען, נאָוועלן, צוויי בענדער „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ אא.). די לאגע איז אזא, אז אין איצטיקן מאָמענט, באם אָפּמערקן פּערעצעס 50־טן יאָרצײַט, זײַנען מיר קימאט ניט בעקויעך פּאָרצולייגן דעם לייענער די ווערק פונעם קלאסיקער, וועלכע זײַנען אין גרעסטן טייל אויסגעפארקויפט.

מיר האָבן געזאָרגט און זאָרגן סיסטעמאטיש דערפאר, אז אונדזער לייענער זאָל האָבן א מעגלעכקײַט באקאנען זיך מיט די ווערק פון די גרויסע שעפער פון אונדזער ליטעראטור — שאָלעם אש (דערשינען א באנד נאָוועלן), אווראָם רייזען (דרײַ בענדער), יויסעף אָפּאטאָשו („לינטשער“), איטשע־מייער ווײַסענבערג (געקליבענע שריפטן), דאָוויד בערגעלסאָן (נאָוועלן), עפראָיִם קאגאנאָווסקי („יידישע שרײַבער אין דער היים“, „פוילישע יאָרן“, „א שטאָט בא דער וואָלגע“), מיט די ווערק פון די אומגעקומענע יידישע שרײַבער אלטער קאציזנע (געקליבענע שריפטן), מ. בורשטין („בא די טײַכן פון מאזאָוויע“), שימען האראָנטשיק (געקליבענע שריפטן), דאָוויד מיצמאכער (א זאמלונג דערציילונגען), כלאָוונע קאגאן („באם טײַך“) אא.

פאר אונדז שטייט די אויפגאבע צו באפרידיקן אין א פיל גרעסערער מאָס אונדזערע לייענער, זיי זאָלן באקומען די בעסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראטור. מיר ווילן זיי געבן א פולערן באגריף וועגן די אידייִש־קינסטלערישע אויצרעס, וואָס מיר פארמאָגן.

## אונדזער אייגן וואָרט

איינער פון די גרונטיקע קולטור־פרינציפּן פון דער יידישער געזעלשאפטלעכקײַט אין פאָלקס־פוילן איז אין משך פון אלע צוואנציק יאָר געווען: ארויסגעבן די ווערק פון אונדזערע הײַנטצײַטיקע שרײַבער. זיי קומט ניט אויס לאנג צו ווארטן, ביז זייערע שאפונגען דערזעען די ליכטיקע שײַן. און דאָס איז דאָך פארשטענדלעך. מיר זײַנען בלוטיק פארינטערעסירט אין דער אנטוויקלונג פון אונדזער אייגענעם יידישן ליטעראַרישן שאפן אין נײַעם פוילן. און האגאם די צאָל יידישע שרײַבער, וועלכע האָבן זייער גוירל פארבונדן מיטן סאָציאליסטישן היימלאנד, איז ניט קיין גרויסע, איז אָבער דאָס אָרט פון די יידישע שרײַבער אין פוילן א באזונדערס אָנגעזעען אין אונדזער אלגעמיינעם ליטעראַרישן סאכאקל. יעדערער פון אונדזערע דיכטער האָט זײַנע עטלעכע בענדער לידער. צו זיי געהערן די פּאָעטן: דאָוויד ספארד, קאלמען סעגאל, עליע רייזמאן, מוישע שקליאר, דער פרי פארשטאָרבענער יאנקעוו זאָנשײַן. לעצטנס איז דערשינען אן ערשטע לידער־זאמלונג פון פּ. ציבולסקי, עס גרייט זיך צום דרוק א בוך פּאָעזיע פון ה. סאפרין. עס זײַנען בא אונדז דערשינען אויך ווערק פון אזעלכע אווטאָרן, וועלכע האָבן ערשט אין פאָלקס־פוילן באקומען די מעגלעכקײַט צו דעביוטירן. אייניקע פון די דאָזיקע אווטאָרן האָבן שפּעטער פארלאָזט פוילן און אפילע פארנומען א פײַנטלעכע צום סאָציאליזם פּאָזיציע. פארן גרעסטן טייל פון זיי האָט זיך דערמיט ביכלאל פארענדיקט זייער דיכטערישער וועג: א טייל פון זיי איז אנשוויגן געוואָרן; אנדערע פארנעמען זיך מיט נאָכאנאנדיקן פארלייקענען זייער ביז איצטיקן גאנג; נאָך אנדערע זײַנען געוואָרן פראָדוצענטן פון שונד, פון היפּער־סעקסואליזירטער „ליטעראטור“. סײַ די, סײַ יענע פארנעמען זיך דעריקער מיט טרײַבן רעכילעס אפן לאנד, וואָס האָט בייס די גרעסטע מילכאָמע־שווערקײַטן אויסגעהיט זייערע לעבנס.

אונדזער דיכטונג, באזונדערס די ליריק, האָט א גרויסן אָפּקלאנג צווישן די ברייטע לייענער־קרײַזן. די לידער פון אונדזערע פּאָעטן ווערן רעציטירט בייס גרויסע קולטור־אונטערנעמונגען. און, וואָס עס איז באזונדערס פרייִדיק, זיי ווערן פּאָפּוליאריזירט דורך אונדזער יוגנט, וועלכע האָט אין עטלעכע שטעט (ווראָצלאוו, לאָדזש) אָרגאניזירט ספּעציעלע פּאָעטישע אָוונטן. צו די לידער פון אייניקע אונדזערע דיכטער האָבן קאָמפּאָזיטאָרן געשאפן מוזיק, און זיי ווערן געזונגען דורך אונדזערע כאָרן און סאָליסטן.

שעפעריש אקטיוו איז קאלמען סעגאל, וועלכער האָט ארויסגעגעבן אין משך פון די לעצטע יאָרן עטלעכע

פראָזע־ווערק. זײַן שאַפן געפינט אַן אָפּקלאַנג אויך צווישן די פּוילישע לייענער. זאַמלונגען פון זײַנע דערציילונגען זײַנען אַרויס אין זײַן אייגענער איבערזעצונג. באַליבט בײַ דעם ייִדישן לייענער אין פּוילן איז דער פּראָזאַיִקער מענדל טעמפּעל, וועלכער האָט דעביוטירט מיטן בוך „די שיידים־אָזערע". בײַס פּילצאַליקע באַגעגענישן מיט די לייענער איז דער שרײַבער דערמוטיקט געוואָרן צום ווענדן זײַן שעפערישן בליק אויף דער היַינטצײַטיקער טעמע, וועלכע האָט, ליידער, ניט קיין איבעריק מזל בײַ אונדזערע פּראָזאַיִקער.

א באַדײַטנדיקן פאַרדינסט אינעם אַנטוויקלען דעם קינסטלערישן געשמאַק פון אונדזער לייענער, העלפן אים גרינטלעך באַנעמען סײַ באַזונדערע ווערק און סײַ דעם שעפערישן פּראָצעס האָבן די ייִדישע ליטעראַטור־קריטיקער פון פּוילן. דער זאַמלבוך, געווידמעט י.־ל. פּערעצן, שלוימע לאַסטיקס ביכער „די ייִדישע ליטעראַטור ביז די קלאַסיקער" און „מיטן פּאָנעם צום מאָרגן", מיכאל מירסקיס „פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קריטיק", בער מאַרקס ליטעראַריש־קריטישע און ליטעראַטור־היסטאָרישע אַרבעטן (די שוין דערמאָנטע „די ייִדישע טראַגעדיע אין דער פּוילישער ליטעראַטור", „אומגעקומענע שרײַבער", „אַדאַם מיצקעוויטש", „וויקטאָר הוגאָ" אאַ.), דאָוויד ספּאַרדס „שרײַבער און ביכער" און „שטודיען און סקיצן" און שלוימע בעליסעס ניט לאַנג דערשינענע „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען" האָבן אַף אַן אייגענעם שעפערישן אופן אַרויסגעבראַכט פאַרן לייענער די איקערדיקע פּראָבלעמען פונעם ליטעראַרישן שאַפן, די אָפּשאַצונג פונעם אידייִש־קינסטלערישן ווערט פון אַ ריי ווערק און שרײַבער.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע ביכער דאַרפן אויך פאַררעכנט ווערן די אַרבעטן פונעם קונסט־פאָרשער יוסף מאַנדעל, זײַנע „ייִדישע מאָטיוון אין דער פּוילישער קונסט", די צוויי בענדער, געווידמעט די אומגעקומענע ייִדישע קינסטלער, אאַ. די דאָזיקע ווערק און באַזונדערס דער לעצטנס דערשינענער פּראַכט־אַלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס פון רעפאַעל כוואָלעסעס בילדער האָבן אַ גרויסע באַדײַטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קולטור.

## פון דער פּוילישער און וועלט־ליטעראַטור

מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזער כּיוו צו געבן דעם ייִדישן לייענער איבערזעצונגען פון אייניקע באַזונדערס וויכטיקע ווערק פון דער פּוילישער ליטעראַטור: עס זײַנען אַרויס דעם פּוילישן קלאַסיקערס א. פּרעדראָס „פּאַן יאַוויאַלסקי", די ווערק פון די הײַנטצײַטיקע פּוילישע שרײַבער — איגאָר נעווערלי „דער וועג פון כאַוער בידאַ", י. סטריקאָווסקי „דער לויף קיין פּראַגאַלאַ", א. באָברוק „מוטער און זון", ב. האַמערא „צום בײַשפּיל פּלעווע". עס איז איבערגעזעצט געוואָרן דער אַלמאַנאַך פון דער פּוילישער ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין 1950 יאָר. מיר האָבן אויך אַרויסגעגעבן אייניקע איבערזעצונגען פון דער רוסישער און סאָוועטישער ליטעראַטור, אויך פון דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער (ב. קעלערמאַן „דער טויטן־טאַנץ", ל. פויכטוואַנגער „די ייִדישע טאָכטער פון טאָלעדאָ").

מיר שטייען אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט אַ ריי קרויווישע פאַרלאַגן און העלפן זיך קעגנזײַטיק באַם אַרויסגעבן די ווערק פון ייִדישע שרײַבער. אַזוי, לעמאָשל, האָבן מיר דאָס ווערק פון זאַלמען שנייער „נויעך פּאַנדרע" אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיטן פאַרלאַג „נײַ־לעבן" אין ייִסראָעל. דאָס פּראָזע־ווערק פון פּערעץ מאַרקישן „דאָר־אויס, דאָר־אײַן" האָבן מיר אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיטן „איקוף"־פאַרלאַג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס זעלבע — אַ באַנד דערציילונגען פון דעם נאָרוואָס פאַרשטאָרבענעם פּראָגרעסיוון ייִדישן שרײַבער פון אַמעריקע כאַווער־פּאַווער. בײַ אונדז איז דערשינען אַ בוך פון 33 נאָוועלן פון דער סאָוועטיש־ייִדישער שרײַבערין שירע גאָרשמאַן, אַ באַנד נאָוועלן פונעם פּאַריזשער ייִדישן שרײַבער י. פינער, צוויי בענדער לידער פון דער באַקאַנטער ייִדישער פּראָגרעסיווער דיכטערין דאָרע טייטלבוים.

מיר ווילן אויך אין דער צוקונפט אונטערהאַלטן די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט אַלס וויכטיקן פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור.



אין דעם דאָזיקן איבערזיכט זײַנען מיר ניט אימשטאַנד געווען אויסצורעכענען אַלץ, וואָס ווערט געטאָן אין געביט פון ייִדישער ליטעראַטור אין סאָציאַליסטישן פּוילן. ווילן מיר זיך דעריבער, אין דער אונטערשטער שורע, אַרויסהעלפן (ווי עס פירט זיך געוויינלעך בײַ אַ באַלאַנס) מיט עטלעכע ציפער: פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן מיר באַוויזן צו געבן טויזנטער און טויזנטער ייִדישע לייענער אַן אייגענע ביבליאָטעק פון 322 דורך אונדז אַרויסגעגעבענע ייִדישע ביכער. אין דער דאָזיקער ביבליאָטעק געפינען זיך: 95 פּראָזע־ווערק, 50 — זאַמלונגען פּאָעזיע, 32 בענדער ייִדישע קלאַסיק, 70 ביכער, געווידמעטע דעם ייִדישן ווידערשטאַנד און מאַרטיראָלאָגיע בײַס דער וויסטער נאַכט פון היטלעריסטישן לאַנגן מעסער, 18 בענדער ליטעראַטור־ און קונסט־קריטיק, בײַ 20 איבערזעצונגען פון פּויליש, רוסיש און פון אַנדערע שפּראַכן. 18 בענדער האָבן מיר אַרויסגעגעבן פאַר אונדזער קליינוואַרג. צוזאַמען האָבן מיר, נאָכן גרויסן כורבן, באַוויזן צו געבן אָנדערהאַלבן מיליאָן עקזעמפּליאַרן ייִדישע ביכער.

אַזוי זעט ער אויס, אונדזער כעזשבן. און ער שטימט פולשטענדיק מיט אונדזער אידייִשער אײַנשטעלונג — שטעלן צו דינסט פון די ייִדישע פאָלקס־מענטשן דאָס געלײַטערטע, קינסטלערישע, עמעסדיקע וואָרט, וואָס ברענגט טרייסט און האָפענונג, וואָס שטאַרקט דעם גלויבן, דעם מוט און גיט אַ סאַך גײַסטיקע קויכעס, קעדיי צוזאַמען מיטן פּוילישן פאָלק, מיט אַלע סאָציאַליסטישע פעלקער טאָן די גרויסע אַרבעט באַם בויען די נײַע וועלט פון פעלקער־פרײַנטשאַפט און סאָציאַליזם.

# באַראַטונג פון קריטיקער

־עם 10—13 דעקאַבער פאַריקן יאָר איז אין רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“, ווי אונדזערע לייענער איז שוין באַוווסט פון דער אינפאָרמאַטיווער מיטיילונג אין נומ. 1 פון זשורנאַל, פאָרגעקומען א באַראַטונג וועגן די פּראָבלעמען פון קריטיק אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער פון מאָסקווע און לענינגראַד, קיִעוו און כאַרקאָוו, יאַשקאַר־אָלאַ און טשערנאָוויץ, קאַזאַן און ריגע. אין דער באַראַטונג האָט אויך אָנטייל גענומען דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער פּראָגרעסיווער ניו־יאָרקער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט“ פייסעך נאָוויק.

אין זײַן ארײַנפיר־וואָרט האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַרן ווערגעליס, צווישן אנדערן, געזאָגט:

— וואָס האָט ארויסגערופן די נויטווענדיקײַט אין אָט דעם שמועס?

פאַר די פיר יאָר, וואָס עס עקזיסטירט דער זשורנאַל, האָבן זיך ברייט אנטוויקלט אלע זשאַנרען פון אונדזער ליטעראַטור, און ס'איז צײַט, אז די קריטיק זאָל זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע, וועלכע איז שוין געשאַפן געוואָרן, און זאָל קלאָר פאַרמולירן די אויפגאַבן אף ווײַטער.

פאַר אונדז שטייען פּראָבלעמען, אף וועלכע די קריטיק דאַרף געבן אַן ענטפער. איך וויל דאָ אָנרופן בלויז אייניקע פון זיי.

קוידעמקאָל די פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקער טעמע. געדענקענדיק אין די גרויסע טראַדיציעס פון אונדזערע פאָרגענגער, דאַרפן מיר שטעלן דעם טראָפּ אף דער הײַנטצײַטיקײַט, קעדיי דאָס, וואָס מיר טוען איצט, זאָל שאַפן א נײַעם עטאַפּ אין אונדזער ליטעראַטור. מיר דאַרפן באַזיניקן און מיט דער נייטיקער קלאָרקײַט פאָרמולירן, מיט וואָס עס שיידט זיך אונטער דער איצטיקער ייִד, דער העלד פון אונדזער ווערק, פון דעם ייִדן אין בערגעלסאָנס, מאַרקישעס, כאַריקס, פעפערס צײַטן, — אויב מע קאָן אזוי זיך אויסדריקן, — דה. פון דעם סאָוועטישן ייִדן, דעם העלד פון ראָמאַנען און פּאָעמעס וועגן פּראָדוקטיוויזאַציע פונעם נעכטיקן לופט־מענטש. און פונדאַנען דרינגט, נאַטירלעך, ארויס די וויכטיקע פּראָבלעם, וואָס דאַרף באַהאַנדלט ווערן, די פּראָבלעם וועגן נאַציאָנאַלער טעמאַטיק, נאַציאָנאַלן טיפּאַזש, שטייגער, טראַדיציעס.

מיר האָבן אויך א פּראָבלעם פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אנדערע לענדער, פון דער פּראָגרעסיווער און רעאַקציאָנער־אַנטיסאָוועטישער ליטעראַטור, פון דער „ליטעראַטור“ פון די איבערלויפער און פון דער שאַפונג פון יענע בירגערלעכע שרײַבער אין כוץ־לעאָרעץ, וועלכע הענגען אָפּ פונעם געלט־זאַק און דעריבער לאָזן זיי זיך אָפּט פון אים פאַרפירן.

מיט דער גאַנצער ערנסטקײַט דאַרפן מיר אוועקשטעלן די פּראָבלעם וועגן דעם אָרט פון אונדזער ליטעראַטור אין דער גרויסער ברידערלעכער מישפּאָכע פון סאָוועטישע ליטעראַטורן, וועגן ווירקונגען און צווישנווירקונגען, וועגן איינהײַטלעכע וועגן און איינהײַטלעכע צילן, וועגן אייגנאַרטיקײַט און אנדערשקײַט.

ווי איר זעט, האָבן מיר א מאַסע פּראָבלעמען, און דעריבער ווענד איך זיך מיט א רוף: זאָל אונדזער שמועס זיך אויסטיילן מיט טעאָרעטישער טיפקײַט, מיט שאַרפן קריטישן געדאַנק, זאָל ער זײַן טעמפּעראַמענטפול, דרייסט, דינאַמיש. זאָל ער א בליץ טאָן מיט פּאָלעמישן פײַער.

מיר פאַרמאָגן נײַע גרויסע פּערספּעקטיוון — אונדזער זשורנאַל איז געוואָרן א כוידעש־זשורנאַל, מיר האָבן אָנגעהויבן ארויסלאָזן ביכער, אלץ איז איצט אָפּהענגיק פון אונדז.

איך בין זיכער, אז די באַראַטונג וועט זײַן א נײַער סטימול פאַר אונדזער ליטעראַטור. זי וועט אָפּטאָן א שווערע, אָבער א נייטיקע און וויכטיקע ארבעט.

— ווען איך זאָל זײַן אַן אָנהענגער פון הויכע פראַזן, פון מעליצע, — הייבט אָן זײַן פאָרטראָג וועגן דעם צושטאַנד און די אויפגאַבן פון דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק דער פאַרוואַלטער פון דעם קריטיק־אָפּטייל פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ הערש רעמעניק, — וואָלט איך געזאָגט, אז אונדזער באַראַטונג איז פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור א היסטאָרישע, אף וויפל צום ערשטן מאָל נעמען זיך צונויף די ייִדישע קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער פונעם גאַנצן לאַנד, קעדיי צו באַטראַכטן די וויכטיקסטע פראַגן פון אונדזער ליטעראַטור.

נאָר איך מיין, אז בעסער וועט זײַן, אויב מיר וועלן, אָנשטאָט האַלטן פײַערלעכע רעדעס, געניטן און מיט דער גאַנצער אכרײַעס באַטראַכטן, וואָס מיר האָבן צו טאָן, קעדיי אויספילן דאָס, וואָס עס דערוואַרט פון אונדז דאָס סאָוועטישע פאָלק.

דער פאָרטראָג איז באַשטאַנען פון דרײַ טיילן: 1) דער איצטיקער צושטאַנד פון דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק; 2) די ליטעראַטור־קריטישע ירושע און אונדזער באַציִונג צו איר; 3) די אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור־קריטיק אין איצטיקן פּעריאָד.

דער פאָרטרעגער קריטיקירט צוויי עקסטרעמע ריכטונגען אין דער אלגעמיינער קריטיק: די דאָגמאַטישע און די עסייִסטישע. די דאָגמאַטישע קריטיק איז מערסטנטייל אַקאַדעמיזירט. זי פאַלט ארײַן אין וווּלגאַריזאַציע, אין סכעמאַטיזם, זי איז טעמפּ און פּעדאַנטיש און קאָן אָפּטייטן א קונסט־ווערק אָדער אפילע די קונסט אינגאַנצן. די דאָגמאַטישע קריטיק איז געווען פאַרשפּרייט אין פּעריאָד פון סטאַלין־קולט און האָט געבראַכט גרויס שאָדן דער ליטעראַטור. נאָך דעם XX און XXII פאַרטיי־צוזאַמענפאָרן איז דער פּעריאָד פון ליטעראַרישער קאָמאַנדע און דובינע־קריטיק פאַריבער. אָבער דאָס באַטײַט ניט, אז מיר האָבן מיט אָט דער קריטיק פאַרענדיקט. די דאָגמאַטישע קריטיק האָט נאָך אירע לעבעדיקע און טויטע פאָרשטייער, וואָס ווירקן מיט זייערע אלטע פאַרשימלטע דאָגמעס אף דער ליטעראַטור און אפן לייענער.

אָבער אויך פאַר דער עסייִסטישער קריטיק שטייען ניט קיין קלענערע געפאַרן. דער עסייִסטישער קריטיקער, אויב ער באַטראַכט זיך אלס קינסטלער, — און די מערהײַט עסייִסטן באַשטייען אף דעם, אז קריטיק איז קונסט, — שטרעבט דאַן צו אנטפּלעקן ניט דעם אָביעקט פון אנאַליז, דאָס הייסט ניט די קונסט־דערשײַנונג, נאָר זיך גופע. דער עסייִסט איז אָפּט סוביעקטיוויסטיש און

קאָן דערגיין צו ווילקיר. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס די עסייִסטישע קריטיק איז גענייגט צו פּרעטענציעזקייט און מאַנירלעכקייט.

— אונדזער הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע קריטיק, — זאָגט ווײַטער הערש רעמעניק, — איז שוין איצט אין גרונט פרײַ פון אָט די צוויי עקסטרעמע דערשײַנונגען אין דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט: פון עסייִסטישער פּרעטענציעזקייט, איבערפליכלעכן סוביעקטיוויזם און פון וווּלגאַרן דאָגמאַטיזם און פּעדאַנטיזם. אונדזער ייִדישע קריטיק האָט אַ רײַכע דערפאַרונג פון קאַמף קעגן אַלערליי ווולגאַר־סאָציאָלאָגישע, ראַפּישע, פאָרמאַליסטישע, אינטויִטיוויסטישע, נאַציאָנאַליסטישע פאַרקרימונגען, וועלכע עס האָט געפירט אונדזער סאָוועטישע ליטעראַטור־וויסנשאַפט אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרצענדליקער.

דער פאָרטרעגער האַלט, אַז אונדזער ייִדישע קריטיק שטייט ניט אָפּ פון דער ליטעראַטור. ער שאַצט אָפּ פּאָזיטיוו די גרעסערע קריטישע אַרבעטן, וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל אין מעשעך פון די לעצטע פיר יאָר.

אין דעם צווייטן טייל פון זײַן פאָרטראַג ווײַזט הערש רעמעניק אָן, אַז די איצטיקע ייִדישע קריטיק האָט אַ גרויסע יערושע, וועלכע דאַרף קריטיש אויסגעפאָרשט און אַרײַנגענומען ווערן אינעם אויצער פון אונדזער ליטעראַטור. בענעגייע דער יערושע האַרף אָנגעווענדט ווערן דער איינציק ריכטיקער צוגאַנג — דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישער צוגאַנג. עס טאָר דאָ ניט זײַן קיין רייד סײַ וועגן אַפּאָלאָגיע, סײַ וועגן ניהיליזם.

אונדזערע קלאַסיקער האָבן אין זייערע ליטעראַריש־קריטישע ווערק געשאַפן די פּראָגראַם פון דער ליטעראַטור, אָנגעוויזן איר דעם וועג. דאָס איז געווען די פּראָגראַם פון רעאַליזם, דעמאָקראַטיזם, פאָלקסטימלעכקייט, הומאַניזם, פאַרבינדונג מיטן לעבן און מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. מענדעלעס און שאָלעם־אַלייכעמס ליטעראַרישע אָנשויונגען זײַנען געווען דירעקט פאַרבונדן מיט דער פאָרגעשריטענער רוסישער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער מאַטעריאַליסטישער קריטיק (בעלינסקי, טשערנישעווסקי, פּיסאַרעוו). מענדעלעס „משפט שלום" און „עין משפט" האָבן אָנגעצייכנט אַ נײַעם עטאַפּ אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַסור, וואָס איר אינהאַלט איז שוין געווען ניט האַסקאָלע, נאָר סאָציאַלער קאַמף און פּראָטעסט קעגן אונטערדריקונג. שאָלעם־אַלייכעמס טיפע און אינטערעסאַנטע קריטישע אַרבעטן „שאָמערס מישפּעט", „דער ייִדישער דאַלעס אין די ווערק פון אונדזערע בעסטע פאָלקס־שריפטשטעלער", „אַ בריוו צו אַ גוטן פרײַנט", ווי אויך פערעצעס אַרטיקלען און פעליעטאָנען, האָבן פּראָקלאַמירט אַ נײַעם, אַ ווײַטערדיקן שריט פאָרויס, ווען די ייִדישע ליטעראַטור האָט באַקומען אַ ברייטן מאַסן־כאַראַקטער און אַזאַ געזעלשאַפטלעכע פונקציע אין לעבן און אין קאַמף פון די מאַסן, ווי נאָך קיינמאָל ביז דאַן.

— אָט דאָס אַלץ, — זאָגט דער פאָרטרעגער, — איז יערושע, וועלכע מיר טאָרן ניט פאַרגעסן.

פאָרזיכטיק און קריטיש דאַרף מען צוגיין צו דער ייִדישער פּראָפעסיאָנעלער קריטיק ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אָבער אויך דאָ טאָר ניט דערלאָזט ווערן קיין ניהיליזם און עס דאַרף אָפּגעהיט ווערן דער היסטאָרישער צוגאַנג. אין אַלגעמיין האָבן אַזעלכע קריטיקער, ווי באַל־מאַכשאָוועס און ניגער, אָפּגעשפּילט זייער ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין XX יאָרהונדערט ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. זיי האָבן געמאַכט אַן אָנהייב פון אַ סיסטעמאַטישער פּראָפעסיאָנעלער קריטיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אָבער די באַדײַטונג און די ווערט פון די דאָזיקע קריטיקער איז באַגרענעצט איבער זייער בורזשואַזער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע, איבער זייערע בורזשואַז־עסטעטישע פאָרורטיילן.

פרישמאַן מיט זײַן אייראָפּעיִזם און עסטעטיזם, באַל־מאַכשאָוועס מיט זײַן מיליִע־טעאָריע, באַפאַרבט מיט ציִעניזם, ניגער מיט זײַן פּסיכאָלאָגיזם, עסטעטיזם און נאַציאָנאַליזם, טרונק מיט זײַן אידעאַליסטישער קוואַזי־פילאָסאָפיע זײַנען געווען פײַנטלעך דער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער עסטעטיק און קריטיק פון בעלינסקין און טשערנישעווסקין און אַוודע שוין דער מאַרקסיסטישער עסטעטיק פון לענינען און פּלעכאַנאָוון. דאָס האָט די ייִדישע קריטיקער געבראַכט צו פאַלשע אויספירן און צו אַ ריי פעלערן אין דער אָפּשאַצונג פון די קלאַסיקער.

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז געשאַפן געוואָרן אַ פּרינציפּיעל נײַע קריטיק, וועלכע באַזירט זיך אף דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע. די גרויסע רעוואָליוציאָנערע טעאָריע פונעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם, לענינס לערע וועגן קולטור־רעוואָליוציע, וועגן יערושע, וועגן צוויי קולטורן אין יעדער נאַציאָנאַלער קולטור, וועגן פאַרטייִשקייט פון דער ליטעראַטור — אָט דאָס איז דער נײַער אידייִשער אינהאַלט פון דער מאַרקסיסטישער ייִדישער קריטיק.

דער פאָרטרעגער גיט אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די סאָוועטישע ייִדישע קריטיקער און ליטעראַטור־היסטאָריקער. ער שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אף דער שאַפונג פון ליטוואַקאָוון און ווינערן, אף דער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט פון מאַקס עריקן, אף דער קריטיק פונעם „ראַפּ"־פעריאָד (בראָנשטיין, וועוויאָרקע, דונעץ), אף דער עוואָליוציע פון דער אַזויגערופענער פאָרמאַליסטישער קריטיק (אויסלענדער, דאָברושין) צו מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע. ער דערמאָנט די ליטעראַריש־קריטישע טעטיקייט פון די מאַרקסיסטישע קריטיקער גורשטיין, כאַשין, עפּשטיין, נוסינאָוו און פון דער יונגער פאַלאַנגע קריטיקער דאַמעסעק, קליטעניק, זשוקאָווסקי, נאָכעם לעווין אא. ווערטפול זײַנען פאַר אונדז די קריטישע אַרויסטרעטונגען פון די גרויסע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער מאַרקיש, בערגעלסאָן, האָפשטיין, פעפער, פינינבערג אא.

דער פאָרטרעגער שאַצט הויך אָפּ די מאַרקסיסטישע קריטיק אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, די באַדײַטנדיקע אַרבעטן פון מ. אָלגין, מ. קאַץ, ק. מאַרמאָר און אַנדערע. ער רעדט אויך וועגן די הײַנט פונקציאָנירנדיקע פּראָגרעסיווע ייִדישע קריטיקער — שלוימע בעליס, בער גרין, נאַכמען מײַזיל, אַוראָם ביק, שאָלעם שטערן, צאַלעל בליץ, פישל טאַביאַש אא.

אין דריטן טייל פון זײַן פאָרטראַג שטעלט זיך הערש רעמעניק אָפּ אף די אויפגאַבן פון דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק. די דאָזיקע אויפגאַבן דאַרפן געשטעלט און געלייזט ווערן אונטערן צייכן פון דער צוגרייטונג צום 50־טן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. הײַנטצײַטיקע טעמאַטיק און הײַנטצײַטיקער אינהאַלט אין סאַמע ברייטן זין פון וואָרט בלײַבט די צענטראַלע פּראָבלעם פון דער ליטעראַטור און פון דער קריטיק. די פּראָבלעם פונעם העלד פון אונדזערע ווערק איז איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פאַר

דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור, באזונדערס פאר דער ייִדישער ליטעראטור, אף וויפל עס האָט זיך באדייַטנדיק געביטן ניט נאָר דער שטייגער, נאָר אויך, אזוי צו זאָגן, די „געאָגראפיע“ פון דער ייִדישער באפעלקערונג. די קריטיק דארף סטימולירן די ליטעראטור צו שאפן ווערק וועגן דעם נייַעם סאָוועטישן ייִדן, וועגן זייַן פסיכאָלאָגיע און זייַן שטייגער.

דער פאַרטרעגער שטרייַכט באזונדערס אונטער די אופגאבע פון דער סאָוועטישער ייִדישער קריטיק צו פירן א קאמף קעגן מאָדערניסטישע און נאציאָנאליסטישע טענדענצן אין דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער בורזשואזער ליטעראטור.

— שוין צייַט, — זאָגט ווייַטער רעמעניק, — צוטרעטן צו שאפן די געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור. די קריטיקער און די ליטעראטור־פאָרשער דארפן סיסטעמאטיש זאמלען מאטעריאלן וועגן פארשיידענע עטאפן און פעריאָדן אין דער אנטוויקלונג פון אונדזער פראָזע, פאָעזיע און דראמאטורגיע. ס׳איז נייטיק אייַנשטעלן א וויסנשאפטלעכע פעריאָדיזאציע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

דער פאַרטרעגער דריקט אויס די האָפענונג, אז די בעראטונג פון די קריטיקער וועט אויסקלאָרן די וויכטיקסטע אופגאבן, וועלכע שטייען פאר אונדז, און וועט מאָביליזירן אלע שרייַבער אף דערפאָלגרייַך זיי צו לייזן.

עס הייבן זיך אָן די דעבאטן. די ארויסטרעטונגען זייַנען טעמפעראמענטפולע, אָפט פאָלעמיש פארשארפטע, אָבער קימאט שטענדיק גענוג באגרינדעטע, זאכלעכע. דאָס זייַנען ארויסטרעטונגען פון שרייַבער, וועלכע פילן די פולע מאָס פון פאראנטוואָרטלעכקייַט פארן גורל פון אונדזער ליטעראטור[1].

**מוישע אלטמאן** (טשערנאָוויץ). וועגן קריטיק, פונקט ווי וועגן אלע אנדערע ליטערארישע זשאנרען, איז שוין פיל געשריבן און דיסקוטירט געוואָרן. עסטעטישע קריטיק, היסטאָריש־סאָציאָלאָגישע, סוביעקטיווע און נאָך, און נאָך... איך האלט מיך בא וואָלטערס מיינונג: אלע זשאנרען זייַנען גוט, כוץ דעם לאנגווייַליקן.

וויל איך דערמיט זאָגן, אז קריטיק דארף זייַן אמוזירנדיק? געוויס ניט. וואָס זשע דען? איך וויל זאָגן, אז אף קריטיק איז גילטיק דאָס געבאָט, וואָס אף אלע ליטערארישע (און ביכלאל קינסטלערישע) זשאנרען — די קריטיק דארף קומען עפעס וויכטיקס לאָזן הערן, און דאָס, וואָס מע וויל לאָזן הערן, דארף פארמאָגן פאָרם, אדעקוואטע פאָרם.

פונעם קריטיקער פאָדערט זיך זייער פיל. ער מוז באזיצן א געזונטן, גוטן כוש פארן עכטן, פארן קינסטלערישן. ער דארף קענען דעמאסקירן דעם פלינק־שרייַבער, ניט לאָזן פארפלאָנטערן מיטן עכטן, אונטערשיידן דאָס גרינג־פלאכע פונעם טיפן, וואָס איז שווערער צו באנעמען.

דער קריטיקער האָט אזויארום נאָך א ראָל פון א דערציִער. ער דערציט דעם לייענער (טיילווייַז אויך דעם קינסטלער), הייבט זייַן געשמאק און זייַן קויעך צו פארשטיין, ברייטערט אויס דעם קרייַז פון זייַן זען די וועלט און באנעמען זי.

ווי איר זעט, פארלאנג איך פונעם קריטיקער ניט ווינציק. פאָרמולירן בעקיצער: דער קריטיקער מוז פארמאָגן א פעסטע וועלט־אָנשויונג, איך וואָלט אפילו געזאָגט, א פילאָסאָפישע, דה. גאָר א ברייטע און אופאסנדיקע.

בא דעם קריטיקער פון בארוף, ווען ער דערגרייכט אזא שטופע, אז ערנסטער אינהאלט און אדעקוואטע פאָרם ווערן צונויפגעשמאָלצן, איז דאָס קריטיש ווערק דערהויבן צו קונסט. ווער וועט מיר אָפּווענדן, אויב איך וועל באהויפטן, אז בעלינסקיס אָפּהאנדלונג „האמלעט“ איז א קונסט־ווערק? לויט מייַן קוק, א שעדעוור.

די קריטיק און דער קריטיקער האָבן גאָר א וויכטיקע אופגאבע, כ׳וואָלט אפילו געזאָגט: א מיסיע. די עכטע קריטיק און דער בארופענער קריטיקער באווירקן דעם גייַסט פון א דאָר. און דער אייַנפלוס פון די גרויסע קריטיקער, זייער ווירקונג איז אף דורות.

צוים איך אָפּ דעם קריטיק־געביט נאָר פארן קריטיקער? און דער קינסטלער? דער דיכטער האָט דאָרטן ניט קיין דריסעס האָרעגל? ניין. וואָס דען? דער קינסטלער קומט אין דעם געביט ווי א סינטעטיקער, בייס דער קריטיקער, הויפטזאכלעך, ווי אן אנאליטיקער. און נאָך: דער קינסטלער קומט אין דער קריטיק ווי א גאסט. און ווי א גאסט אף א ווייַל, דארף ער דערזען אף א מייַל.

אין רעזיומע: דער קריטיקער מוז פארמאָגן א ברייטע און טיפע קולטור, זייַן אין קורס פון דער באוועגונג פונעם מענטשלעכן געדאנק ביכלאל און פון זייַן אָפּשפיגלונג אין דער ליטעראטור ביפראט, מיטלעבן מיט אלע וויכטיקע פראָבלעמען פון דער צייַט. א קריטיקער פון בארוף איז א דענקער. ניט קיין פאסיווער, נייַערט א לייַדנשאפטלעך־אקטיווער.

א קריטיקער איז א קעמפער.

**כאצקל נאדעל** (כארקאָוו). ביבליאָגראפיע, אלס וויכטיקער צווייַג פון אונדזער ליטעראטור, האָט שטענדיק פארנומען א בעקאָוועדיק אָרט. גענוג צו דערמאָנען די ארבעטן פון אזוינע ייִדישע ביבליאָגראפן, ווי אווראָם קירזשניץ, נאָכעם רובינשטיין, ייִסראָעל מיטלמאן אא.

אָן וויסנשאפטלעכע ביבליאָגראפישע ארבעטן איז ניט מעגלעך קיין פולע און באדייַטנדיקע געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. ליטערארישע אופטוען, וואָס באגייען זיך אָן א ביבליאָגראפישער באזע, לייַדן דורכפאלן. א פאָר בייַשפילן: אינעם 6־טן באנד פון שאָלעם־אליכעמס ווערק אין רוסיש זייַנען ארייַן א סאך בריוו שאָלעם־אליכעמס, גענומען פונעם ייִדישן באנד „אויסגעוויילטע בריוו“. באם צונויפשטעלן דעם דאָזיקן באנד האָבן מיר אייניקע בריוו איבערגעזעצט פון שאָלעם־אליכעמס רוסישע אָריגינאלן. וואָס זשע האָבן געטאָן די צונויפשטעלער פון 6־טן באנד? מע האָט גענומען אונדזערע ייִדישע איבערזעצונגען פון די בריוו און נאָכאמאָל „איבערגעפירט“ זיי אין... רוסיש.

נאָר דאָס אליין? פארוואָס האָבן די צונויפשטעלער פון די זעקס בענדער ניט ארייַנגענומען שאָלעם־אליכעמס נאָוועלן, וואָס ער אליין האָט איבערגעזעצט אין רוסיש? האָט דאָך שאָלעם־אליכעם געקענט סיי ייִדיש, סיי רוסיש ניט ערגער, ווי אייניקע יונגע איבערזעצער... און ווי ווייסט מען עס ניט פון שאָלעם־אליכעמס א דערציילונג, וואָס איז געווען פובליקירט אין א רוסישער איבערזעצונג אין 1903, מיט א ווידמונג „אלעקסיי מאקסימאָוויטש פעשקאָוו“? צי האָט געדארפט אזא דערציילונג ארייַנגענומען ווערן אין דער אויסגאבע? אוודאי און אוודאי!

א צווייטער בייַשפיל: אין „סאָוועטיש היימלאנד“ איז געווען פארעפנטלעכט אווראָם דאָברינקיס אן ארטיקל וועגן

[1] די ארויסטרעטונגען אין די דעבאטן, פונקט ווי דער פאַרטראָג און דאָס ארייַנפיר־וואָרט, זייַנען געגעבן אין אויסצוגן.

דעם אָנהייב פון דער ייִדיש־סאָוועטישער דיכטונג. ווען מיר וואָלטן פאַרמאָגט די ביבליאָגראַפיע צו אָט דער טעמע (די ארבעטן פון י. בראַנשטיין, ב. אָרשאַנסקי, י. צינבערג, א. גורשטיין, נ. אויסלענדער, א. אבטשוק אא.), וואָלט דאָס ארטיקל, נאַטירלעך, געווען א סאך אינטערעסאנטער און פולער.

איצט וועגן אן אנדער פראגע. אָט האָט דער זשורנאַל געגעבן א טשיקאווע ארטיקל פון יאנקעוו שטערנבערגן.

מיט א סאך ארויסזאָגונגען און געדאנקען פון דעם ארטיקל קאָן מען מאסקים זײַן; פאראן אָבער האנאָכעס, וואָס קאָנען אָפּגעפרעגט ווערן. אָט זאָגט, אשטייגער, יאַנקעוו שטערנבערג, אז בערגעלסאָן מיט ניסטערן זײַנען די „צוויי שיינע אָווּעס" פון אונדזער (סאָוועטישער) פּראָזע. דאָס שטימט אָבער ניט איינגאַנצן מיט דער ווירקלעכקײַט. ווו איז כראָנאָלאָגיע? דער ניסטער האָט דאָך אין 1934 אליין זיך מודיע געווען, אז ער איז „פון אלע יאָרן א סימבאָליסט"[1]. ביז דער „מישפּאָכע מאשבער" האָט אונדזער קריטיק און פאָרשונג וועגן אים זעלטן־ווען געשריבן. דערפאר איז שוין דאן געווען א רײַכע ליטעראַטור וועגן דאַניִעלס און גאָדינערס פּראָזע־ווערק. און בלויז גאָדינער און בלויז דאַניִעל? מ׳קאָן אָנרופן נאָך און נאָך נעמען פון עלטערע סאָוועטישע שרײַבער, פאר וועלכע בערגעלסאָן און ניסטער זײַנען ניט געווען קיין אָווּעס. בא אונדזער גרעסטן ייִרעס־האַקאָוועד צו די צוויי גרויסע פּראָזע־מײַסטערס איז ניט ריכטיק צו האלטן זיי פאר די אָווּעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

**אויזער האָלדעס** (כאַרקאָוו). „סאָוועטיש היימלאַנד" הייבט אָן ארויסגיין כוידעשלעך. און עס איז זייער גוט, וואָס אונדזער באראַטונג פון קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער קומט פאָר גראָד איצט. דער קריטיק־אָפּטייל וועט געוויס שפּילן א גרעסערע און קאָנסטרוקטיווערע ראָל, איידער פריִער.

מיר דוכט, אז די וויכטיקסטע אופגאַבע אונדזערע קאָן פאָרמולירט ווערן אף אזא אויפן: סטימולירן די הײַנט־צײַטיקע אקטועלע טעמאטיק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די אויספאָרמירונג פונעם סאָוועטישן מענטשן, דעם בויער פון קאָמוניזם — אָט דאָס דארף זײַן די פירנדיקע ליניע אין דער ייִדישער ליטעראַטור, נעמענדיק אין אכט, נאַטירלעך, די נאַציאָנאלע אייגנטימלעכקײַט, פונקט ווי בא די ליטעראַטורן פון אלע סאָוועטישע פעלקער. און דאָ דארף די קריטיק אונטערכאפּן אלדאָס נײַעס, פּראָפּאַגאַנדירן און אנאליזירן דאָס נײַע, העלפן דעם שרײַבער און דעם לייענער.

עס זײַנען זייער נייטיק ליטעראַרישע פּאָרטרעטן פון באזונדערע שרײַבער. איך בין ניט קיין אָנהענגער פון איבערזיכטן. מערסטנטייל באקומט זיך א מין טיילן שאַלאַכמאָנעס. דאָס שליסט ניט אויס קיין ווירקלעכע פּראָבלעמען־ארטיקלען. אשטייגער, עס וואָלט דען ניט געווען אינטערעסאַנט צו שטעלן די אקטועלע פּראָבלעם וועגן פאָלקלאָר?

אונדז איז נייטיק, ווי לופט, ליטעראַרישע פּאָלעמיק. ניט קיין ליטעראַרישע געשלעגן, נאָר דיסקוסיעס, ווו עס זאָלן קאָנען פאָרגעשטעלט ווערן אויך קעגנזעצלעכע מיינונגען וועגן ווערק און פּראָבלעמען. אָט איז אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל מוישע נאָטאָוויטשעס אן ארטיקל וועגן ליטוואקאָווס יערושע. עס איז אָנגעשריבן בעפּיירעש קוואַליפיצירט. איך שעץ זייער נאָטאָוויטשעס ארבעט, איך קאָן אָבער ניט מאסקים זײַן מיט די קימאַט דורכויסיקע לויבגעזאַנגען. ליטוואקאָוו האָט אָפּגעשפּילט ניט קיין קליינע ראָל אין אונדזער ליטעראַטור, ער איז געפאלן א קאָרבן אין די צײַטן פון סטאלין־קולט. אונדז פרייט, וואָס זײַן נאָמען, זײַן ליטעראַרישע פערזענלעכקײַט איז פולשטענדיק רעאביליטירט. צי הייסט דאָס אָבער, אז מיר דארפן פארגעסן די פעלערן זײַנע? עס גייט ניט נאָר אין ליטוואקאָווס טרויעריק־בארימטער פּאָרמול וועגן שאָלעם־אלייכעמען („א גוייִשער שרײַבער אָן א גוייִשער אידיי"). נו, און ליטוואקאָווס ארויסזאָגונגען וועגן פּערעצן, צום בײַשפּיל, זײַנען פאר אונדז שטענדיק אָנעמבאר? בעשום־אויפן ניט.

מע דרוקט א סאך ארטיקלען וועגן ניסטערן, מע רעדט א סאך וועגן זײַן ווערט אין דער ליטעראַטור. איך בין ווײַט פון אָפּלייקענען די באדײַטונג פון דעם אווטאָר פון דער „מישפּאָכע מאשבער". דאָס איז טאקע זײַן קרוין־ווערק. אָבער איך קלער, אז מע קאָן ניט דערקלערן ניסטערן פארן „פינפטן קלאסיקער", פאר איינעם פון די אָווּעס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אלע האלטן מיר פון שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו". איך בין מאסקים, אז אין יעדן אָפּגעדרוקטן קאַפּיטל פילט זיך די האַנט פון א מײַסטער (אין שפּראַך, אין דיִאַלאָג, אין פּייזאַזש־שילדערונג, אין דער קאָמפּאָזיציע). אָבער צי הייסט דאָס, אז דאָס ווערק טאָר ניט קריטיקירט ווערן? אויב סע האַנדלט זיך וועגן ערעוו פינפטן יאָר, האָב איך דאָס רעכט צו זוכן דעם ווירקלעכן ערעוו. איך וואָלט געוואָלט, מע זאָל מיך ניט אויסטײַטשן שלעכט. איך זאָג ניט, אז דעם ראָמאַן האָט מען ניט געדארפט דרוקן. איך זאָג: דער ראָמאַן, אין זינען האַבנדיק טאקע שעכטמאַנס מײַסטערשאַפט, האָט געקאָנט זײַן אָן אן ערעך שטארקער, נײַער סײַ לויט דער פאָרם, סײַ לויט דעם אינהאַלט. פארוואָס זשע זאָלן מיר ניט דיסקוטירן?

איך וויל אויך באַרירן די פראגע וועגן פארברייטערן דעם קרײַז פון די אינטערעסן פון אונדזער קריטיק. יעטווידע אינטערעסאנטע דערשײַנונג אין דער רוסישער, אוקראַיִנישער צי אין אן אנדער ליטעראַטור דארף געפינען בא אונדז אן אָפּקלאַנג. מיר מוזן אָפּשאצן די ווערק פון די אויסלענדישע פּראָגרעסיווע שרײַבער.

גרויס זײַנען די אופגאַבעס, גרויס און פאראַנטוואָרטלעך, נאָר אונדזער קאָלעקטיוו איז אימשטאַנד זיי צו לייזן. איך גלייב, אז די הײַנטיקע באַראַטונג וועט אונדז אלעמען א שטויס טאָן צו פארשטארקטער און פארטיפטער שעפערישער ארבעט.

**אווראָם דאָברינקי** (מאָסקווע). שאַפן די געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז א פּראָבלעם, וואָס האָט זיך שארף געשטעלט אף דעם טאָג־סיידער. א פּראָבלעם, וואָס מע דארף זי לייזן, און לייזן קאָן מען זי נאָר אף א קאָלעקטיוון אויפן.

דערבײַ מוז געשטעלט ווערן אין דער ערשטער ריי די פראגע וועגן דעם העלד פון אונדזער צײַט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור. ווער איז ער, דער העלד פון אונדזער צײַט?

עס איז קלאָר, אז דער העלד פון אונדזער צײַט איז דער, וואָס דריקט אויס אמבוילעטסטן די פּראָגרעסיווע שטריכן פונעם הײַנטצײַטיקן לעבן.

שטעלנדיק די פראגע וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, מוז מען נעמען אין אכט די קלאסישע טראַדיציעס, די ווירקונג פון דער לי־

---

[1] ציטירט לויט י. לוואָווסקיס זיכרוינעס. „סאָוועטיש היימלאַנד", 1964, נומ. 6.

טעראַטור ביז דער רעוואָליוציע, די ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַטור, אונדזערע אייגענע נאָוואַטאָרישע אופטוען, אונדזער בײַטראָג צו דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור. מע דאַרף אויך אויסניצן די ירושה פונעם ערשטן דאָר סאָוועטישע ייִדישע קריטיקער (ליטוואַקאָוו, ווינער, דאָברושין, אויסלענדער, עריק, בראָנשטיין, צווײַג אאַ.).

מע דאַרף דרוקן אין זשורנאַל טעאָרעטישע אַרטיקלען. אין דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט אַ רײַכע וויסנשאַפטלעכע קריטיק, ווערן קעסיידער באַהאַנדלט פאַרשיידענע פּראָבלעמען: וועגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם, וועגן הײַנטצײַטיקייט, וואָרהאַפטיקער שילדערונג, וועגן קינסטלערישן וואָרט און בילד, וועגן פאַרשיידנהײַטן פונעם ראָמאַנען־זשאַנער, וועגן ראָמאַנטיק, וועגן לירישן העלד און אַנדערע. פאַרוואָס זאָלן אַזעלכע אַרטיקלען ניט געדרוקט ווערן אויך בײַ אונדז?

דאָס אַלץ פאָדערט אָבער אומבאַדינגט צו פאַרברייטערן דעם אָפּטייל פון קריטיק אינעם זשורנאַל. אָן דעם וועלן אַלע אונדזערע פּלענער ניט קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן.

מ ו י ש ע נ אָ ט אָ װ י ט ש (קאַזאַן). אונדזער קריטיק קומט אָן שווער אָנצוהייבן אַ שמועס וועגן די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט געפּרוּווט אַרויסרופן אַ געשפּרעך יאַנקעוו שטערנבערג. נאָר זײַן „אָנהייב פון אַ שמועס וועגן קריטיק" איז קימאַט ניט פאָרגעזעצט געוואָרן. איצט איז גרינגער צו ריידן וועגן דעם נײַעם עטאַפּ אין אונדזער ליטעראַטור — ס'איז פאָרגעקומען אַ גרויסע באַנײַונג, די פּראָזע האָט געגעבן אַ ריי באַדײַטנדיקע ווערק, די פּאָעזיע האָט זיך ווי דורכגעזיפּט דורך אַ מעכטיקער זיפּ און אָפּגערייניקט זיך פון אַלגעמיינע ווערטער און פּאָמפּעזער ריטאָריק. אונדזער איצטיקער ליטעראַרישער דאָר זעצט פאָר די בעסטע טראַדיציעס פון די פריִערדיקע דורות ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און שאַפט נײַס אין אַלע זשאַנרען. ס'איז אַ פּראָצעס, אין וועלכן מע דאַרף זיך טיף און ערנסט פאַנאַנדערקלײַבן. פאַראַן דערגרייכונגען. פאַראַן אָבער אויך פאַרדריסלעכע דורכפאַלן, וואָס טאָרן ניט פאַרשוויגן ווערן.

קעגן וואָס מע דאַרף איצט באַזונדערס זײַן אויף דער וואַך אין אונדזער ליטעראַטור — איז געוויסע באַלעבעסלדיקייט, וואָס ווען־ניט־ווען נעמט זי אַרויסקוקן פון אַ ליד, אַ דערינערונג, אַ דערציילונג, פון אַ קריטישן אַרטיקל אַפילו.

דאָס פּיליסטערישע האָט אונדזער קריטיק אַלעמאָל באַקעמפט. ס'איז באַוווּסט, ווי מייער ווינער האָט אָנגערופן באַלעבעסלדיק־פרומלעכע און זיסלעך־בוימלדיקע שרײַבערײַ — באַנאַליטעט און געשמאַקלאָזיקײַט, מליצהדיקע פּלוידערײַ און גוזמעדיק צעשמירן ניט וויכטיקע פאַקטן.

מוישע נאָטאָוויטש פאַרשאַרפט די אויפמערקזאַמקײַט אויף אַ ריי קאָנקרעטע בײַשפּילן פון געשמאַקלאָזיקײַט, באַנאַלקײַט אין דער דיכטונג, אין זיכרונות און אויף דער עסטראַדע.

באַנאַנד מיט ברייטערע קריטישע אַרטיקלען (פּראָבלעמאַטיק, פאָרשונג, פּאָלעמיק, פּאָרטרעט, עסיי אדג.) דאַרף געגעבן ווערן אַן אָרט אין אונדזער זשורנאַל פאַר קליינע רעצענזיעס, אָפּעראַטיווע אָפּקלאַנגען אויף באַזונדערע ווערק, אַפילו אויף איין דערציילונג, אויף אַ ליד, אויף אַ קריטיש אַרטיקל. די קליינע רעצענזיעס דאַרפן אונטערן פרישן אײַנדרוק אָפּמערקן דאָס נײַע, דאָס בעסטע און אויך רעאַגירן אויף שוואַכע זאַכן, אויף דורכפאַלן. איבעריק צו דערווײַזן, אויף וויפל אַזוינע פרײַנטלעכע און פּרינציפּיעלע אָפּרופן קאָנען אָריענטירן דעם שעפער און אויפמינטערן אונדזער ליטעראַריש לעבן.

י י ִ ס ר אָ ע ל ס ע ר ע ב ר י אַ נ י (מאָסקווע). כ'וויל דאָ מאַכן אייניקע באַמערקונגען צו הערש רעמעניקס פאָרטראָג. עס זײַנען דאָרט פאַראַן אַ ריי אינטערעסאַנטע באָבאַכטונגען און באַהויפּטונגען. אָבער פריִער פאַר אַלץ ווילט זיך אָפּמערקן יענע ערטער, וועלכע רופן אַרויס ספּייקעס און דערווידערונגען.

אין דעם ערשטן טייל פון דעם פאָרטראָג ווערט גערעדט וועגן צווייערליי זשאַנרען פון קריטיק: דאָגמאַטישע און עסייִסטישע קריטיק. דער פאָרטרעגער האָט ניט גערעדט וועגן אַ ריי זשאַנרען פון קריטיק, טאַקע די הערשנדיקע בײַ אונדז — די ליטעראַטור־וויסנשאַפט און די אָפּעראַטיווע ליטעראַטור־קריטיק, וואָס איז אויך אַן אָביעקטיווע, אַ וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטע. צווייטנס, קאָן מען ניט פאַרורטיילן די אָדער יענע קריטישע דערשײַנונג בלויז צוליב זשאַנער. ניט אין דעם זשאַנער גייט עס. אין דער וועלט־אָנשויונג און וועלט־אויפפאַסונג גייט עס.

אָט האָט י. שטערנבערג ניט לאַנג אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן ש. רויטמאַנען. ער האָט זייער וואַרעם און טרעפלעך כאַראַקטעריזירט רויטמאַנס דיכטונג דאַפקע אויף אַן עסייִסטישן אופן.

גערעכט איז הערש רעמעניק, ווען ער זאָגט, אַז דער קריטיקער דאַרף ניט זײַן (ווי עס ווילן אייניקע שרײַבער) אַ מין קאָמיוואָיאַזשאָר אָדער עסטראַדע־קאָנפעראַנסיע פאַרן שרײַבער. דער קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער איז פּונקט אַזוי אומאָפּהענגיק און זעלבשטענדיק אין זײַן אַרבעט, ווי איטלעכער שרײַבער און קינסטלער.

אַ פּאָר ווערטער וועגן נאָטאָוויטשעס ליטוואַקאָוו־פּאָרטרעט. אין דער דאָזיקער אַרבעט זײַנען פאַראַן אייניקע, עפּשער אומפאַרמײַדלעכע בלויזן. פאַרשטייט זיך, ווען ליטוואַקאָוו וואָלט געלעבט, וואָלט מען געקאָנט מיט אים פירן אַ פּאָלעמיק אין אַ ריי פראַגן, עפּשער וואָלט ער אַליין זיך אָפּגעזאָגט פון אַ ריי פעלערהאַפטע האַנאָכעס, ווי ער האָט עס שוין באַוויזן צו טאָן בײַם לעבן (וועגן שאָלעם־אַלייכעמען, פּערעצן אאַוו.). אָבער נאָטאָוויטש האָט אין אַלגעמיין ריכטיק אָפּגעשאַצט ליטוואַקאָווס ראָל און באַדײַטונג אין אונדזער קריטיק. ער איז צוגעגאַנגען היסטאָריש קאָנקרעט צו ליטוואַקאָווס גרויסער, אין אַ היפּשער מאָס פּיאָנערישער אַרבעט אין אונדזער ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

ס אָ נ י ע פ ר ײַ (מאָסקווע). די באַראַטונג באַווײַזט, אַז מיר פאַרמאָגן אַ רײַפע קריטיק, וואָס פאַרשטייט זייער גוט דעם געזעלשאַפטלעכן באַדײַט און די ראָל פון דער ליטעראַטור.

דער קריטיקער איז אַ מין „פאַרמיטלער", אין גוטן זין פון וואָרט, צווישן דעם לייענער און דעם שרײַבער. דער קריטיקער האָט אָבער צו טאָן מיט זייער אַן איידעלן מאַטעריאַל — מיט ווערק און שרײַבער. דערפאַר טאַקע דאַרף מען זיך האַלטן בײַם קלאַל, וואָס עס האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט מאַרקס: קריטיקירן, ניט אַרויסרופנדיק קיין ייִעש.

אונדזערע קריטיקער האָבן אַ ברייטן געביט פאַר זייער טעטיקײַט. דאָס זײַנען ניט נאָר די ווערק פון אונדזערע סאָוועטישע, נאָר אויך אויסלענדישע שרײַבער. ס'איז ווינטשנסווערט, אַז אויף די זײַטן פון אונדזער זשורנאַל זאָלן געדרוקט ווערן מער אָפּשאַצונגען פון די ווערק, וואָס דערשײַנען אין אויסלאַנד. מיר דאַרפן שטאַרקן די

קאָנטאַקטן מיט די דאָרטיקע פּראָגרעסיווע שרײַבער און קריטיקער.

מיר דאַרפֿן געדענקען, אַז וואָס שטאַרקער אין אידייִש־קינסטלערישן זין עס וועלן זײַן אונדזערע ווערק, אַלץ גרעסער וועט זײַן אונדזער פּאָזיטיווע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער ליטעראַטור אין אַנדערע לענדער.

דאָ, אויף דער באַראַטונג, זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אייניקע ווונטשן, עס זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאָרשלאָגן, וועלכע האָבן ניט קיין דירעקטע שײַכות צו דער קריטיק. אָבער איך בין זיכער, אַז די רעדאַקציע וועט באַטראַכטן אַלע פֿאָרשלאָגן, וואָס קאָנען העלפֿן דער אַנטוויקלונג פֿון דער ליטעראַטור.

ריווקע רובין (מאָסקווע). קריטיק איז עפּשער איינער פֿון די סאַמע קאָמפּליצירטע זשאַנרען אין דער ליטעראַטור. די גרינגשעצונג פֿון קריטיק אַלס ליטעראַרישן זשאַנער בײַ אייניקע בעלעטריסטן איז גאַנץ אָפּט אַ סימען־דאַלעס, וואָס רעדט וועגן דעם מאַנגל אין קולטור בײַ די דאָזיקע בעלעטריסטן. מע קאָן זײַן ניט צופֿרידן מיט די אויפֿטוען פֿון דעם אָדער יענעם קריטיקער, פּונקט ווי מע קאָן זײַן ניט צופֿרידן מיט די אויפֿטוען פֿון דעם אָדער יענעם בעלעטריסט. דאָס האָט אָבער ניט צום זשאַנער. קריטיק איז אַ זעלבשטענדיקער, גלײַכבאַרעכטיקטער זשאַנער אין דער ליטעראַטור, אַ קריטיקער איז קוידעמקאָל אַ שרײַבער, אַ מענטש מיט אַ ספּעציפֿישער באַגאַבונג. דעריבער פֿרייט מיך די אַרויסטרעטונג אויף דער באַראַטונג פֿון איינעם פֿון אונדזערע עלטסטע שרײַבער און עכטן קולטור־מענטש מוישע אַלטמאַן. ער פֿאַרשטייט שוין דאָפּקע יאָ, וואָס איז אַזוינס קריטיק.

דער קריטיקער אַנאַליזירט און שאַצט אָפּ ווערק, ליטעראַרישע שיטעס, עפּאָכעס. פֿון דעם שטאַנדפּונקט איז ער געוויס אַ געלערנטער. אָך און וויי איז אָבער צו דעם קריטיקער, וועלכער איז ניט פֿייִק אײַנצולעבן זיך אין דער געשטאַלטן־וועלט פֿונעם שרײַבער, ניט נאָר פֿאַרשטיין, נאָר דערשפּירן מיטן סייכל פֿון האַרץ דאָס זעלבע, וואָס עס האָט פֿאַרשטאַנען און דערשפּירט דער שעפֿער פֿונעם קינסטלערישן ווערק. קאָן עס ניט דער קריטיקער, בלײַבט ער שטיין אויף דער שוועל פֿונעם ווערק. קיין שום קלוגע האַשאָרעס וועלן אים דאָ ניט אַרויסהעלפֿן. דער סאָד פֿון קונסט איז פֿאַר אים אײַנגעהילט אין אַ נעפּל. יעדער פּרוּוו פֿון פֿאָרמעל־מאַטעמאַטישן אַנאַליז פֿון די קונסט־עלעמענטן אינעם ווערק איז פּונקט אַזוי פּרוכטלאָז, ווי דער אַנאַליז פֿון קונסט אַלס פֿאָטאָקאָפּיע פֿון לעבן — עס שטימט צי עס שטימט ניט.

יעדער קינסטלער בויט אויס זײַן אייגענע וועלט. פֿאַרן קריטיקער שטייט די שווערע אויפֿגאַבע — אײַנלעבנדיק זיך אין דער דאָזיקער וועלט, עטעמענדיק פֿרײַ מיט איר לופֿט, ניט נאָר אַנאַליזירן זי און אָפּשאַצן, נאָר אויך ווידערופֿצושטעלן דעם אָביעקט, וואָס האָט געדינט אַלס יעסאָד פֿאַרן שרײַבערס פּאַטאָס.

אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור נייטיקן מיר זיך ווייניקער פֿון אַלץ אין אויבערפֿלעכלעכע איבערזיכטן, וווּ דער קריטיקער טיילט אײַן מיט דער ברייטער האַנט וועמען אַ צוקערלעקעכל, וועמען אַ ביטערע פּיל. ווי זיי זאָלן ניט זײַן אײַנגעהילט אינעם מאַלבעש פֿון פּראָבלעמען, זייען זיי דאַסראָוו אָדער גײַווע, אָדער פֿאַרביטערונג, אין בעסטן פֿאַל גלײַכגילט, ווי אַ פּרייסקוראַנט. אויף אָוועקצושטעלן גרויסע פּראָבלעמען קאָן אויסגעניצט ווערן דער מאַטעריאַל פֿון אַ גאַנצער ליטעראַטור, ווי אויך דאָס שאַפֿן פֿון איין שרײַבער. טיילמאָל איז גענוג דער אַנאַליז פֿון איין ווערק. אַזוי האָט דער קריטיקער א. מאַריאַמאָוו, קריטיקירנדיק קאָטשעטאָווס ראָמאַן „דער סעקרעטאַר פֿון געגנטקאָם", אויפֿגעבויט אַן אייגנאַרטיקן ליטעראַרישן ביניען. דאָ זעען מיר ניט בלויז די געשטאַלטן און סטיל־עלעמענטן פֿון דער צײַט פֿון סטאַלין־קולט, נאָר אויך טאַקע די עפּאָכע גופֿע. דערויף דאַרף מען זײַן אי אַ וויסנשאַפֿטלער, אי אַ שרײַבער.

קיינעם וועט ניט אײַנפֿאַלן צו קירצן אַ ראָמאַן אָדער אַ דערציילונג בלויז איבער מאַנגל אין אָרט. אַ קריטיש אַרטיקל לימיטירט מען טיילמאָל מעכאַניש. מע פֿאַרגעסט וועגן דער ספּעציפֿיק פֿונעם זשאַנער און וועגן דער קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט פֿונעם קריטיקער. איינער שרײַבט קורץ און גוט, אַ צווייטער שרײַבט לאַנג און גוט, אַ דריטער שרײַבט שלעכט, אומאָפּהענגיק פֿון דער צאָל זײַטלעך, ווײַל ער איז ניט קיין שרײַבער. טאָ זאָל די קוואַליטעט בלײַבן דער הויפּט־קריטעריע פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן, פֿון יעדן ווערק באַזונדער.

יוסעף ברעגמאַן (מאָסקווע). איך בין ניט קיין פֿאַכמאַן — קיין קריטיקער, אויך ניט קיין שרײַבער. געבעטן דאָס וואָרט האָב איך ווי אַ פּאַשעטער לייענער, אַ לייענער פֿון עלטערן דאָר.

אין מײַנע יוגנט־יאָרן, מיט אַ היפּש ביסל צענדליקער יאָרן צוריק, בין איך, ווי אַ סאַך פֿון אונדזער דאָר, דערצויגן געוואָרן, געלערנט זיך אויף די ווערק פֿון די פּראָגרעסיווע רוסישע קריטיקער — טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסאַרעוו. דאַרף איך זאָגן, אַז באַזונדערס גערעגט האָט די דעמאָלטיקע יוגנט בײַ אָט די קריטיקער ניט די, אַזוי צו זאָגן, ליטעראַריש־פֿאָרשערישע קריטיק זייערע, נאָר די געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע פּראָבלעמען, וועלכע זיי פֿלעגן געוויינלעך אַרויסרוקן אין פֿאָדערגרונט. מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז די ליטעראַרישע ווערק האָבן פֿאַר זיי אָפּטער פֿאַר אַלץ געדינט בלויז אַלס גרונט אויף צו שטעלן מיט דער גאַנצער שאַרפֿקײַט די וויכטיקסטע, די אָנגעווייטיקטסטע סאָציִאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען פֿון דער צײַט.

הערש רעמעניק האָט פֿיל אויפֿמערקזאַמקײַט אָפּגעגעבן די פֿראַגן פֿון פּעריִאָדיזאַציע און קלאַסיפֿיקאַציע, דערבײַ אָבער איז געבליבן פֿאַרטושט אָט די, נאָך מײַן מיינונג, וויכטיקסטע אויפֿגאַבע פֿון דער קריטיק — די אויפֿגאַבע צו ווערן אין דער ליטעראַטור דער פֿאָנענטרעגער פֿון אַקטועלע סאָציִאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען.

איך מוז זיך מודיע זײַן, האַגאַם דאָס קאָן באַטראַכט ווערן ווי גרויסע אַפּיקאָרסעס, — ס'הייבט מיך אָן צומאָל שרעקן דאָס אָרט, וואָס עס פֿאַרנעמען אין אונדזער ליטעראַרישער קריטיק די אַרבעטן וועגן מענדעלען, שאָלעם־אַלייכעמען, פּערעצן. זיי זײַנען טאַקע די גרונטלייגער, די קלאַסיקער, די טיטאַנען, אָבער דאָך — ווי לאַנג נאָך וועט וויינקסטנס, דוכט זיך מיר, אַ גוטע העלפֿט פֿון דער פּראָדוקציע פֿון אונדזערע קריטיקער שטעקן אין XIX יאָרהונדערט? עס וואָלט געווען אַ יוישער אַרײַנטרעטן מיט ביידע פֿיס אין דער צווייטער העלפֿט פֿון XX יאָרהונדערט, זיך שטעלן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט די איקער־פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן שטעלט פֿאַר אונדז איצט אַרויס.

כאַיִם לויצקער (קיִעוו). די לעצטע צײַט רעדט מען זייער אַ סאַך וועגן נאַציִאָנאַלן אייגנאַרט. אונדזער שרײַבער האָט מערסטנס צו טאָן מיט אַן אַנדער טיפּאַזש, איידער די ביז־איצטיקע ליטעראַטור. דער אַרבעטער, דער אינזשעניער, דער שאַפֿער, דער אָנגעשטעלטער, דער דירעקטאָר פֿון דער אונטערנעמונג, דער פֿאָרזיצער פֿון קאָל־

ווירט אאוו. — דאָס זײַנען אַלץ פערסאָנאַזשן, וואָס זײַנען אָרגאַניש פאַרוועבט אין דער פּראָדוצירישער, מעלוכישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט און לעבן זיך דאָרט ניט אויס אַף דער ייִדישער שפּראַך, — קומט אונדזער שרײַבער אויס צו רעפּראָדוצירן זייער לאָשן, פאַקטיש עס איבערפלאַנצן אין דער ייִדישער שפּראַך. דאָס איז שווער, דאָס פאָדערט דאָך אָן א שיר טאַקט און מאָס, און... מע דאַרף עס קענען...

זײַנען אונדזערע קריטיקער מעכויעוו העלפן דעם שרײַבער אַף דער באַזע טאַקע פון דעם שרײַבערס פּראַקטיק זיך פאַנאַנדערצוקלײַבן, העלפן דער ליטעראַטור אָנצוטאַפּן דעם ריכטיקן קריטעריִ. דאָס איז איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר אונדזער קריטיק.

א וועזנטלעכער בלויז אין דער שעפערישער אַרבעט פון אונדזערע קריטיקער איז דאָס, וואָס זיי האָבן מוירע זיך צורירן צום פאָרמעלן אַנאַליז, — ס׳ווײַזט אויס, קעדיי ניט אַרײַנפאַלן אין פאָרמאַליזם אָדער ניט זײַן באַשולדיקט אין פאָרמאַליזם.

ניט בלויז די שפּראַך פונעם שרײַבער, נאָר אויך די שפּראַך פון אונדזערע קריטיקער הינקט אָפּט. איך רעד שוין ניט פון דעם, אַז ס׳מעג אונדז צוקומען, וואָס ס׳פעלט אונדז אין פראַט פון לעבעדיקײַט, קאָלאָריטקײַט פון דער שפּראַך, אין פראַט פון אויסמײַדן שטאַמפּן. ווען־ניט־ווען טרעפט מען אַפילע ליאַפּסוסן.

אָט זעצט, אַשטייגער, איבער אויזער האָלדעס «Медный всадник» „מעשענער רײַטער". א שיין פּאָנעם וואָלט געהאַט דער דענקמאָל פּיאָטער דעם ערשטן אין לענינגראַד — די פאַרקערפּערונג פון דער גרויזאַמער אומגעוואַקלטער רוסלענדישער זעלבסטהערשונג, וואָס דריקט אַזוי אַף יעווגעניס קראַנקן מויעך, — א שיין פּאָנעם וואָלט געהאַט אָט דער רײַטער, ווען ער זאָל זײַן אויסגעגאָסן פון מעש. דאָס איז אײַך, ליבער פרײַנט, ניט דער באָבעס מעשענע לײַכטער אָדער דעם זיידנס עסרעג־פּושקע, — דאָס איז א קופּערנער רײַטער, ניט קיין מעשענער!

צי, לעמאָשל, באַם כ׳ נאַטאַוויטש. ער גיט זיך דיר א זאָג: „גרוביאַן איז א פּאָעט פון זעונגען"... איך בעט אײַך: וואָס פאַר א פּאָעט איז ניט קיין פּאָעט פון זעונגען? דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער סאַמע איקער באַ יעדן שרײַבער, באַ יעדן דיכטער! מע דאַרף צוקלײַבן דאָס פּאַסיקע וואָרט!

צו דער פראַגע וועגן די צווישנבאַציִונגען צווישן קריטיקער און שרײַבער. בײַסן סטאַלין־קולט האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין דערפון, וואָס לאַנגע יאָרן האָט מען אונדז פאַרסאַמט מיט סינע איינער צום אַנדערן... כאַווערישקײַט, פרײַנטשאַפט — דאָס אַלץ איז ניט זעלטן געווען געשטעמפּלט אַלס „פוילער ליבעראַליזם"...

איך בין קעגן פּרינציפּלאָזיקײַט, קעגן אָפּאָרטוניזם, אָבער פּרינציפּיִעלקײַט מוז און קאָן הויזן מיט ליבע, מיט כאַווערישקײַט. ביפראַט אין דער באַציִונג צום שרײַבער, צום קינסטלער. דאָס איז פּאָרט אַן איידל געוויקס, וואָס מע דאַרף זיך דערמיט באַגיין צאַרט. פון דער דורבינקע איז שוין אָפּגערעדט: דאַכט זיך, זי איז שוין לאַנג פאַרברענט...

דער קריטיקער דאַרף שרײַבן אַזוי, אַז ער זאָל אַנטדעקן פאַרן לייענער דעם שרײַבער, זײַן ווערק. דער קריטיקער דאַרף ליב האָבן דעם שרײַבער און דאָס ווערק, וועלכע ער באַהאַנדלט, און ער דאַרף אָנשטעקן מיט אָט דער ליבע דעם לייענער.

יאַנקעוו שטערנבערג (מאָסקווע). סײַ אינעם אַרײַנפיר־וואָרט, סײַ אינעם פאָרטראַג, סײַ אין די אַרויסטרעטונגען איז אין מעשעך פון די דאָזיקע דרײַ לעבהאַפטע טעג באַרירט געוואָרן, צווישן אַנדערע וויכטיקע אַקטועלע פראַגן, אויך דער קרײַז פּראָבלעמען, וועלכע איך האָב אויפגעהויבן אין מײַן אַרטיקל „אַן אָנהייב פון א שמועס וועגן ליטעראַטור־קריטיק"[1]. איך וועל דעריבער נעמען שטעלונג בלויז צו די אַרויסזאָגונגען, וועלכע האָבן מיך אָנגערירט אַף עפּעס צוצוגעבן אָדער אַף אַרײַנלאָזן זיך אין פּאָלעמיק.

פּאָלעמיק — ניט פּערזענלעכע, נאָר פּרינציפּיִעלע, וואָס העלפט צעאַקערן פּראָבלעמען, — איז דאָך געגליכן צו דעם גוטן ווינט, וואָס בלאָזט אָן ווי געהעריק די זעגלען און פאַרגרינגערט דעם שיפל וואָס שנעלער אָנצוקומען צום געווונטשענעם ברעג. איך בין צופרידן, וואָס מע האָט זיך דאָ אַרויסגעזאָגט פאַר מער פּאָלעמיק אַף די שפּאַלטן פון אונדזער זשורנאַל. וויל איך דאָ, אַף אונדזער באַראַטונג, פּאָלעמיזירן מיט די כאַווײרים. נאָר פריִער — א פּאָר ווערטער וועגן ערשטן טעזיס פון כ׳ רעמעניקס פאָרטראַג.

די פראַגע פון אָביעקטיווער צי סוביעקטיווער (וויסנשאַפטלעכער צי אומוויסנשאַפטלעכער) קריטיק, וואָס האָט א סאַך אָרט פאַרנומען אין מײַן אויבנדערמאָנטן אַרטיקל, האָט אויך רעמעניק גענוג אויספירלעך אַנטוויקלט. אין אַלגעמיין פאַלן צונויף אונדזערע מיינונגען. בײדע זײַנען מיר פאַר וויסנשאַפטלעכער (פּראָפעסיִאָנעלער) קריטיק און וואַרפן דערבײַ ניט אָפּ אויך דעם זשאַנער פון עסייען (לעראָוו געשריבענע פון ניט קריטיקער, דה. פון דיכטער, בעלעטריסטן). איך בין נאָר ניט מאַסקים מיט רעמעניקס זאָג, אַז דער עסייִסט דערגרייכט זײַן ציל, ווען ער הערט פּלוצעם אויף צו זײַן עסייִסט און הייבט אָן ריידן וויסנשאַפטלעך, דה. אָפּערירט מיט געדאַנקען... לויט מײַן טיפער איבערצײַגונג, איז אַן עסייִסט, וואָס אָפּערירט ניט מיט געדאַנקען, קיין עסייִסט ניט, פּונקט ווי א קריטיקער, וועלכער האָט ניט קיין אימפּרעסיעס, איז ניט קיין קריטיקער. עסיי איז נאָר א באַזונדערער ליטעראַריש־קריטישער זשאַנער, וואָס פאַרקערפּערט אין א קינסטלערישער פאָרם ניט בלויז אימפּרעסיעס, נײַערט אויך געדאַנקען. אַניט וואָלט דער עסייִסט געווען, ווי די ראַכמאָנעס־אַרויסרופנדיקע גריכישע פּיפּיע, וואָס זאָגט נעוויִעס בלויז אין טראַנס פון פאַרנעפּלטע זעונגען... וועל איך מיר שוין דערלויבן צו זאָגן, אַז אַפילע בעלינסקי — אין דעם איז ניטאָ קיין שום אַפּיקאָרסעס, פאַרזיכער איך אײַך, — איז אין זײַנע בעסערע אַרבעטן געווען אַן עסייִסט. דאָס זעלבע — דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו. צווישן די גרויסע רוסישע קריטיקער קלאַסיקער איז איין טשערנישעווסקי, קאָן מען זאָגן, דער שטרענג אויסגעהאַלטענער וויסנשאַפטלעכער קריטיקער. נו, און וואָס איז געווען דער דעמאָקראַטיש־רעוואָליוציִאָנערער דענקער הערצען — ניט קיין עסייִסט? און היינע איז אין זײַן גענִיאַלער ליטעראַרישער און פילאָסאָפישער פּובליציסטיק ניט קיין עסייִסט? און אונדזער פּערעץ — ער איז ניט קיין עסייִסט אין אַלע זײַנע „אידייען און געדאַנקען"?

נאָך טשערנישעווסקין זײַנען פּלעכאַנאָוו און לענין דער הויכפּונקט פון וויסנשאַפטלעכער קריטיק אין דער רוסי־

---

1 „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 3, 1962.

שער ליטעראַטור. אין זייערע שריט זײַנען געגאַנגען די סאָוועטישע קריטיקער מאַרקסיסטן. די לעצטע צײַט איז אָבער פּאַראַלעל מיט דער אַנאַליטישער קריטיק אופגעקומען אין דער גאַנצער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור אויך דער עסיי־זשאַנער. דאָס איז ניט קיין צופעליקע דערשײַנונג.

און איצט אַ ביסל פּאָלעמיק מיטן כּאָווער האַלדעס וועגן דער אָפּשאַצונג פון ליטוואַקאָוון און דעם ניסטער. ריידן אין אַזאַ טאָן וועגן ליטוואַקאָוון איז פון אַלע שטאַנדפּונקטן ניט ריכטיק. וועגן ליטוואַקאָווס פעלערן דאַרף מען ריידן מיט היסטאָרישער פּערספּעקטיוו. מע דאַרף געדענקען זײַנע פאַרדינסטן. ליטוואַקאָוו האָט זיך געראַנגלט מיט פּערעצן, ווי יאַנקעוו מיטן מאַלעך. אָט דער געראַנגל איז עפּשער אינטערעסאַנטער פון שעמען־זאַיעסדיקער זאַלבונג. אַזאַ גײַסטרײַכע פּערזענלעכקײַט, ווי פּערעץ, איז זייער נאָענט געווען גראָד דעם אינטעלעקטועל אומרויִקן ליטוואַקאָוון. פון אונטער זײַנע אָפּט אָרטאָדאָקסישע רייד הערן מיר אַרויס ניט בלויז זײַן גרויסע פאַרערונג, נאָר אויך זײַן ליבע צו פּערעצן. ליטוואַקאָווס הויכע אָפּשאַצונג פונעם ניסטער, ווי אויך זײַן אײַנשטעלן זיך פאַר האַלקינען קעגן דער וווּלגאַריזאַטאָרישער קריטיק — דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסן. וואָס איז שײַעך כּאָווער האַלדעסעס באַהויפּטונג, אַז הײַנט ווערט קלוימערשט איבערגעטריבן ניסטערס באַדײַטונג, האַלט איך, אַז דאָס דורכאַנאַנדיקע טײַטן אויף ניסטערס סימבאָליזם פאַרקריפּלט דעם קינסטלערישן טאָך פון דעם ניסטערס שאַפן און פון זײַן אייגנאַרטיקער קאָמפּליצירטער עוואָלוציע.

יאַנקעוו שטערנבערג פאַרייניקט זיך צו אויזער האַלדעסעס מיינונג וועגן דעם, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד“ דאַרף אָפּגעבן מער פּלאַץ פאַר ליטעראַרישער אינפאָרמאַציע, ניט בלײַבן, הייסט עס, אין די דאַלעד־אַמעס פון דער אייגענער ליטעראַטור, אַניט דראָט אונדז אויסצוזען פּראָווינציעל באַגרענעצט.

ה י ל ע ל  אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אָ וו (לענינגראַד) האָט אינפאָרמירט די באַראַטונג וועגן די אַרכיוון פון ייִדישע שרײַבער, וועלכע געפינען זיך אין לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פאַר די פעלקער פון אַזיע בײַ דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

אַרבעטנדיק איבער די מאַטעריאַלן פון י. צינבערגס אַרכיוו[1], האָב איך באַקומען אַ מעגלעכקײַט צו באַקענען זיך מיט אַ ריי וויכטיקע פאָנדן פון ייִדישע שרײַבער און וויסנשאַפטלעכע טוער. פון זיי דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן פאָלגנדיקע:

1) פאָנד פון אַווראָם־בער גאָטלאָבער — איינעם פון די עלטסטע פאָרשטייער פון האַסקאָלע אין רוסלאַנד, פון דעם רעכטן פליגל. אַ גרויס אָרט פאַרנעמען דאָ מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט אַ.־ב. גאָטלאָבערס אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די קאַראַיִמער („בקורת לתולדות הקראים“ — 1865), וועגן דער געשיכטע פון קאַבאָלע און כסידעס („תולדות הקבלה והחסידות“ — 1869), וועגן פראַגן פון גראַמאַטיק אאַ.

אין אַרכיוו האָט זיך פאַרהיט אַ.־ב. גאָטלאָבערס קאָרעספּאָנדענץ מיט פאַרשיידענע שרײַבער, פּובליציסטן און וויסנשאַפטלעכע טוער פון זײַן דאָר, צווישן זיי — מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אַלייכעם, יעהודע־לייב לעווין („יעהאַלעל“), אַ. צעדערבוים, אַ. אַ. האַרקאַווי, ד. כוואָלסאָן, נ. סאָקאָלאָוו, ד. פרישמאַן אאַ.

2) פאָנד פון דאָוויד מאַגיד. דער דאָזיקער פאָנד טיילט זיך אויס מיט זײַן גרויסן פאַרנעם און פאַרשיידנאַרטיקײַט, וואָס דערקלערט זיך מיטן ברייטן קרײַז אינטערעסן, וועלכע האָבן פאַרנומען ד. מאַגידן.

אין ד. מאַגידס פאָנד זײַנען פאַרהיט געוואָרן וויכטיקע ביבליאָגראַפישע מאַטעריאַלן („לעניניאַנאַ“ — 731 קאַרטלעך, וועלכע אַנטהאַלטן די ליטעראַטור וועגן לענינען אויף ייִדיש ביזן 1929; ביבליאָגראַפיע פון פאַרשיידענע מאַטעריאַלן פון ייִדישע צײַטונגען אין סאָוועטישן פּעריאָד). פּאַראַלעל מיט רעשימעס פון אַרבעטן, פאַרבונדענע מיט אונדזער צײַט, האָט ד. מאַגיד צונויפגעשטעלט אַ רעשימע פון ייִדישע מאַנוסקריפּטן, וועלכע האָבן געהערט דער פּעטערבורגער גײַסטלעכער אַקאַדעמיע, דעם יעפּיסקאָפּ אַנטאָני אאַ. באַזונדערס דאַרף אָפּגעמערקט ווערן אַ זעלטענער מאַנוסקריפּט — דער טראַקטאַט איבער לאָגיק פון דעם ראַמבאַם, איבערגעזעצט אויף סלאַוויש (XV יה.).

צו דער געשיכטע פון ייִדן אין ווילנע געהער אַ גרויסער העברעיִשער מאַנוסקריפּט (848 ז.) אונטערן נאָמען „ביאָגראַפיעס פון ווילנער ייִדישע געלערנטע און קולטור־טוער“. דאָס יאָר איז ניט אָנגעוויזן. אַ ריי דאָקומענטן איז פאַרצייכנט אונטערן נאָמען „פּאַפּירן“, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון ווילנע (236 ז.).

ד. מאַגיד האָט אויך פאַרהיט „אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועגן ייִדישע קינסטלער אין רוסלאַנד“ (מאַנוסקריפּט, 280 ז. 1900).

צום יאָר 1931 געהער ד. מאַגידס אַ רוסישע איבערזעצונג פון אַ ריי ווערק פון „דער נײַסטער העברעיִשער פּאָעזיע“ (282 ז. אויף אַ מאַשינקע); ווי ס׳איז אָנגעוויזן אין דער רעשימע, דאַרף זיך געפינען אין איינעם פון די העפטן אַ שריפטלעכער אָפּרוף פון מאַקסים גאָרקי. אויסער אייגענע מאַטעריאַלן, געפינען זיך אין ד. מאַגידס פאָנדן מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער אַרבעט פונעם באַוווסטן ווילנער געלערנטן און געזעלשאַפטלעכן טוער שמואל־יוסעף פין — זײַן קאָרעספּאָנדענץ פאַר פיל יאָרן, נאָטיצן צו זײַנע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

דער פאַרנעם פון ד. מאַגידס פאָנד און זײַן פאַרשיידנאַרטיקײַט פאָדערן אַ ספּעציעלע און גענויע אָפּהאַנדלונג. מע קאָן זאָגן פאַרויס, אַז אין דעם דאָזיקן פאָנד וועלן נאָך געוויס געפונען ווערן אַ סאַך וויכטיקע מאַטעריאַלן. דאָס האָט אין דער ערשטער ריי אַ שײַכעס צו דער גרויסער קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע איז נאָך ווי עס דאַרף צו זײַן ניט דורכגעקוקט געוואָרן. אַזוי ווי ד. מאַגיד האָט פיל יאָרן געאַרבעט אין דער לענינגראַדער מעלוכע־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, פלעגן זיך צו אים ווענדן פון אומעטום וויסנשאַפטלעכע טוער, שרײַבער מיט פאַרשיידענע אָנפראַגעס. שוין בײַ אַן אויבנאויפיקער באַקאַנטשאַפט וואַרפן זיך גלײַך אין די אויגן בריוו פון שאָלעם־אַלייכעמען און ביאַליקן.

3) פאָנד פון יעהודע־לייב גאָרדאָן („יאַלאַג“). אין דעם פאָנד זײַנען פאַרהיט געוואָרן עטלעכע צענדליק בריוו פון יוינע גערשטיין, דעם אַזויגערופענעם געלערנטן ייִדן („אוטשאָני יעווריי“) בײַם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, צו י.־ל. גאָרדאָן. דער אינהאַלט פון די בריוו (געשריבן אין רוסיש) איז פאַרבונדן מיט דער איבערזעצונג פונעם כומעש אויף רוסיש (געדרוקט אין 1875), וועלכע ס׳האָבן

[1] „ייִסראָעל צינבערג און זײַן אַרכיוו“. „סאָוועטיש היימלאַנד“, 1965, נומ. 2, 3.

געמאכט י.־ל. גאָרדאָן און י. גערשטיין צוזאמען מיטן ייִדיש־רוסישן שרײַבער און פובליציסט ל. לעוואנדע.

4) אינעם ארכיוו פונעם אינסטיטוט געפינען זיך קלענערע פאָנדן פון די מיזרעך־פאָרשער דאַניִעל כוואָלסאָן, יוינע גינצבורג, אף וועלכע מיר האָבן דאָ ניט די מעגלעכקײַט אָפּצושטעלן זיך. מע דארף האָבן אין זינען, אז איניקע פאָנדן זײַנען נאָך ניט איבערגעשריבן געוואָרן.

ס׳איז קיין שום ספּעק ניטאָ, אז די אויצרעס, וועלכע געפינען זיך אין לענינגראדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פאר די פעלקער פון אזיע, שטעלן מיט זיך פאָר נאָר א טייל, און עפשער ניט גאָר קיין גרויסן טייל, פון די ארכיוון און פאָנדן, וועלכע געפינען זיך אין די גרויסע סאָוועטישע מעלוכע־ביבליאָטעקן (לענין־ביבליאָטעק אין מאָסקווע, ביבליאָטעק אפן נאָמען פון סאלטיקאָוו־שטשעדרין אין לענינגראד, רעפובליקאנישע מעלוכע־ביבליאָטעקן אין קיִעוו, מינסק, ווילנע אא.) און אין פארשיידענע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן בא דער אלפארבאנדישער און בא די רעפובליקאנישע וויסנשאפט־אקאדעמיעס.

די פאָנדן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אן ערשטקלאַסישן קוואל פאר דער געשיכטע פון ייִדישער קולטור אין סאָוועטנפארבאנד, זײַנען סאָוועטישע מעלוכע־אויצרעס, און זיי דארפן ווי ס׳געהער צו זײַן אָפּגעהיט ווערן. ס׳איז נייטיק שאפן די געהעריקע באדינגונגען, אז די פאָנדן זאָלן ניט נאָר איבערגעשריבן ווערן, נאָר אויך באארבעט ווערן אפן יעסאָד פון דער מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע.

פארן שליסן די בּאראטונג איז ארויסגעטראָטן דער שעף־רעדאקטאָר פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" פּ ײ ס ע ך נ אָ װ י ק: דערלויבט מיר צו באגריסן די הײַנטיקע באראטונג פון סאָוועטישע ייִדישע קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער, ווי א דערשײַנונג פון פילפאכן באדײַט.

די באראטונג איז וויכטיק פאר זיך אליין, אָבער צוזאמען מיטן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" און ווי אן אויסדרוק פון דער אויסגעברייטערטער ארבעט פון דעם זשורנאל פארמאָגט די באראטונג נאָך א גרעסערן באדײַט. און אזוי ווי דער זשורנאל און די אויסגעברייטערטע ארבעט זײַנע פארמאָגן א גרויסן באדײַט פאר אונדז אין אמעריקע, דארף דאָס זעלביקע געזאָגט ווערן וועגן דער הײַנטיקער באראטונג. זי פארמאָגט א באדײַט אויך פאר אונדז, פרײַנט פון דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראטור אין אמעריקע, זי פארמאָגט אין דער זעלביקער צײַט אויך א פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן באדײַט.

ס׳איז גוט באקאנט, אז איינער פון די קוואלן, וואָס האָט גענערט און נערט די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראטור, איז די קלאסיק פון דער גרויסער רוסישער ליטעראטור, איר הומאניזם, איר פארטיפטקײַט. און דאָס זעלבע בענוגייע דער סאָוועטיש־ייִדישער קריטיק און ליטעראטור־פאָרשונג. זי האָט געהאט און האָט פאר זיך מוסטערן, וואָס האָבן זי, די קריטיק, פארוואנדלט אין א מיטל פון פארטיפטן געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן אנאליז, ווי א הייבער פאר דער ליטעראטור, זי זאָל דערפילן דעם אָטעם פון דער צײַט, געבן איר הומאניזם און סאָציִאַלע אָנזאָגונג, העלפן איר דערזען דאָס פאָלק, דינען ווי א וועגווײַזער פארן פאָלק.

די אײַנשטעלונג פון דער הײַנטיקער באראטונג פאר דערנעענטערונג מיט די פּראָגרעסיווע ייִדישע שרײַבער אין אנדערע לענדער און ביכלאל פאר זײַן אין קורס פון דער ייִדישער ליטעראטור אין אויסלאנד דארף באגריסט ווערן. איך פארשפּאָר זיך גאָר אויסברייטערן וועגן דעם, ווי וויכטיק עס איז צו זײַן באקאנט מיט דער געשיכטע און מיט דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראטור אין אמעריקע, — א ליטעראטור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אפן אמעריקאנער באָדן, ווי קאלמען מארמאָר האָט ריכטיק אָנגעוויזן. דער איניען פאָדערט א ברייטע באהאנדלונג. דערבײַ וועט דארפן גענומען ווערן אין אכט די ראָל פון די פּראָגרעסיווע ייִדישע קריטיקער — אָלגין, מארמאָר, מוישע קאַץ, י.־ב. ביילין, ווי אויך די ראָל פון די הײַנטצײַטיקע פּראָגרעסיווע ייִדישע קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער. און — אין א ברייטערן זין — די ייִדישע קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער אין אמעריקע ביכלאל.

צום סאָף וויל איך ווידער דערמאָנען, ווי איך האָב דאָס שוין געטאָן אין מאָסקווע בא דער באגעגעניש דעם 21 נאָיאבער, אז דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" איז אויך אונדזער זשורנאל און אז די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראטור ביכלאל איז אונדזערע — די ליטעראטור פון ברייטע ייִדישע מאסן אין אמעריקע, וועלכע דארפן זי האָבן, ווארטן אף איר, ווארטן אף מער און מער ייִדישע ביכער, וואָס זאָלן דאָ ארויסגעגעבן ווערן. און אזויארום איז די איצטיקע באראטונג אין א גרויסער מאָס אויך אונדזערע, זי וועט אויך אונדז דינען.

טאָ זײַט געגריסט אין נאָמען פון אונדזער פּראָגרעסיוון קולטור־פראָנט אין אמעריקע. זאָל קומען צו א גרעסערער דערנעענטערונג מיט דער „מאָרגן־פרײַהײַט", מיט אונדזערע זשורנאלן „ייִדישע קולטור", „זאמלונגען". איך וועל מיטפירן אהיים דעם טיפן אײַנדרוק, וואָס די הײַנטיקע באראטונג האָט געמאכט דורך דער הויכער מאדרייגע פון דער דיסקוסיע, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען. עפשער צוליב דעם אליין האָט זיך געלוינט קומען אהער, צוזאמען מיט די אָנטיילנעמער פון קיִעוו און כארקאָוו און לענינגראד און אנדערע שטעט, אויך אלס אן אָנטיילנעמער פון ניו־יאָרק.

די באראטונג האָט אויסגעהערט אן אינפאָרמאציע וועגן דעם פלאן פונעם קריטישן אָפּטייל פון „סאָוועטיש היימלאנד" און האָט אויסגעוויילט א קאָמיסיע, וועלכע דארף צונויפשטעלן א זאמלבוך פון קריטיש־פאָרשערישע ארבעטן וועגן דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

מיט א שלוס־וואָרט פון א. ווערגעליס האָט די באראטונג פארענדיקט איר ארבעט.

## פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

י. ראבין:

# עטלעכע סוידעס

קיין געזעצן, וויַאזוי צו שאפן ליטעראַרישע ווערק, זייַנען ניט פאראַן. און אַוואַדע זייַנען ניט פאראַן קיין געזעצן, וואָס זייַנען גילטיק פאַר אַלעמען. ס׳איז זייער שווער צו זאָגן, פון וואָס עס „צינדט“ זיך אָן באַם שרייַבער אַ נייַ ווערק.

„כאַוועלע געפען“, לעמאָשל, האָב איך אָנגעהויבן שרייַבן, ווייַל איך בין געוואָרן באַרויגעז אויף איינעם אַ מענטשן. איך בין געווען אופגעבראַכט און באַשלאָסן יענעם מענטשן באַשרייַבן. באַ מיר האָט ער אויסגעזען, ווי זיאַמע ראַמעס אין אָנהייב פון דער דערציילונג „כאַוועלע געפען“. נאָר אַז איך בין אַרייַן ווייַטער אין דער דערציילונג און זיאַמע ראַמעס איז געוואָרן מייַנער אַ פּערסאָנאַזש און אים איז געפעלן געוואָרן כאַוועלע, איז מייַן פאַרדראָס צערונען געוואָרן. וואָס האָב איך צו אים? די דערציילונג האָט גענומען לעבן מיט איר אייגענער לאָגיק, מיט דער לאָגיק פון די געשעענישן, כאַראַקטערן, בילדער און שפּראַך. זיאַמע ראַמעס איז שוין גאָרניט ענלעך אויף יענעם, וועלכן איך האָב „פאַרטראַכט“.

אַגעוו, וועגן פאַרטראַכטן אַ ווערק.

ווען איך זעץ זיך שרייַבן אַ נייַע זאַך, ווייס איך און זע, וואָס איך וויל זאָגן. איך ווייס אויך די ערשטע שורעס, איך שאַף זיי אויף אויסווייניק. איך דערזע אַ פּערסאָנאַזש, מיט וועלכן איך הייב אָן, ניט אומבאַדינגט דעם הויפּט־העלד. דאָס איבעריקע קומט פון זיך אַליין, עס נעמט אַליין לעבן דאָס ווערק און אַרומוואַקסן מיט געשעענישן און מענטשן. איך דערזע עס אין גאַנג פון דער אַרבעט.

אויב איך דערזע ווינציקער — שרייַבט זיך בעסער, רויִקער, געלאַסענער. די בילדערישקייַט און די שפּראַך קומען אָן צוזאַמען. אָפט אָבער טרעפט, אַז איך דערזע מיטאַמאָל אַ סאַך, אין קאָפּ נעמט שווינדלען, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל אין קינאָ — אַ בילד נאָך אַ בילד, אַ מענטש נאָך אַ מענטש, אַ געשעעניש נאָך אַ געשעעניש. דעמלט איז שווער צו שרייַבן. איך פאַרצייכן קורץ און שנעל, קעדיי ניט פאַרגעסן, וואָס עס איז געקומען אויפן געדאַנק. די פינגער ווערן נערוועז. אַלץ פּלאָנטערט זיך. אויסער דעם, אויב איך דערזע פאָרויס אַלץ מיט אַלע דעטאַלן, ווערט מיר ניט אינטערעסאַנט צו שרייַבן. עס באַקומט זיך, אַז מיטן שרייַבן כאַזער איך איבער אַזוינס, וואָס מיר איז שוין באַקאַנט... יאָ, אַז מע זעט פאָרויס צופיל, — פאַרשווערט עס.

שרייַבן דעם „טשערנאָוויק“ איז זייער שווער. עס נעמט אַרויס דאָס געזונט, זויגט אויס דעם מאַרך. פון ג אָ ר־נ י ש ט דאַרף מען באַשאַפן ע פּ עס. דערפאַר אָבער האָב איך האַנאָע פון באַאַרבעטן דעם „טשערנאָוויק“. קיין זאַך אַנטלויפט ניט, אַלץ ליגט שוין אויפן פּאַפּיר. איך דאַרף נאָר די שורעס אויסבעסערן, מער פאַרב צוגעבן, עס זאָל זייַן בילדערישער, דער כאַראַקטער פונעם העלד זאָל זייַן פאָלקומער, די שפּראַך זאָל קלינגען... פון דעם האָב איך פאַרגעניגן. איך טו עס רויִק און ניט געאייַלט.

דעם ראָמאַן „באַם ניעמאַן“ האָב איך גענומען שרייַבן גאָר אויף אַן אַנדער אויפן, איידער „כאַוועלע געפען“.

אָנגעהויבן האָב איך פון פאָרעדעס צום ראָמאַן. אין דרייַ פאָרעדעס צו אַ ראָמאַן, וועלכן איך וועל ערשט אַמאָל שרייַבן, האָב איך אויסגעדריקט מייַן שטימונג און מייַן איבערלעבונג. די ערשטע פאָרעדע האָב איך אָנגעשריבן אין 1952. די צייַט איז געווען זייער אַ שווערע. דערצו אויך שווער מאַטעריִאַל. די ערשטע פאָרעדע האָב איך „אָנגעשריבן“ אויף אויסווייניק. ערשט שפּעטער האָב איך זי פאַרשריבן אויפן פּאַפּיר.

„...און אויב דו מיינסט, מאַמע, איך בין נאַריש, אָדער, ראַכמאָנעַ־ליצלאָן, דול, ווייַל ווי קומט עס, אַז אַ מענטש פון ד ע ר וועלט זאָל שרייַבן אַ בריוו צו אַ מאַמען פון י ע נ ע ר וועלט... אויב דו מיינסט אַזוי, מאַמע, הייסט עס, אַז צו אייַך דערגרייכט גאָרנישט. איר זיצט אויף ווייכע שטולן, טרינקט דעם יאַיִן־האַמעשומער, פאַרבייַסט מיט אַ קאָפּ פון לעוויאָסן און גייט אין געסט צו אַוורהאָם, ייִצכאָק און יאַנקעוו. און גאָרנישט דערגייט צו אייַך ניט... נאָר אויב, מאַמע, דו ליגסט נאָך אַלץ אויפן גראָדנער בייסאָלמען אונטער אַ שווערן שטיין מיטן אויפשריפט: „פּוי ניקבאָראָ — דאָ ליגט באַגראָבן ציווייע באַס אַוורהאָם ראַבין“ — דעמלט, מאַמע, האַרפּסטו דאָך וויסן אַלץ. עפּשער ווונדערט דיך אָבער, וואָס, אַליין שוין אַ טאַטע, אויף דער עלטער, באַדאַרף איך האָבן די מאַמע. איז זאָל דיך עס ניט ווונדערן. אויף דער עלטער דאַרף מען פּונקט אַזוי אַ מאַמע, ווי אין דער קינדהייַט. איך דאַרף, מע זאָל מיך פירן פאַר דער האַנט, לערנען לייענען קרישמע און דעריקער, מע זאָל מיר גוט, גוט אַרייַנשמייַסן פאַר דער גרויסער נאַרישקייַט מייַנער, וואָס איך בין געבאָרן געוואָרן אויף דער וועלט. 1952“.

אויף אַזאַ אויפן האָב איך אויסגעדריקט מייַן צושטאַנד, מייַנע געפילן און שטימונגען אין איינעם פון די סאַמע שווערסטע יאָרן פונעם סטאַלין־קולט.

אָנהייב 1953, אין יאַנוואַר—פעברואַר, האָב איך געשריבן די צווייטע פאָרעדע צום ראָמאַן, וועלכן איך האָב געטראַכט אַמאָל שאַפן.

אין דעם זעלבן יאָר, נאָר שוין אין אַפּרעל—מייַ, האָב איך פאַרשריבן די דריטע פאָרעדע. זייער אַ קורצע:

„אַ לעבן שאַפן קאָן איך, אַ מאַציִווע שטעלן — אויך“.

נאָך דער פאָרעדע האָב איך דערפילט, אַז איך נעם שרייַבן, איך וועל אָנשרייַבן אַ ראָמאַן, וואָס זאָל אַרומכאַפּן די יאָרן פון נאָך דער ערשטער רעוואָליוציע פון 1905 ביז נאָכן סטאַלין־קולט.

ווען איך האָב אָנגעשריבן די ערשטע צענדליקער זייַטלעך, איז דער נאָמען פון ראָמאַן געווען: „קריג אָן פרידן“, שפּעטער האָט ער באַקומען דעם נאָמען: „באַם ניעמאַן“.

אַזויאַרום האָב איך אויסגעזאָגט עטלעכע סוידעס פון כיידער. אַזוי ווי האַיאָר אין אַפּרעל ווערט מיר 65 יאָר, מיין איך, אַז איך מעג שוין נעמען אויסדערציילן „סוידעס“. סאַמע צייַט. מע קאָן פאַרשפּעטיקן.

טעוויע גען:

# דאָס ערשטע געבאָט

שרײַבן וועגן דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע איז א שווערער אייסעק. אָפטמאָל איז די לאַבאָראַטאָריע אין אזא אומאָרדענונג, אז אליין דער שרײַבער האָט מוירע אהין ארײַנצוקוקן. אין איינער א קאָלבע יוירט א הײַנטצײַטיקער ראָמאַן, אין א צווייטער — א דאָקומענטאַלע דערציילונג, אין א דריטער פּיקט זיך אויס א לירישע נאָוועלע... מע גיסט איבער פון איין רערל אין אנדערן, מע עקספּערימענטירט, צען מאָל הייבט מען אָן און מע וואַרפט אוועק. גיי טײַטש דאָס אַלץ אויס דעם לייענער!

די שעפערישע לאַבאָראַטאָריע אַרבעט אָן אָפּרו־טעג און אָן יאָמטויווים. זי פאַרלאָזט ניט דעם שרײַבער ניט אין שטוב, ניט אין גאַס, אפילע ניט אין שלאָף: באַנאַכט כאָלעמען זיך אים זײַנע העלדן. אין מאַגאַזין פאַרהאַלט דער שרײַבער דעם בליק אף דער קאַסירשע, ער וויל צוזאַמען מיט די טשעקן און מיטן אויסגאָב־געלט אויך קריגן עפּעס א טשיקאַווען סוזשעט; אין טעאַטער, בײַס די אַנטראַקטן, שטיקט ער זיך אינעם רייכער־צימער, קעדיי אונטערהערן א ווערטל, אויפכאַפּן א פרישן שטריך. ווי א פיש אין וואַסער פילט ער זיך אף דער פּאָלקע פון א וואַגאָן. ער וואָלט געפאָרן און געפלויגן א קײַלעכיק יאָר. די בעסטע און אינטערעסאַנטסטע צײַט באַם שרײַבער איז דאַן, ווען ער איז אין וועג.

פאַראַיאָרן האָט מיר אָפּגעגליקט. נאָך דער רײַזע אין ביראָבידזשאַן האָב איך געהאַט א צווייטע נעסיִע — קיין נאָוואָסיבירסק.

ניט ווײַט פון נאָוואָסיבירסק איז אין מעשעך פון געציילטע יאָרן אויסגעוואַקסן א גרויסער פיליִאַל פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון סאָוועטנפאַרבאַנד. פונעם נאָוואָסיבירסקער אַעראָדראָם פאָרט מען אין אַקאַדעמישן שטעטל מיט אַן אַווטאָבוס. די סטאַנציעס, אף וועלכע דער אַווטאָבוס שטעלט זיך אָפּ, קלינגען נײַ און אייגנאַרטיק:

— סטאַנציע „כימיע“.

— סטאַנציע „פיזיק“.

— סטאַנציע „עקאָנאָמיק“.

— פאַרשלאָפט ניט די „הידראָדינאַמיקע“, — וועקט די קאָנדוקטאָרשע א פּאַסאַזשיר, וואָס האָט געכאַפּט א דרעמל.

מײַן לאַנגיאָריקער פאַרלאַנג איז שילדערן א סאָוועטישן ייִדן א געלערנטן. און דאָ, אין פיליִאַל, האָב איך זיך געטראָפן מיט מײַן געגאַרטן העלד. איך האָב זיך נעענטער באַקאַנט מיטן אַקאַדעמיקער הערש בודקער. ער איז אַלט 46 יאָר. זומער 1941 האָט בודקער פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט און איז אַוועק אפן פראָנט. נאָך דער מילכאָמע האָט ער געאַרבעט אונטער דער אָנפירונג פונעם באַרימטן פיזיקער קורטשאַטאָוו. איצט איז ער דירעקטאָר פונעם סיבירער פיזישן אינסטיטוט.

אף איינעם פון די צווישנפעלקערלעכע סימפּאָזיוּמס פון פיזיקער אין דובנע האָבן בודקערס מיטיילונגען געמאַכט אזא רוישעם, אז די געלערנטע פון אַמעריקע, פראַנקרײַך, איטאַליע און אַנדערע לענדער זײַנען ניט געווען פויל און אַראָפּגעקומען אין סיביר. דאָס, וואָס זיי האָבן דאָרט דערזען, בא בודקערן, האָבן זיי אָנגערופן „דער סיבירער ווונדער“.

פון נאָוואָסיבירסק בין איך אַוועקגעפאָרן מיט א סאַך אײַנדרוקן און מיט א היפּשער צאָל פאַרשריבענע בלאָקנאָטן. איצט דאַרף מען זיצן און שרײַבן. אָבער מײַן שעפערישע לאַבאָראַטאָריע פּראָוועט קאָלערליי שטיק, יעדעס מאָל שטעלט זי אַן אַנדער קלאָץ־קאַשע. קיין איין אָבזאַץ, קיין איין שורע באַגייט זיך ניט אָן א „פאַרוואָס“ און אָן אַן „עפּשער“. פאַרוואָס אזא אָנהייב און ניט קיין אַנדערער? פאַרוואָס דאַפקע ד אָ ס וואָרט און ניט קיין צווייטס? עפּשער צוטראַכטן א נײַעם סוזשעט, נײַעם קאָנפליקט? עפּשער גאָר צערײַסן דאָס אָנגעשריבענע, ווײַל עס טויג, דוכט זיך, אף טויזנט קאַפּאָרעס?

די פּראָטאָטיפּן, די לעבעדיקע מענטשן לאָזן אָבער ניט דעם מעכאַבער אַראָפּגיין פון וועג, פאַרקריכן אין בויבעריק.

„באַשרײַב אונדז אָן קונצן, — זאָגן זיי צו אים, — שילדער אונדז אזוי, ווי דו האָסט אונדז געזען בא דער אַרבעט אין די לאַבאָראַטאָריעס, אָדער בײַס מיר האָבן שפּאַצירט אין וואַלד, געלעגן אפן פּליאַזש באַם טײַך אָב, וואָס האָט זיך לעבן אַקאַדעמישן שטעטל צעגאָסן, ווי א יאַם. געדענקסט אונדזערע געשפּרעכן? מיר האָבן דיר דערציילט אַלץ, וואָס דו האָסט געוואָלט וויסן. דיר זײַנען באַקאַנט אונדזערע פאַרלאַנגען, אונדזערע טרוימען. טראַכט וויניקער צו. ווייסט דען ניט, אז די בעסטע און שענסטע מײַסעס זײַנען די, וואָס אַליין דאָס לעבן שאַפט?“

דער מעכאַבער ווייסט עס, און זײַן ערשטער געבאָט איז: שילדערן טרײַ דאָס לעבן. דערפאַר טאַקע האָפט ער, אז, לויט די מעגלעכקײַטן נאָך, וועט זיך אים אײַנגעבן שאַפן א ווערק וועגן אונדזערע געלערנטע, א ווערק וועגן די מענטשן, וואָס האָבן צו טאָן מיטן קלייניטשקן אַטאָם און לייגן אין אים אַרײַן די גאַנצע נעשאָמע זייערע. זיי זוכן, פאָרשן, צווייפלען, האָבן פיל ליידן און פריידן, עפענענדיק נײַע וועגן אין דער וויסנשאַפט.

# בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

## מיט מאַרק שאַגאַלן

...דאָס בוך[1] האָב איך אַוועקגעשיקט שאַגאַלן, — איך האָב דערוואַרט אַ פּאָר גוטע ווערטער פון אים דערפאַר, וואָס איך האָב געטאָן אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט, נאָכצוקומען זײַנע פאָדערונגען. און ער האָט געוווּסט, וויפל צאָרעס איך בין אויסגעשטאַנען סײַ פון די דרוקער, סײַ פון דעם מאַנגל אין געלט, סײַ פון אײַנבינדער, סײַ פון דעם ניט פּאַסיקן פּאַפּיר, סײַ פון מאַנגל אין קאָאָפּעראַציע ביכלל.

אָט איז זײַן בריוו, וואָס רעדט פאַר זיך אַליין:

„קאָלד ספּרינגס (האָדסאָן), 1944 : 4־2.

ליבער פרײַנט ראָנטש!

דער אויסזען פון פּעפּערס בוך האָט מיך ווירקלעך פאַרדראָסן, ווײַל אין עצם זײַנען געווען דאָך אַלע מאַטעריאַלן, אַז ס'זאָל זײַן אינגאַנצן גוט.

איך, פון מײַן זײַט, האָב זיך געסטאַרעט מאַכן גוטע צייכענונגען. אָבער דער צוזאַמענשטעל אין בוך איז ניט פּאַסיק פאַר דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע.

פאַרוואָס אין אָנהייב צוויי צייכענונגען צוגעדריקט איינס צום אַנדערן?

די אונטערשריפטן אויף די צייכענונגען דאַרפן זײַן גאָר נידעריק.

ס'נעמט אָפּ דעם אָטעם בײַ די צייכענונגען.

אין פאָרנט פון בוך האָט געדאַרפט זײַן אַ „פראָנטיספּיס", אַ גרויסע צייכענונג, אַן אַלגעמיינע, לאָמיר זאָגן „די ליבע", אויסער דעם קאַפּיטל. נאָכן בילד פון פּעפּער גייען צוויי פּוסטע בלעטער... די בעסערע, די שווערע צייכענונגען זײַנען אַלע צוזאַמען, צו געדיכט, ווײַט פון אָנהייב, פון בלאַט 17 ביז בלאַט 59 איז פּוסט.

ס'איז דאָ פיל פּוסטע בלעטער, ווען דער טעקסט מיט דעם קליינעם (צײַטונגס־) שריפט איז אויף אייניקע בלעטער געדיכט, אויף אַנדערע איז גאָר אַ פּאָר סטראָפן.

דער נאָמען איציק פּעפּער דאַרף אויף דער הילע זײַן פיל פעטער — גרעסער.

דאָס געלע אײַנבינדונג־פּאַפּיר איז צו ביליק, ניט שיין, און פאַרוואָס ניט געבן די הויפּט־צייכענונגען פון פאָרנט פון די לידער (ווי בײַ לעסינען) און ניט פון הינטן?

די „כאַסענע" און דאָס „פערד מיט פליגלען" דאַרף מען אַ ביסעלע אָפּרוקן פון רעכטס צו לינקס אויפן בלאַט. און די הויפּט־זאַך, וואָס פאַרדריסט מיך זייער, וואָס מע האָט געדאַרגעט מײַן פערדל! וויאַזוי איז עס געקומען? די פּראָבע איז דאָך געווען גאַנץ גוט? ווי האָט איר ניט אָפּגעשטעלט אינמיטן דרוקן?

גוט זײַנען אָפּגעדרוקט „די ליבע", „דער קלעזמער", „די מוטער", כאָטש די אונטערשריפטן זײַנען צו הויך.

ליבער ראָנטש! אײַער נאָמען איז דאָך אויסגעשטעלט אַלס אויסשטעלער. געפינט איר גוט? איך מיין, אַז אומבאַדינגט מוז מען אויסבעסערן דאָס ביכל. דאָס איז דאָך אַ מאַסאָנע, און נאָך פון דער „רײַכער אַמעריקע". עס וואָלט זיך לוינען דרוקן גאָר אַנדערע [עקזעמפּליאַרן], ווען מע האָט ניט קיין סאַך געדרוקט. דערווײַלע קיין מאָסקווע מוזן אַוועקגיין נאָר גוטע עקזעמפּליאַרן.

איך קום צוריק דעם 11. קומט, זײַט אַזוי גוט, שאַבעס דעם 12 אינדערפרי. קלינגט אָן. און דרוקט ניט, ביז וואַנען איך קום ניט צוריק. מע מוז ראַטעווען דעם בוך.

אַנטשולדיקט מיר דעם בריוו, אָבער די זאַך איז דאָך אַזוי וויכטיק, דאָס איז דאָך צוליב פּעפּערן.

מיט גרוס פון אונדז ביידן. איך האָף אײַך צו זען שאַבעס.

מאַרק שאַגאַל".

נאַטירלעך, זײַנען אַלע פאָרשלאָגן געקומען צו שפּעט. דאָס בוך איז שוין געווען אַרויס פון אײַנבינדער. אַ נײַע אויפלאַגע האָט געמיינט האַלטן דעם זאַץ. און בלײַ איז דאָך געווען מיט גאָלד צוגלײַך. און מע האָט דאָס ניט געוואָלט האַלטן.

ווען שאַגאַל איז פרײַטיק געקומען צו פאָרן, האָב איך גערעדט אויפן טעלעפאָן מיט בעלען[1]. ווען זי האָט דערהערט, אַז דאָס בוך איז ניט „אָפּגעשטעלט געוואָרן" און די אויסבעסערונגען זײַנען ניט געמאַכט, האָט זי, ווי איר שטייגער איז געווען, געענטפערט געלאַסן און ליבנסווירדיק, אַז, ווי טאָמיד, האָט זי מיך געוואָלט אײַנלאַדן צום פרײַטיקצונאַכטס־מאָלצײַט, מיט וועלכן זי האָט זיך אויסגעצייכנט, נאָר, ווי אַ גוטער פרײַנט, האָט זי מיך געראָטן ניט צו קומען מאָרגן זיך זען מיט שאַגאַלן. ווען ער וועט דערהערן, אַז דאָס בוך איז שוין אַרויס און מע האָט עס ניט „אָפּגעשטעלט", און אַז מע וועט ניט מאַכן גלײַך אַ נײַע אויפלאַגע, וועט ער מאַכן דעם גרעסטן סקאַנדאַל.

„ווײַזט זיך ניט פאַר אים, דערפאַר וואָס ער וועט אײַך וואַרפן, וואָס עס וועט אים קומען אין האַנט אַרײַן. קיין זאַך קאָן אים אַזוי ניט דערצאָרענען, ווי ווען מע רירט אָן זײַן קונסט. ער לעבט צוליב דער קונסט. עס וועט אים געפערלעך וויי טאָן, און ער וועט קראַנק ווערן דערפון"...

צו איר איבעראַשונג, האָב איך מיך באַוויזן שאַבעס 12 באַטאָג. זי האָט זיך בעעמעס דערשראָקן. עס האָט טאָמיד פון איר געאָטעמט מיט אַזאַ ראַפינירטקײַט, מיט אַ כסידישער ניט־דאָיִקײַט און מיט פראַנצויזישער עלעגאַנץ. זי האָט גערעדט צו מיר שטיל:

„איך האָב אײַך געבעטן ניט קומען. פאַרוואָס זײַט איר געקומען? איר וועט זען, וואָס עס וועט געשען. וויי איז מיר, וואָס טוט מען? די ערשטע זאַך — גייט אַרויס פון הויז און גייט אַרײַן אין זײַן סטודיע. דאָרט וועט ער ניט האָבן וואָס צו וואַרפן..."

איך האָב געפאָלגט, בין אַרײַן אין סטודיע און זיך געשטעלט באַם פענצטער, ווײַט פון דער טיר...

„בעלאָטשקאַ האָט אײַך געבעטן ניט באַווײַזן זיך? איר ווייסט ניט, ווי איר האָט מיר וויי געטאָן. איר ווייסט, וואָס איר זײַט? איר זײַט באַגאַנגען אַ מאָרד. איר האָט ניט בלויז כאָרעוו געמאַכט די צייכענונגען, נאָר וואָס וועט פּעפּער זאָגן? און ווי וועט מען דאָס קענען ווײַזן פאַר לײַטן?"

---

[1] עס האַנדלט זיך וועגן אי. פּעפּערס בוך „היימלאַנד", אַרויסגעגעבן דורך י. ראָנטשן אין 1944 אין ניו־יאָרק מיט אילוסטראַציעס פון מאַרק שאַגאַלן.

[1] די פרוי פון מאַרק שאַגאַל.

זײַן קאָל איז געווען פול מיט צאַר, נידעריק, שוואַך...

איך האָב אים פאָרגעשלאָגן, אז ער זאָל מיר עפּעס ווארפן אין קאָפּ אַרײַן און דערנאָך זאָלן מיר גיין טרינקען א גלעזל ווײַן. ערשט דאן האָט ער אופגעהויבן זײַנע מערקווירדיקע בלויע אויגן, וואָס זײַנען דעמלט געווען גרוי־בלוי, און, אליין שטייענדיק בא דער טיר און איך — ווײַט באם פענצטער, האָט ער ארויסגעשעפּטשעט: „וואָס קאָן זײַן אײַער ענטפער צו מיר? איר האָט ניט וואָס צו ענטפערן. פראווילנאָ?“

איך האָב פון אים פארלאנגט איין זאך: מאָנטיק צוּען פרי קום איך נאָך אים און מיר פאָרן אין דרוקערײַ און מיר באקאנען אים מיט די פרעס־מאשינען, מיט די לינאָטיפּן און אנדערע.

ער האָט געפאָלגט, און ווען מיר האָבן זיך באוויזן אין דרוקערײַ, איז ער געוואָרן אן אנדער מענטש. ערשטנס, האָבן די ארבעטער אים ארומגערינגלט און געהאלטן דעם פעפער־בוך אין די הענט און געבעטן, אז ער זאָל געבן אווטאָגראפן. די ארבעטער אין זייערע פארטעכער און אין זייערע ארבעטס־בגאָדים האָבן גערעדט ייִדיש. זיי זײַנען געווען פארשוויצט, פארשוואַרצט. דער ראש פון די לינאָטיפּן, פון די קליינע פרעס־מאשינען און פון דער גרויסער פרעס־מאשין האָט אים פארכאפּט. ווי א קינד, האָט ער אלץ באקוקט און אויסגעדריקט זײַן באוווּנדערונג. נאָר הויפּטזאכלעך איז אים געפעלן געוואָרן דער גרויסער פרעס, וואָס דרוקט ביכער. אויבן אין א ווינקל איז געשטאנען א קליין מענטשל, וואָס איז געווען דער באַלעבאָס איבער דעם פרעס. ער האָט געגעבן א דריק א קנעפּל, און די מאשין האָט זיך צערעוועט. ער האָט געגעבן א צווייטן דריק, און די מאשין איז פארשטומט געוואָרן.

שאגאל איז געווען אויסער זיך.

„מײַן ליבער ראָנטש, איר מוזט מיך באקאנען מיט דעם ייִדן. עפּשער איז ער גאָר פון מײַן געגנט, א וויטעבסקער? ער קוקט אויס, ווי א וויטעבסקער“.

דער ייִד איז ארונטער פון דער מאשין, צוגעקומען, דערלאנגט א פארשמירטע האנט, זיך אנטשולדיקט, און שאגאל האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון זײַן געשמאקן מינסקער ייִדיש...

י. ראָנטש. „זאמלונגען“, נומ. 31, ניו־יאָרק.

## דער הענקער איז רעאביליטירט

קאַרל זילבערבאוער — דער געוועזענער געסטאַפּאָווען, וועלכער האָט אין אָקופּירטן דורך די היטלעריסטן אמסטערדאם ארעסטירט די לעגענדארע אנע פראנק, אירע שוועסטער און עלטערן און זיי געבראכט אין קאָנצענטראציאָנס־לאגער, וווּ אנע פראנק איז געשטאָרבן אין מארט 1945, — איז ווידער אופגעשטעלט געוואָרן אף זײַן פּאָסטן אין דער ווינער פּאָליציי.

וועגן דעם האָט אין איינעם א זונטיק־נומער געמאָלדן די עסטרײַכישע „פאָלקס־שטימע“.

מיט א יאָר צוריק האָט „פאָלקס־שטימע“ דעמאסקירט דעם מערדער פון אנע פראנק זילבערבאוערן, וועלכער האָט געארבעט אין דער קרימינאַל־פּאָליציי אלס באצירק־אינספּעקטאָר.

א סאך צײַט איז אוועקגעגאנגען, ביז מע האָט אָנגעהויבן א דיסציפּלינארע אויספאָרשונג קעגן זילבערבאוערן. נאָר עס האָט זיך געהאנדלט בלויז וועגן אויסקלאָרן איין פראגע: צי איז זילבערבאוער מעכוּיעוו געווען, בייס ער איז א צווייט מאָל אָנגעקומען אף ארבעט אין דער ווינער פּאָליציי, מעלדן די מאכט־אָרגאנען וועגן דעם, אז ער האָט ארעסטירט אנע פראנק. אלדאָס איבעריקע האָט די דיסציפּלינארע קאָמיסיע ניט פארינטערעסירט.

און אזויווי די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אף אָט דער איינציקער פראגע געענטפערט נעגאטיוו, איז זילבערבאוער שטילערהייט געוואָרן רעאביליטירט און אופגעשטעלט געוואָרן אף דער ארבעט, גלײַך ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט פּאסירט.

איצט איז זילבערבאוער דער היטער פון אָרדענונג און געזעצלעכקײַט אין ווין. צי איז דאָס ניט קיין איזדעקעניש איבער יושער און גערעכטיקײַט?

וו. באי, „איזוועסטיִא“, 9 פעווראל 1965.

## אף דער פײַערונג פון 50 נומערן „גאָלדענע קייט“

צום יאָמטעוו פון 50 נומערן „גאָלדענע קייט“, וואָס איז פאָרגעקומען אין זאל פון „בניי־בריס“, איז געקומען א גרויסער אוילעם.

די רעדנער מ. גראָס־צימערמאן, י. זרובאָוועל, פּראָפ. א. טארטאקאָווער, מ. צאנין, ד״ר ל. בערנשטיין, א. סוצקעווער האָבן אין זייערע ווערטער אונטערגעשטראָכן, אז דער יאָמטעוו פון דער „גאָלדענער קייט“ איז א יאָמטעוו פון דער ייִדישער שפראך אין ייִסראָעל.

דער פאָרשטייער פון וואאד־האפּויעל פון היסטאדרוט ב. שאכאר האָט געהאלטן פאר נייטיק אין זײַן באגריסונג פאר דער „גאָלדענער קייט“ צו שטעלן אונטער א פראגע־צייכן די סאמע עקזיסטענץ פון ייִדיש. די דאָזיקע באגריסונג פון היסטאדרוט־פאָרשטייער, וועלכער זאָגט פאָרויס, אז „ייִדיש גייט טראגיש אונטער“, האָט געהאט א ביטערן בײַגעשמאק.

עס האָט אויך געקלונגען מאָדנע דער מאזלטאָוו פון י. זרובאָוועל, האלעמײַ מע קאָן שוין רעדן פרײַ ייִדיש און פײַערן אין ייִסראָעל דעם 50־טן נומער פון דער „גאָלדענער קייט“.

אין זײַן ארויסטרעטונג האָט פּראָפ. א. טארטאקאָווער אָפּגעוואָרפן די נעוויִעס־רייד וועגן אונטערגאנג פון ייִדיש, אָנווײַזנדיק צווישן אנדערן אפן דערשײַנען פון „סאָוועטיש היימלאנד“ אלס אויסדרוק פון דער קרעפטיקײַט פון דער ייִדישער שפראך.

דער רעדאקטאָר פון דער „גאָלדענער קייט“ אווראָם סוצקעווער האָט אין זײַן וואָרט וועגן דער באדײַטונג פון דערשײַנען פון 50־טן נומער פון דער ליטעראַרישער צײַטשריפט גערופן צווישן אנדערן די ייִדישע שרײַבער אין רוסלאנד און פּוילן מיטצוארבעטן אין דער „גאָלדענער קייט“. צי וואָלט דען ניט אזא פײַערונג געדארפט זײַן אן אָרט פאר אן אָנהייב פון צוגויפריידן זיך מיטן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“?

דער רעדאקציע־סעקרעטאר מ. קארפינאָוויטש האָט איבערגעלייענט א גאנצע ריי באגריסונגען, וואָס זײַנען אָנגעקומען צו דער „גאָלדענער קייט“. עס האָט ארויסגערופן אלגעמיינע קאָמענטארן, האלעמײַ דער העבראישער שרײַבער־פאריין האָט ניט צוגעשיקט קיין באגריסונג דעם יאָמטעוו פון דער „גאָלדענער קייט“.

18 פעווראל 1965, „פרײַ־ייִסראָעל“.

# כראָניק

## נײַס פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

ניט לאַנג צוריק האָבן מיר באקומען פון ביראָבידזשאן א מאגניטאָפאָן־לענטע. ארײַנגעשטעלט זי אין אפּאראט, שליסן מיר אים אײַן. די דיקטאָרן פון דער ביראָבידזשאנער ראַדיאָ־סטאנציע ווענדט זיך צו די צוהערער: „הערט א טראנסלירונג. בא אונדזער מיקראָפאָן — דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. מיר גיבן דאָס וואָרט דעם מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאַל אונדזער ביראָבידזשאנער שרײַבער בוזי מילער“.

„ווען מיר מישן אויף דאָס ערשטע זײַטל פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ פאַרן 1965 יאָר, איז דאָס וואָרט אונדזערס קוידעמקאָל געווענדט צום לייענער — דעם שטרענגן ריכטער און איבערגעגעבענעם פרײַנט“. מיט דער נײַ־יאָר־באַגריסונג פונעם זשורנאַל צו די לייענער הייבט אָן בוזי מילער דעם ראַדיאָ־רעפּאָרטאַזש.

„לאָמיר זיך דורכגיין מיט אײַך איבער די 160 זײַטן פונעם נײַ־יאָר־בוך“.

ב. מילער צוזאַמען מיט דער דיקטאָרן זעצן פאָר זייער אינטערעסאַנטן שפּאציר און דערציילן דעם צוהערער גענוי וועגן די ווערק, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל, וועגן זייערע העלדן.

צום סאָף פון דער טראנסליאַציע, וועלכע האָט געדויערט א האַלבע שעה, דערציילט ב. מילער וועגן די ראָמאַנען, פּאָעמעס, רעפּאָרטאַזשן, וואָס וועלן געדרוקט ווערן אין די ווײַטערדיקע נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד“.

●

די צײַטונג „ביראָבידזשאנסקאַיאַ זוועזדאַ“ פאַרעפנטלעכט אין פאָרזעצונגען דעם טאָגבוך פון אלעקסאַנדער פּעטשערסקי אונטערן נאָמען „דער אופשטאַנד אין סאָביבור“. מיטן אווטאָר פונעם טאָגבוך, דעם אָנפירער פונעם העלדישן אופשטאַנד אינעם היטלעריסטישן טויט־לאַגער סאָביבור, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 14 אָקטיאַבער 1944, איז אונדזער לייענער שוין באַקאַנט פון דער פאַרצייכענונג „קימאַט א לעגענדע“, וועלכע איז געווען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“.

●

נײַן פאָלקס־אוניווערסיטעטן פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אינעם אַלפאַרבאַנדישן דורכקוק, וועלכער קומט איצט פאָר בא אונדז אין לאַנד.

דעם 10 פעברואַר האָבן אינעם גערוימען זאַל פון דער אָרטיקער מיטלשול זיך פאַרזאַמלט די צוהערער פון וואַלדהיימער קולטור־אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט א לעקציע וועגן דעם לעבן און שאַפונג פונעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור שאָלעם־אַליכעמען.

צוגאַסט צו די צוהערער פונעם קולטור־אוניווערסיטעט באַם ביראָבידזשאנער קולטור־פּאַלאַץ זײַנען געקומען אָנטיילנעמער פונעם בירגערקריג אפן ווײַטן מיזרעך און אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. זיי האָבן דערציילט וועגן די רומפולע שלאַכט־טראַדיציעס פון די סאָוועטישע קריגסלײַט און זיך געטיילט מיט דערינערונגען וועגן די שלאַכטן, אין וועלכע זיי האָבן זיך באַטייליקט.

●

אינעם קלוב פון דער ביראָבידזשאנער טעקסטיל־ און ניי־פאַבריק זײַנען פאַנאַנדערגעהאַנגען גרויסע פאַרביקע צייכענונגען. זיי באַווײַזן, ווי אזוי עס וועט אויסזען דער געגנטלעכער צענטער צום 1970 יאָר. אף אַן אָוונט, געווידמעט דער דאָזיקער טעמע, איז פאַר די אַרבעטער פון דער פאַבריק אַרויסגעטראָטן דער שטאָט־אַרכיטעקטאָר יאַקאָוו גאָלדמאַן. ער האָט דערציילט וועגן דעם, אז אין די נאָענטסטע יאָרן וועט די צאָל אונטערנעמונגען און וווינונגס־הײַזער אויסוואַקסן אין ביראָבידזשאן קימאַט אין צוויי מאָל. אף דער שאָלעם־אַליכעם־גאַס וועט אויסגעבויט ווערן א גרויסער קלוב, א נײַער האָטעל, א מאָדערנע קאַפע און אַנדערע געבײַדעס.

## אין די טעאַטער־קאָלעקטיוון

אין מאַרט כוידעש איז אין ווײַסרוסלאַנד אַרויסגעטראָטן דער ייִדישער טעאַטער־אַנסאַמבל אין באַשטאַנד פונעם פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון רעספּובליק ביניאָמין שוואַרצער, די אַרטיסטן אַרן קאַהאַן, הירש לעווינזאָן, סאָניע ביניק, לייע קאָלינע, ראָזע קורץ און דעם אַקאָמפּאַניאַטאָר שימען גאָלקאָוו.

אין מינסק, האָמעל, וויטעבסק, אָרשע, מאָהילעוו, באָברויסק אאַ. האָט דער קאָלעקטיוו געגעבן צוואַנציק ספּעקטאַקלען (שאָלעם־אַליכעמס „צוויי הונדערט טויזנט“ און „טעוויע דער מילכיקער“).

●

אין ווילנע איז אינעם קולטור־פּאַלאַץ פון די פראָפאַריינען דעם 12, 13 און 15 מאַרט פאָרגעקומען די פּרעמיערע פון מוישע גערשענזאָנס קאָמעדיע „כעלעמער כאַכאָמים“, וועלכע עס האָט געשטעלט דער אָרטיקער ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו. דער ספּעקטאַקל איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג.

●




# שרייבער און ווערק

הערש סמאָליאַר ווערט א בען־שישים. זיין לעבן, זיין קאַמף און שעפערישע טעטיקייט — דאָס אַלץ איז קימאַט לעגענדע. צו 15 יאָר (1920), ווען די רויטע ארמיי האָט דורכגעמאַכט איר רומפולן מאַרש אף ווארשע און האָט באַפרייט הערש סמאָליארס געבורטשטאָט זאמבראָוו,



איז דער יונגער הערש סמאָליאַר איינגעשלאָסן געוואָרן אין באַשטאַנד פון דעם זאמבראָווער רעווקאָם אַלס פאַרשטייער פון דער יוגנט.

אין 1921 קומט סמאָליאַר אין ראַטנפאַרבאַנד. פול מיט ענערגיע און מיט שטרעבונג צו שאַפן דאָס נייע רעוואָליוציאָנערע לעבן, איז הערש סמאָליאַר אין די צוואַנציקער יאָרן א טיכטיקער קאָמיוגישער טוער אין פאַרשיידענע שטעט און אף פאַר־שיידענע פאָסטנס: סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע „יונגער ארבעטער“ (1922), רעדאַקטאָר פון דער „יונגער גוואַרדיע“ (1924). באַנאַנד דערמיט לערנט ער זיך אין קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פאַר די מיירעוו־פעלקער.

פון 1928 איז סמאָליאַר אף רעוואָ־ליוציאָנערער אונטערערדישער אַר־בעט אין פוילן. ער פירט א ברייטע פאַרטייישע און ליטעראַריש־געזעל־שאַפטלעכע ארבעט אין ווארשע, ווילנע, באַראַנאָוויטש, ביאַליסטאָק, סלאָנים.

פאַר זיין רעוואָליוציאָנערער טעטי־קייט איז סמאָליאַר ניט איין מאָל געווען אַרעסטירט (1928, 1936). פון טפיסע איז ער אַרויס אין 1939, ווען די רויטע ארמיי האָט באַפרייט די מיירעוו־געגנטן פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד (1939). הערש סמאָליאַר זעצט פאָר זיין אַקטיווע שעפערישע טעטיקייט אַלס פאַרטיי־טוער און זשורנאַליסט. ער האַלט די גאַנצע צייט א פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.

ווען דאָס פאַשיסטישע דייטשלאַנד איז אָנגעפאַלן אפן ראַטנפאַרבאַנד, איז סמאָליאַר געווען אין די פאָרנ־טיקע רייען פון קאַמף קעגן היטלע־ריזם. ער איז אן אָרגאַניזאַטאָר פו־נעם ווידערשטאַנד אין מינסקער געטאָ, קאָמיסאַר פון דעם פאַרטיזאַנישן אָטריאַד אפן נאָמען פון סערגיי לאַזאָ.

נאָך דער מילכאָמע איז סמאָליאַר אן אַקטיווער בויער פון דעם נייעם סאָציאַליסטישן לעבן אין פאָלקס־פוילן: ער איז א מיטגליד פונעם אַל־פוילישן קאָמיטעט „פראָנט פון פאָלקס־איינהייט“, מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „פויליש־סאָוועטישע פריינטשאַפט“, פאָרזיצער פון דער הויפּט־פאַרוואַל־טונג פון די יידן אין פוילן, מיט־גליד פונעם אַלפוילישן פאַרבאַנד פון די קעמפער פאַר פרייהייט און דע־מאָקראַטיע, פאָרזיצער פון פאַרטי־זאַנען־פאַרבאַנד פון יידן אין פוילן.

פון 1950 איז ער רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס־שטימע“. הערש סמאָ־ליאַר איז א ליידנשאַפטלעכער קעמ־פער קעגן געפאַר פון מילכאָמע, קעגן נאַציזם, ראַסיזם, פאַר אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָלידאַרישקייט און שאָלעם צווישן פעלקער.

הערש סמאָליאַר איז באַלוינט גע־וואָרן פון דער סאָוועטישער רעגירונג מיטן אָרדען „רויטער שטערן“, מיטן מעדאַל „פאַרטיזאַן פון דער פאָ־טערלענדישער מילכאָמע“. די רעגי־רונג פון פאָלקס־פוילן האָט באַלוינט סמאָליאַרן מיטן „גריונוואַלד־אָרדען“, מיטן אָרדען „קרייץ פון געוואַגטע“, „אָפיצערן־קרייץ“, אָרדען פון „אַר־בעטס־פאָן“ II קלאַס.

הערש סמאָליאַר איז א טעמפּעראַ־מענטפולער פובליציסט און שרייבער. אין זיינע ווערק („דער פאָשעטער זעלנער“, „יידן אָן געלע לאַטעס“, „פון מינסקער געטאָ“ אאַ.) ווערט גע־שילדערט דער העלדישער קאַמף קעגן די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן.

דעם 18 אַפּרעל איז געוואָרן 75 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער באַוווּסטער שוישפילער אַלעק־סאַנדער גראַנאַך.

זיינע ערשטע „אוניווערסיטעטן“ האָט גראַנאַך, אַלס בעקער־ייִנגל, דורכגעמאַכט אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע. אין עלטער פון 16 יאָר אַנטלויפט ער קיין דייטשלאַנד און לעבט א געוויסע צייט צווישן די רעוואָליוציאָנערע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד. אונטער זייער איינפלוס מאַכט גראַנאַך די ערשטע טריט אין דער קונסט. ער טרעט אַרויס מיט דעקלאַמאַציעס פון באָוושאָווערס, עדעלשטאַטס און ראָ־זענפעלדס רעוואָליוציאָנערע לי־דער. שפּעטער געלינגט אים אָנקו־מען אין מאַקס ריינהאַרטס טעאַטער־סטודיע, אָבער עס הייבט זיך אָן די ערשטע וועלט־מילכאָמע, און גראַ־נאַכן קומט אויס צו פאַרזוכן דעם טאַם פון אָקאָפּעס, לאַגערן פאַר קריגסגעפאַנגענע אאַוו. ערשט אין 1918 טרעט ער אַריין אַלס פּראָפעּ־סיאָנעלער אַקטיאָר אין א ווינער טעאַטער. אין 1919 קערט ער זיך



אום קיין בערלין, און אינגיכן ווערט ער איינער פון די אויפגייענדיקע שטערן אף דער דייטשישער סצענע. באַנאַנד מיט שעקספּירס שיילאָק, גע־טעס מעפיסטאָפעל, שילערס פראַנץ מאָאָר און גאָרקיס לוקאַ שאַפט גראַ־נאַך אויך פיל געשטאַלטן פון דער דייטשישער רעוואָליוציאָנערער דראַ־מאַטורגיע.

ראַטעווענדיק זיך פון די נאַציסטן, אַנטלויפט אַלעקסאַנדער גראַנאַך אין 1933 יאָר קיין פוילן, ווו ער איז

טעטיק אין ייִדישן טעאטער, מיט וועלכן ער איז אויך פריִער געווען פארבונדן. שוין זײַענדיק א בארימטער דײַטשישער אקטיאָר, פלעגט ער פון צײַט צו צײַט אופטרעטן אין ייִדיש מיט פאָרלעזונגען פון י.־ל. פערעץ, שאָלעם אש, מוישע־לייב האלפערן, ה. לייוויק, אלטער קאַציזנע אאַ.

אָנהייב 1935 קומט אלעקסאנדער גראנאך אין סאָוועטנפארבאנד. ער שפּילט די הויפּט־ראָל אין פילם „דער לעצטער טאבאָר“ (רעזשי — מ. גאָלדבלאט). אף דער סצענע פונעם קיִעווער ייִדישן מעלוכע־טעאטער טרעט ער אוף אין די ראָלן פון שיילאָק, בויטרע, פּראָפעסאָר מאמלאָק. אין 1938 יאָר פאָרט ער איבער קיין אמעריקע, וווּ ער טרעט אוף אף ענגליש אין קינאָ און אין טעאטער. דעם 4 מארט 1945 איז ער נאָך אן אומגעלונגענער אָפּעראציע געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

א. גראנאך האָט אויך פיל געשריבן. ער האָט פארעפנטלעכט אין דײַטש און אין ייִדיש אינטערעסאנטע עסייען וועגן טעאטער און ליטעראטור, צווישן זיי א ריי ליטערארישע פאָרטרעטן און פארצייכענונגען וועגן אקטיאָרן, קינסטלער און שרײַבער. אין 1948 איז אין ניו־יאָרקער „איקוף“־פארלאג ארויס גראנאכס ניט־פארענדיקטע אווטאָביִאָגראפיע „אָט גייט א מענטש“. דאָס ווערק וואקסט אריבער די ענגע ראמען פון מעמוארן־ליטעראטור, עס איז א זעלבשטענדיקער ליטעראריש־קינסטלערישער דאָקומענט, רײַך מיט פלאסטישע בילדער און געשטאלטן פון דעם ייִדישן און אוקראַיִנישן לעבן אין גאליציע ערעוו און בעשאס דעם ערשטן וועלט־קריג.

מיט 150 יאָר צוריק, דעם 15 אפרעל 1815, איז אין מאָהילעוו (פאָדאָליע) געבוירן געוואָרן דער מאסקילישער שרײַבער עליִעזער־צווי צווייפל.

ע.־צ. צווייפל האָט געשריבן לידער און דערציילונגען אין העברעיִש און אין ייִדיש. ער האָט אויך פארעפנטלעכט אייניקע ווערק אף געשיכטלעכע טעמעס. אין זײַנע פאָרשונגען וועגן דער כסידישער באוועגונג האָט ער איינער פון די ערשטע געפּרוּווט געבן אן אָביעקטיווע אָפּשאצונג פונעם כאסידיזם.



א מאָראליסט און דידאקטיקער, האָט צווייפל באהאנדלט אין זײַנע ווערק דעריקער עטישע פּראָבלעמען. ער האָט גערופן די ייִדישע פאָלקסמאסן צו באשעפטיקן זיך מיט פּראָדוקטיווער ארבעט. זײַן „קליינע וועלט אָדער אהער און אהין“ האָט שאָלעם־אלייכעם אָפּגעדרוקט אין דער „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק“. דאָס איז א גרעסערע סאטירישע פאָעמע וועגן ייִדישן לעבן אין דער ערשטער העלפט פון XIX יה.

צווייפלס ווערק, האגאם זיי זײַנען קינסטלעריש פּרימיטיוו, האָבן דאָך א געוויסע ליטעראטור־היסטאָרישע ווערט.

עליִעזער־צווי צווייפל איז געשטאָרבן דעם 18 פעווראל 1888 אין גלוכאָוו, טשערניגאָווער געגנט.

# כראָניק

## נײַס פון אויסלאנד

פון מאָסקווע קיין ייִסראָעל האָט זיך אומגעקערט דער דירעקטאָר פונעם ייִסראָעלדיקן פילהארמאָנישן אָרקעסטער צווי העפטל, וועלכער האָט דערקלערט אין טעל־אוויוו, אז אין רעזולטאט פון די געשפּרעכן, וואָס ער האָט געפירט מיט פאָרשטייער פון א ריי סאָוועטישע קולטור־אינסטיטוציעס, איז געשלאָסן געוואָרן א נײַער אָפּמאך וועגן ווײַטערדיקן קולטור־אויסטויש צווישן ייִסראָעל און סאָוועטנפארבאנד.

אין העסקעם מיט דעם דאָזיקן אָפּמאך וועט דער ייִסראָעלדיקער פילהארמאָנישער אָרקעסטער אין דער נאָענטסטער צײַט געבן א געוויסע צאָל קאָנצערטן אין א ריי סאָוועטישע שטעט. אין סאָוועטנפארבאנד וועלן אויך אופטרעטן די ייִסראָעלדיקע יונגע פּיִאניסטן אשקענאזי און פערעלמאן.

קיין ייִסראָעל וועט קומען אף א טורנע דער מאָסקווער גרויסער אָפּערע־טעאטער און דער באַלעט פון לענינגראדער אָפּערע־טעאטער אף קיראָווס נאָמען. עס וועלן דאָרט אויך אופטרעטן די בארימטע סאָוועטישע פידלער דאָוויד אויסטראך און לעאָניד קאָגאן.

אין די ראמען פון דעם פריִער אונטערגעשריבענעם אָפּמאך האָבן אין מארט כוידעש געווײַלט אין ייִסראָעל דער בארימטער סאָוועטישער וויִאָלאָנטשעליסט ראָסטראָפּאָוויטש און די באווסטע זינגערן פונעם גרויסן טעאטער גאלינא ווישנעווסקאיא. די סאָוועטישע אויספילער זײַנען אופגעטראָטן אין כײַפע, ירושאָלאיִם און טעל־אוויוו, וווּ טויזנטער מענטשן האָבן זיי אופגענומען מיט ענטוזיִאסטישע אָוואציעס.

•

דער אינסטיטוט „יאד וועשעם“ אין ירושאָלאיִם האָט ארויסגעגעבן דעם ערשטן בוך פון דער אויסגאבע „לעקסיקאָן פון העראָיִזם“ („לעקסיקאָן האגוווראָ“). די אווטאָרן פונעם בוך זײַנען י. גראנאטשטיין און מ. קאהאנאָוויטש. דער ערשטער טייל איז געווידמעט דעם קאמף פון ייִדן פארטיזאנער אין די צײַטווײַליק אָקופּירטע דורכן היטלעריסטישן דײַטשלאנד מײַרעוו־ראיאָנען פון סאָוועטנפארבאנד (ליטע, מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד און מײַרעוו־אוקראַיִנע).

אינעם בוך ווערן דערמאָנט לויטן אלעפבייס בא העכער 600 פאמיליעס פון פארטיזאנער און אונטערערדישע קעמפער. עס ווערט דערציילט וועגן דעם, וויִאזוי זיי האָבן, צוזאמען מיט אלע פעלקער פון סאָוועטנפארבאנד, געקעמפט קעגן אלגעמיינעם סוינע.

א סאך יעדיִעס פאר דעם דאָזיקן דאָקומענטאלן ווערק האָבן די אווטאָרן געשעפּט פון דער סאָוועטישער ליטעראטור, געווידמעט דער פארטיזאנישער באוועגונג בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

דער אינסטיטוט גרייט איצט צום דרוק דעם צווייטן טייל פון דער דאָזיקער אויסגאבע.

•

אין מאָנטרעאָל און אין טאָראָנטאָ זײַנען פאָרגעקומען פײַערלעכע אָוונטן, געווידמעט דעם 40־טן יאָרטאָג פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער פּרעסע אין קאנאדע.

אף די אָוונטן איז ארויסגעטראָטן דער שעף־רעדאקטאָר פון קאנאדער „וואָכנבלאט“ י. גערשמאן.

# זיי קעמפֿן

(ליד וועגן ווארשעווער געטאָ)

ווערטער — ארן ווערגעליס

מוזיק — זינאָווי קאָמפּאַנייעץ

Ojsgehaltn, nor nit farcoign

Nein, ŝvet Var-ŝe nit far-ge-sn dem Mu-
ra-no-ver raj-on, vos ge-solt ot zayn a get-to, un ge-vo-rn iz a front.
Cu di kvo-rim fun di kdoi-ŝim ku-men mentŝn a-le jor, un di vai-se xva-les
roj-ŝn-ba di ment-ŝn groi di hor. Veint nit, ba-
gist nit tre-rn nit di fon. Veint nit, es vei-nen nit di zeks mil-
lion. Zei kem-fn, zei kem-fn
2. Ŝvestes-lion zei kem-fn, zei
co-lb Mu ra nov a front

1

ניין, ס'וועט ווארשע ניט פארגעסן
דעם מוראנאָווער ראיאָן,
וואָס געזאָלט האָט זײַן א געטאָ
און געוואָרן איז א פראָנט.
צו די קוואָרים פון די קדושים.
קומען מענטשן אלע יאָר,
און די ווײַסע כוואליעס רוישן —
בא די מענטשן גרוי די האָר.

רעפרען:

וויינט ניט, באגיסט מיט טרערן ניט די פאָן.
וויינט ניט, עס וויינען ניט די זעקס מיליאָן.
זיי קעמפן,
זיי קעמפן.

2

שוועסטער אונדזערע און ברידער
אין מוראנאָווער ראיאָן —
פאר די מערדער ניט געציטערט:
אויג פאר אויג, און צאָן פאר צאָן.
זאָג ניט קיינמאָל, זאָג ניט קיינמאָל,
אז דו גייסט דעם לעצטן וועג.
קינדער אונדזערע און זקיינים
האָבן ניט געוווּסט פון שרעק.

רעפרען.

3

יעדע גאס און יעדער געסל
אין מוראנאָוו זינגט די ליד:
ניט פארגעסן, ניט פארגעסן,
ניט פארגעסן — קיינמאָל ניט!
ניין, ס'וועט קיינער ניט פארגעסן
דעם מוראנאָווער ראיאָן,
וואָס געזאָלט האָט זײַן א געטאָ
און געוואָרן איז א פראָנט.

רעפרען:

וויינט ניט, באגיסט מיט טרערן ניט די פאָן.
וויינט ניט, עס וויינען ניט די זעקס מיליאָן.
זיי קעמפן,
זיי צאָלן.
מוראנאָוו — א פראָנט.



נאפטאָלע באָטווין

סקולפּטאָר וו. באָריסענקאָ



הירש גליק, דער געטאָ־דיכטער (דאָס בילד איז געמאָלט לויטן העלד פון פּערעץ מארקישעס פּיעסע „דער אויפ־שטאנד אין געטאָ“ אין דער אויספירונג פון מוישע גאָלדבלאט).

קינסטלער ס. גרוזבערג

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)
Ежемесячный литературно-художественный журнал
Орган Союза писателей СССР
*(на еврейском языке)*
Год издания пятый
Издательство «Советский писатель»
Главный редактор А. Вергелис.





Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.



Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 11/III 1965 г. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 92.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

№ 4

1 9 6 5



**В НОМЕРЕ:**